יוסף מענדעלסאָן

# אויסגעקליבענע שריפטן

* גוואַראַניער לעגענדעס
* עסייען און אַרטיקלען

אַרויסגעגעבן דורך דער

ק ה י ל ה  פֿ ו ן  ב ו ע נ אָ ס - אײַ ר ע ס

1 9 7 4

# פאָרוואָרט

יוסף מענדעלסאָן ז״ל איז געווען פֿון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן פֿון אַרגענטינער ייִדנטום. אין דער געשיכטע פֿון ייִשובֿ פֿאַרנעמט ער זייער אַ חשובֿע פּאָזיציע ווי אַ שאַרפֿער זשורנאַליסט, אַ וויכטיקער שרײַבער און אַ פּראָמינענטער מחנך.

פֿאַרן רובֿ ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע עסקנים אין אַרגענטינע איז יוסף מענדעלסאָן געווען אַ רבי, אַ בעל־יועץ און אויך אַ חבֿר. נישט אומזיסט האָט מען אים צווישן אונדז באַקרוינט מיטן טיטל „לערער פֿונעם ייִשובֿ". ער איז געווען אַ לערער אינעם ברייטסטן זינען פֿונעם וואָרט, ווײַל זײַנע תּלמידים זײַנען געווען נישט נאָר די שילערס פֿון ייִדיש־העברעיִשן לערער־סעמינאַר, פֿון וועלכן ער איז געווען דער גרינדער און לאַנג יאָריקער דירעקטאָר. זיי פֿלעגן אים טאַקע רופֿן „מורה". אָבער נישט ווייניקער ווי זיי, האָבן זיך בײַ אים געלערנט אויך צענדליקער טויזנטער לייענערס פֿון „די אידישע צײַטונג", וווּ ער האָט אין משך פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט געטאָן די דערציִערישע אַרבעט פֿון אַן עכטן צײַטונגמענטש.

יוסף מענדעלסאָן איז, הייסט עס, געווען בעיקר אַ לערער און אַ למדן. ביכער זײַנען געווען זײַן איינציקע עשירות. מיט רעכט האָט ער אין זײַן צוואה געשריבן: „איך האָב נישט קיין פֿאַרמעגן; מײַן ביבליאָטעק איז מײַן האָב־און־גוטס".

ער איז נפֿטר געוואָרן אין 1969. דעם דעמאָלטיקן ראש־הקהל צבֿי פֿײַנגערש איז אויסגעקומען צו עפֿענען זײַן צוואה

און צו ווערן, אין אַ געוויסן זינען, דער אויספֿירער פֿון זײַן רצון; דאָס קען מען זען אינעם צוואה־טעקסט וואָס ווערט געבראַכט ווײַטער, סײַ אין פֿאַטאָסטאַט פֿון לשון־קודשדיקן אָריגינאַל, סײַ אין דער יִדישער איבערזעצונג. יוסף מענדעלסאָן האָט געשריבן זײַן צוואה דעם 15טן יולי 1958, אַ פּאָר שעה פֿאַרן אָפּפֿליִען פֿון בוענאָס־אײַרעסער לופֿטפּאָרט קיין ישׂראל. ער בעט דאָרט זײַנע פֿרײַנד אלימלך גוטקין, צבֿי פֿײַנגערש און אַלתּר הירש, פּרעזידענט, סעקרעטאַר און קאַסיר פֿון דער דעמאָלטיקער קהילה־לייטונג, זיי זאָלן אויספֿירן זײַנע צוואה־אָנווײַזונגען. ווי באַקאַנט, האָט פּ׳ גוטקין מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך באַזעצט אין ישׂראל, און פּ׳ אַלתּר הירש איז געשטאָרבן. במילא איז פּ׳ צבֿי פֿײַנגערש געבליבן דער איינציקער פֿון יוסף מענדעלסאָנס פֿרײַנד בײַ דער עובֿדה פֿון דורכפֿירן די לעצטע ווינטשן פֿונעם גרויסן נפֿטר.

דאָס אַרויסגעבן אָט דעם באַנד „געקליבענע שריפֿטן” איז בהסכּם מיט אַ בפֿירושער בקשה וואָס יוסף מענדעלסאָן האָט אַרויסגעבראַכט אין זײַן צוואה: „איך בעט די קהילה — שטייט דאָרט וואָרט בײַ וואָרט — זי זאָל אַרויסגעבן אין צוויי בענד מײַן בוך ׳גוואַראַניִער לעגענדעס׳, וואָס זײַנען אַרויס אויף יִדיש אין ׳די אידישע צײַטונג׳...; איך האָב אין דעם אַרײַנגעטאָן פֿיל אַרבעט, כּוח און ענערגיע”.

די צונויפֿשטעלערס און רעדאַקטאָרן פֿון דער פּובליקאַציע וועמען יוסף מענדעלסאָן האָט אָנגערופֿן אין זײַן צוואה — די שרײַבערס ש. ראָזשאַנסקי, ז. וואַסערצוג און ל. שאַלמאַן — האָבן אָבער פֿאָרגעלייגט דער קהילה־אָנפֿירערשאַפֿט אַן ענדערונג כּדי אַרויסצוהייבן דעם אָנדענק און די פּערזענלעכקייט פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם מחבר. אין איינקלאַנג מיט אָט דעם פֿאָרלייג, גייען אַרײַן אין דעם דאָזיקן באַנד, צוזאַמען מיט די „גוואַראַניִער לעגענדעס” וואָס יוסף מענדעלסאָן האָט מיט אַזאַ ליבשאַפֿט באַאַרבעט, אויך עטלעכע פֿון זײַנע בעס-

טע עסייען און אַרטיקלען איבער ליטעראַטור־קריטיק, גע־שיכטע און פּעדאַגאָגישער אָריענטאַציע, וואָס ער האָט גע־דרוקט נאָכן יאָר 1943, ווען אַ גרופּע חבֿרים האָט דערמעג־לעכט אַרויסצוגעבן זײַן ערשט און ביז הײַנט איינציק בוך, „אַ מאָל אין אַ האַלבן יובֿל".

ס'איז כּדאַי צו דערמאָנען אַז יוסף מענדעלסאָן האָט גע־שאָנקען זײַן גאַנצע ביבליאָטעק דער קהילה און אַז די דאָזיקע ביכער זײַנען געווען דער קערן פֿאַר דער ביבליאָטעק פֿון „מרכּז החינוך"; ווי אויך אַז די קהילה האָט באַערט מענדעל־סאָנס אָנדענק צו זײַן ערשטער יאָרצײַט אָנרופֿנדיק אויף זײַן נאָמען אָט די ביבליאָטעק. און נאָך אַ זאַך: די שפּאַנישע און רוסישע ביכער וועגן ניט־ייִדישע טעמעס זײַנען — אַלץ אין איינקלאַנג מיט די צוואה־אָנווײַזונגען — איבערגעגעבן גע־וואָרן דער ביבליאָטעק פֿון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים.

דאָס פֿאָרליגנדיקע בוך הייבט זיך אָן מיט דרײַ אַרבעטן וועגן יוסף מענדעלסאָנס לעבן און שאַפֿן, אָנגעשריבן דורך די פּענמענטשן און פֿרײַנד וואָס זיי האָט מענדעלסאָן אויסגע־קליבן ווי די „רעדאַקטאָרן און צוזאַמענשטעלערס". די דאָ־זיקע אַרבעטן גיבן אַ פֿול בילד פֿון דעם וואָס מענדעלסאָן האָט פֿאָרגעשטעלט ווי אַ מענטש, ווי אַ מחנך, ווי אַ זשורנאַליסט און ווי אַ שרײַבער, און פֿון זײַן אָרט אין דער געשיכטע פֿון אַרגענטינער ייִדישן ייִשובֿ.



יוסף מענדעלסאָן ז״ל

# יוסף מענדעלסאָנס צוואה

בוענאָס־אײַרעס, דעם 14טן יולי 1958, בײַ דער נאַכט.

מיט אַ לויטערער מחשבֿה און מיט קלאָרן, דורכגעטראַכטן געדאַנק שרײַב איך אָן די ווײַטערדיקע שורות:

אין געציילטע שעהען אַרום וועל איך אָפּפֿליִען פֿון עסייסאַ מיט אַן עראָפּלאַן פֿון דער „שווייצאַרישער געזעלשאַפֿט פֿאַר לופֿט־טראַנספּאָרט״. איך פֿאָר קיין ארץ־ישׂראל דאָס צווייטע מאָל שוין (דאָס ערשטע מאָל האָב איך פֿאַרבראַכט אין ישׂראל צווישן נאָוועמבער 1948 און פֿעברואַר 1949).

איך ווייס נישט פֿאַר וואָס, אָבער מײַן געמיט איז דאָס מאָל זייער באַטריבט; אַ מין מאָדנע דערשלאָגנקייט האָט מיך באַהערשט און איך ווייס אַליין באמת נישט וואָס מיט מיר איז. אַ שטאַרקער אומעט האָט מיך באַפֿאַלן — האָב איך בײַם פּאַקן זיך צו דער נסיעה און בײַם אײַנסדרן און אָפּקלײַבן די פּאַפּירן וואָס כ׳וועל מיטנעמען קיין ישׂראל, באַשלאָסן צו פֿאַרצייכענען אָט די שורות, ווי אַ מין צוואה. ווער ווייס וואָס עס קען זיך טרעפֿן. אַ בן־אָדם ווייס נישט וואָס דער טאָג וועט ברענגען און ווען זײַן סוף וועט קומען... און בפֿרט ווען אַזאַ מענטש ווי איך — אַ קראַנקער אויף הויכן בלוטדרוק און אויף אַ דרוק פֿונעם אָדער איבער דער לינקער האַרצקאַמער — לאָזט זיך אַרויס אויף אַזאַ מסוכּנער און לאַנגער נסיעה וואָס שעפּט־אויס זײַנע כּוחות, דאַרף מען עפּעס פֿאַרצייכענען... היות איך בין איינער אַליין, אַן עלנטער זינט ס׳איז געשטאָרבן מײַן ווײַב.

טאָמער קער איך זיך פֿון מײַן וועג נישט צוריק, בעט איך בײַ דער קהילה — וואָס בײַ איר האָב איך געאַרבעט ווי דער דירעקטאָר פֿונעם סעמינאַר, וועלכן איך האָב געגרינדעט און אַנטוויקלט מיט מײַנע בעסטע כּוחות — מען זאָל מײַן גוף ברענגען צו קבֿורה אין מײַן

ווײַבס קבֿר אין בוענאָס־אײַרעס, אויף ליניערס; דאָס איז מײַן לעצטע און ווײכטיקסטע בקשה. איך האָב נישט קיין פֿאַרמעגן: מײַן ביבליאָ־טעק איז מײַן האָב־און־גוטס. זי געפֿינט זיך כּמעט אין גאַנצן אין מײַן שטוב, און אַ ווײכטיקער טייל איז דאָ אין סעמינאַר (מײַן סעק־רעטאַר ווייס וועלכע ביכער דאָרטן זײַנען מײַנע און וועלכע — פֿון סעמינאַר). די צאָל ביכער דערגייט קרובֿ צו אַכט טויזנט און זייער ווערט אין געלט באַטרעפֿט (אָן ערך) נישט ווינציקער ווי אַ האַלבער מיליאָן פּעזעס. מיט דעם וויל איך נאָך אַ מאָל און אײַגנהאַנטיק באַ־שטעטיקן אַז די גאַנצע ביבליאָטעק (אַחוץ באַלזאַקס שריפֿטן אויף שפּאַניש, וואָס איך האָב צוגעזאָגט מײַן פּלימעניצע עוואַ) לאָז איך איבער דער קהילה פֿאַר דעם סעמינאַר; די ביכער אויף שפּאַניש וואָס זײַנען נישט פֿון דעם מין פֿון חכמת־ישׂראל, וועלן איבערגעגעבן ווערן דורך דער קהילה דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק אין ירושלים: דאָרטן דאַרף מען זיי נייטיקער האָבן. אַלע אַנדערע ביכער זאָל מען אַרײַננעמען אין דער סעמינאַר־ביבליאָטעק און זאָלן די תּלמידים פֿון זיי לערנען.

איך בעט בײַ דער קהילה מען זאָל אַרויסגעבן מײַן בוך (אין צוויי בענד) לעגענדעס פֿון די גוואַראַניִער שבֿטים, וואָס איז געדרוקט גע־וואָרן אויף ייִדיש אין „די אידישע צײַטונג" אין די יאָרן 1936/37; איך האָב אין די זאַכן אַרײַנגעטאָן פֿיל אַרבעט, כּוחות און ענערגיע... ס'איז מײַן בקשה צו דער קהילה, זי זאָל טאָן די דאָזיקע זאַך אויף מײַן נאָמען און כּדי מיר צו שטעלן אַ דענקמאָל, היות איך אַליין האָב נישט זוכה געווען אַרויסצוברענגען אויף דער ליכטיקער שײַן אָט די ווײכטיקע אַרבעט.

איך לייג־פֿאָר, אַז די רעדאַקטאָרן און צוזאַמענשטעלערס וואָס מען באַדאַרף כּדי אַרויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך זאָלן זײַן מײַנע פֿרײַנד ש. ראָזשאַנסקי, ז. וואַסערצוג און ל. שאַלמאַן — זיי וועלן זי־כער זיך נישט אָפּזאָגן נאָכצוקומען דעם רצון פֿון אָט דעם מענטשן וואָס זיצט, שוין שפּעט אין דער נאַכט, און שרײַבט די שורות אין וועלכע ער ברענגט אַרויס אפֿשר זײַן לעצטן ווונטש. טאָמער וועלן

נאָך מיר בלייבן חובות, בעט איך פֿאַרקויפֿן מיינע שטובזאַכן, די מעבל אאַז״וו און באַצאָלן די חובות, וואָס זיינען נישט קיין גרויסע... צוזאַמען מיטן געהאַלט וואָס וועט מיר קומען פֿון דער קהילה, וועט דאָס זיין איבער גענוג.

ס׳איז מיין בקשה צו מיינע חברים — ה׳ אלימלך גוטקין דער ראש־הקהל, ה׳ פֿיינגערש דער סעקרעטאַר און ה׳ הירש דער קאַסיר, און אויך צו אַלע לייטונג־מיטגלידער, זיי זאָלן נאָך מיר אויספֿירן דאָס וואָס ווערט דאָ געשריבן. זיי וועלן זיך געוויס נישט אָפּזאָגן... און זאָלן זיי זיין געבענטשט.

די דאָזיקע שורות זיינען געשריבן געוואָרן מיט מיין אייגענער האַנט (מיט די תיקונים און מיטן אויסגעמעקטן), כּדי זיי זאָלן גע־זעצלעך גילטן ווי אַ צוואה וואָס מען רופֿט מיטן אויסדרוק „אָלאָ־גראַפֿיש״, ד״ה, הכּל מאושר ושריר וקיים.

נאום יוסף בן הלל למשפחת מנדלסון

שמואל ראָזשאַנסקי

# יוסף מענדעלסאָן

דאָנערשטיק דעם 19טן יוני 1969 — ג׳ תמוז ה׳תשכ״ט — 13.10 אַ זייגער, איז אויסגעגאַנגען, נאָך אַ האַרץ־אַטאַקע, דער דעקאַן פֿון יידישן זשורנאַליזם אין אַרגענטינע, דער מיטגרינדער און במשך פֿון 20 יאָר דירעקטאָר פֿון העברעיִש־יידישן לערער־סעמינאַר ביי דער קהילה פֿון בוענאָס־איירעס, בלי שום ספק דער געלערנטסטער ייִד, וואָס אונדזער יישובֿ האָט פֿאַרמאָגט, וועלכער האָט בלי שום ספק פֿאַרדינט דעם נאָמען רבי, יוסף מענדעלסאָן ז״ל.

עס גייט אַ ריס אין האַרצן, ווען מ׳דאַרף שרייבן ביים נאָמען יוסף מענדעלסאָן ז״ל, ווייל יוסף מענדעלסאָן איז געווען די פֿאַרקערפּע־רונג פֿון פערמאַנענטער טעטיקייט, דינאַמיזם, קאָנטאַקט מיט מענטשן. ער האָט פערמאַנענט געלייענט, געלערנט (זיך און יענעם) און ביזן לעצטן אָטעמצוג געשריבן. נישט בלויז ביים שרייבטיש און געזונ־טערהייט האָט ער געשריבן, נאָר אַפילו ווען ער איז געלעגן קראַנק אין בעט, און ער איז אָפּט געלעגן קראַנק, און אָפּט געהאַט צו טאָן מיט דאָקטוירים, און דאָקטוירים האָבן אים אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווייל ער האָט געהאַט צווישן יידישע דאָקטוירים תּלמידים זיינע און האַרציקע פֿריינד, פֿאַרערערס און חסידים, פונקט ווי ער האָט זיי געהאַט צווישן ברייטן עולם, וועלכער האָט אַרויפֿגעקוקט צו אים מיט יראַת־הכּבֿוד. שרייבן איז געווען זיין סטיכיע, פונקט ווי לייענען און לערנען (זיך און יענעם) איז געווען זיין סטיכיע.

פֿאַר אַ סך, אַ סך, וועלכע האָבן פֿון מענדעלסאָנס פּטירה נישט געוווּסט — ווײַל אין דעם טאָג פֿון דער לוויה, פֿרײַטיק דעם 20סטן מײַ זײַנען אין לאַנד קיין צײַטונגען נישט אַרויס — וועט דעריבער די דאָזיקע טרויעריקע ידיעה אַראָפּפֿאַלן ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. ווײַל יוסף מענדעלסאָן, הגם ער האָט בקרובֿ, דעם 1טן נאָוועמבער, באַדאַרפֿט ווערן 80 יאָר, און הגם ער איז געווען פּענסיאָנירט, סײַ פֿון „די אידישע צײַטונג“ און סײַ פֿון לערער־סעמינאַר, איז ער נישט געווען „צוריקגעצויגן“. ווי די לייענערס ווייסן, איז ער, אויף וויפֿל עס דערלויבט דאָס געזונט פֿון עמעריטור, ווײַטער געווען מיטאַרבעטער פֿון „די אידישע צײַטונג“. נאָך אַ טאָג פֿאַר זײַן פּטירה איז דערשינען, אונטער זײַן נאָמען, זייער אַ וויכטיקער אַרטיקל, „אַ גבֿורות־יובֿל וואָס פֿאַרדינט צו ווערן אָפּגעמערקט“, און דאָס איז געווען דער ערשטער פֿון די צוויי אַרטיקלען, וואָס ער אַליין האָט נאָך געבראַכט אין אונדזער רעדאַקציע. און ווי די לייענערס ווייסן, איז יוסף מענדעלסאָן, נישט געקוקט אויף זײַן טיפֿער עלטער, געווען אין זײַן שרײַבן לעצטנס קלאָרער, שאַרפֿער און אינהאַלטרײַכער און נאָך מער קעמפֿעריש ווי ווען עס איז. די אַרטיקלען, וואָס ער האָט געדרוקט אין „די אידישע צײַטונג“ אין דער לעצטער צײַט, איבער הויפּט אויף אַקטועלע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעמעס, האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם און זײַנען געלייענט געוואָרן מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, ספּעציעל די אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט זיך אָפּגערופֿן וועגן זײַן לערער־סעמינאַר און פֿאַר דער אויסבילדונג פֿון ייִדישע לערערס אין אַרגענטינע. ער האָט מיט אײַזערנער לאָגיק און מיט רירנדיקער קלאָרקייט אויפֿגעוויזן, אַז די ענדערונגען, וועלכע זײַנען אײַנגעפֿירט געוואָרן קעגן דעם לערער־סעמינאַר זײַנען ממש אַן אומגליק (אַזוי האָט ער בפֿירוש ברייט אויפֿגעוויזן) פֿאַר דער אויסבילדונג פֿון אַ טיפֿ ייִדישן לערער, אין וועלכן אונדזערע שולן נייטיקן זיך, און דערפֿאַר האָט ער געפֿאָדערט, אַז די דאָזיקע מיסיע, די אויסבילדונג פֿון ייִדישע לערערס אין בוענאָס־אײַרעס זאָל צוריק ווערן די אויפֿגאַבע, די צענטראַלע אויפֿגאַבע, פֿון דעם העברעיִש־ייִדישן לערער־סעמינאַר

ביי דער קהילה, ווי דאָס איז געווען במשך צענדליקער יאָרן. און מיט אַזאַ קלאָרקייט און שאַרפֿקייט האָט יוסף מענדעלסאָן זיך איינ־געשטעלט פֿאַר יידיש. ער, וואָס האָט אין „די אידישע צייטונג" גע־קעמפֿט דורך הונדערטער אַרטיקלען פֿאַר אַריינפֿירן העברעיִש אין אונדזער שולוועזן ווי אין אונדזער קולטורוועזן, נישט אויף אָפּצוקר־מען, נאָר מיטן גאַנצן האַרצן, און דאָס האָט ער אַליין געטאָן אויך אין דער פּראַקטיק, רעדאַקטירנדיק העברעיִשע ביכער, דרוקנדיק העברעיִשע אַרטיקלען, איינפֿירנדיק די ברייטסטע פּראָגראַם פֿון העב־רעיִש אינעם לערער־סעמינאַר, ער האָט אָבער גלייכצייטיק געפֿאָ־דערט די אידלסטע באַציִונג צום יידישן לשון, ווייל צווייִשפּראַכיקייט — יידיש און העברעיִש, העברעיִש און יידיש — מוז זיין דער יסוד פֿון יידישן לעבן אומעטום, אָן אונטערשייד, ווייל דאָס איז אַ גאַראַנטיע פֿאַר דעם נאַציאָנאַלן לעבן. אָט אָ די אידייען האָט יוסף מענדעלסאָן טיפֿזיניק אויסגעדריקט אין די לעצטע חדשים אין „די אידישע צייַ־טונג", בעת די דאָזיקע פּראַגעס, אין פֿאַרטיידיקונג פֿון יידיש, זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אויפֿן סדר־היום פֿון אונדזער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

ווי אַ ציוני אַלע זיינע יאָרן, האָט יוסף מענדעלסאָן געהאַט די באַזונדערע פּריווילעגיע צווישן די נאַציאָנאַלע קרייזן, און ווי אַ למדן, ערודיט און ברייט־פֿאַרנעמיקער קולטורמענטש האָט יוסף מענדעלסאָן געגאָסן פֿון גאָר אַ באַזונדערן דרך־ארץ און פֿאַרערונג פֿון די אַלגע־מיינע יידישע קולטור־קרייזן, אַפֿילו פֿון די קעגנערס.

דערפֿאַר איז יוסף מענדעלסאָנס פּטירה אַ גרויסער קלאַפּ פֿאַר דעם אַרגענטינער יישובֿ און דערפֿאַר איז זיין נאָמען איינגעקריצט אין זכּרון און אין האַרצן פֿון טויזנטער, טויזנטער יידן, ווי אויך ביי דער מאַסע יוגנט, וואָס אַ טייל געפֿינט זיך שוין אין ישׂראל, אַ יוגנט וואָס האָט געגאָסן פֿון דעם גייסט און פֿון דעם וויסן, וואָס האָט אַרויס־געשטראַלט פֿון ר' יוסף מענדעלסאָן.

*

יוסף מענדעלסאָן איז געבוירן געוואָרן אין טשערקאַס, ביי קיעוו, אוקראַינע, דעם 1טן נאָוועמבער 1889. דער טאַטע, הלל, אַ ייִד אַ למדן, האָט געהאַט סמיכה, אָבער קיין רבֿ נישט געוואָלט זיין און ליי־בערשט זיך פּאַרנומען מיט מסחר, און אַז עס איז אים נישט געגאַנגען אין מסחר, איז ער געוואָרן אַ גמרא־מלמד. ער אַליין האָט זיך עס פּאַרנומען מיט זיין גערעכטעגעם זון, וואָס איז שוין צו די 7 יאָר טיף אַריינגעדרונגען אין גמרא. „יאָסקע", אַזוי האָט מען אים גערופֿן (און אַזוי האָט אים שפּעטער זיין לעבנס־באַגלייטערין, ברכה, גערופֿן: „יאָסקע") איז געווען אַן עילוי. אַ חדר איז פֿאַר אים געווען צו באַ־גרענעצט. אַפֿילו אין ישיבֿה, ווו ער איז אַוועק צו די 13 יאָר, אין קרעמענטשוג, ביי ר' אליעזר עפּשטיין, וואָס איז אָנגערופֿן געוואָרן דער מתנגדישער גדול, איז אים גאָר גיך ענג געוואָרן. און ער איז אַוועק אין קלויז, אין בית־מדרש לערנען. און דאָ, אַ פֿריער מענטש, זיך אַ נעם־געטאָן נישט בלויז צו ספֿרים, ווי ער אַליין האָט געוואָלט, נאָר אויך צו פֿרעמדע שפּראַכן. ווי אַן עקסטערן גענומען אָפּגעבן עקזאַמען אין גימנאַזיע און אַזוי, ווי אַן עקסטערן, האָט ער זיך גראַ־דוירט. זיך גראַדוירט און — ווייטער געלערנט. עטלעכע מאָל, שפּע־טער, אָנגעהויבן לערנען אין אוניווערסיטעט. אַפֿילו ווען ער איז שוין געווען אַ פּראָפֿעסיאָנעלער ייִדישער שרייבער, אין בוענאָס־איירעס, געלערנט אין אוניווערסיטעט. אין רוסלאַנד האָט ער דאָס נישט גע־קענט דערגרייכן, איבער דער פּראָצענט־נאָרמע. דערפֿאַר איז ער אין יאַנואַר 1912 אַוועק פֿון רוסלאַנד קיין אַרגענטינע. און יוסף מענדעל־סאָנס לעבן ווי אַ ייִדישער שרייבער הייבט זיך טאַקע אָן פֿון 1912.



נאָך אין רוסלאַנד האָט מענדעלסאָן אָנגעהויבן זיך דרוקן. דאָס איז געווען אויף רוסיש, אין רוסישע צייטונגען. דער דראַנג צו שרייבן איז אָבער שוין דעמאָלט געווען נישט קליין. דאָס זעט מען דערפֿון, וואָס ווי נאָר ער איז אָנגעקומען אין אַרגענטינע און ער האָט באַלד געקראָגן אַ לערער־פּאָסטן אין אַ ייִק"אַ־שול אין פּאַלאַסיאָס, האָט ער

נישט לאַנג געוואַרט און אַרײַנגעשיקט אַן אַרטיקל אין דעם ציוניס־טישן זשורנאַל „יודישע האָפֿענונג", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין בוענאָס־אײַרעס אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם סובטעלן שרײַבער י. יאָסעלעוויטש. דאָס איז געווען אַ פֿעליעטאָן און די טעמע איז געווען „פּרץ סמאָלענסקין". און אין אָט דער פֿאָרעם, ווי יוסף מענדעל־סאָן האָט דעבוטירט, איז אָפּגעשפּיגלט זײַן גאַנצער לעבנסגאַנג: ער שרײַבט אויף ייִדיש וועגן אַ העברעיִשן שרײַבער, וואָס איז געווען אַ שאַרפֿער העברעיִסט, און ער דרוקט זיך גלײַך צו זײַן דעבוט אין אַ ציוניסטישן זשורנאַל. דער גורל האָט נאָך געוואָלט — מען וואָלט געקענט זאָגן, אַז אין דעם שטעקט אַן אצבע אלוקים — אַז יוסף מענ־דעלסאָן זאָל זײַן ערשטע פּאָזיציע אין זײַן לעבן פֿאַרנעמען ווי אַ לע־רער אין פּאַלאַסיאָס און וועגן פּאַלאַסיאָס זאָל זײַן דער לעצטער אַר־טיקל זײַנער, מיט וועלכן ער האָט זיך אָפּגעזעגנט אויף די שפּאַלטן פֿון „די אידישע צײַטונג"...

שוין אין פּאַלאַסיאָס האָט יוסף מענדעלסאָן געוויזן זײַנע אויסער־געוויינלעכע פֿעיִקייטן ווי אַ לערנער. עס האָט בײַ אים גענומען נישט מער ווי אַ יאָר, 1 יאָר, און ער האָט זיך אַזוי אַרײַנגעלערנט און אַרײַנ־געלעבט אין דער שפּאַנישער שפּראַך, אַז ער איז געוואָרן אויך דער דירעקטאָר איבער די אַלגעמיינע לימודים פֿון דער שול.

מענדעלסאָן וווינט אין פּאַלאַסיאָס ביז סוף 1917, אָבער שוין אין 1916 גיט ער זיך אָפּ אין גאַנצן צו ליטעראַרישער טעטיקייט. ער רעדאַקטירט צוזאַמען מיטן שרײַבער ז. ברכות דאָס צווייוואָכנבלאַט „דער קאָלאָניסט", וואָס ווערט אַרויסגעגעבן אין דאָמינגעס, פּראָווינץ ענטרע־ריאָס, און דאָרטן הייבט ער זיך אָן באַווײַזן ווי אַ פֿילזײַטי־קער שרײַבער. ער דרוקט אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור אונטער זײַן אייגענעם נאָמען און דרוקט אונטער פֿאַרשיידענע פּסעוודאָנימען פֿעליעטאָנען און אַרטיקלען, אין וועלכע ער אַטאַקירט די ייִק"אַ און אירע פֿירונגען לגבי די קאָלאָניסטן. ביז ער קומט אין דעצעמבער 1917 אין בוענאָס־אײַרעס און גייט־אַרײַן אין דער רעדאַקציע פֿון „די אידישע צײַטונג".

דאָ, אין „די אידישע צײַטונג״ האָט זיך יוסף מענדעלסאָן אַרײַנ־געלאָזט אין שרײַבערײַ מיט זײַן גאַנצן לײַב־און־לעבן. ער איז גיך געוואָרן דער פּראָדוקטיוּוסטער ייִדישער צײַטונג־שרײַבער, וועלכער האָט אין דער צײַטונג אויך געקענט שרײַבן ווי פֿאַר אַן ערנסטן זשור־נאַל. ער האָט געקענט שרײַבן גרינג און ער האָט געקענט שרײַבן שווער. עס איז אָפּהענגיק געווען, וואָס און וועגן וואָס ער האָט גע־שריבן. אין אים איז געווען אַ זשורנאַליסט, און עס איז אין אים גע־ווען אַ פּובליציסט, און עס איז אין אים געווען אַן איבערזעצער, און עס איז אין אים געווען אַ היסטאָריקער. ער האָט אַרויסגעוויזן חוש און טעמפּעראַמענט פֿאַר אַלערליי זשאַנערן. קיין לידער האָט ער קיין מאָל ניט געשריבן, אָבער גרויסע פּאָעטן האָט ער אַזוי ליב געהאַט און פֿאַרערט, אַז ער האָט געקענט בײַם שרײַבן ציטירן גאַנצע שטי־קער פֿון זייערע שאַפֿונגען אויף אויסנווייניק, און עס זאָל אין די ציטאַטן קיין איין וואָרט נישט איבערגעגעבן ווערן אַנדערש ווי אין אָריגינאַל...

אַזוי איז יוסף מענדעלסאָן געווען אין די יאָרן 1923—1929 שעף־רעדאַקטאָר פֿון „די אידישע צײַטונג״, אָבער זײַן אַרבעט ווי אַ שרײַ־בער איז דורך דעם אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן. ער האָט נישט בלויז קאָנטראָלירט דעם מאַטעריאַל פֿון דרויסנדיקע שרײַבערס און די רעדאַקציאָנעלע אַרבעט אינעווייניק, נאָר ער האָט עטלעכע מאָל אין דער וואָך געשריבן לייט־אַרטיקלען, זײַנע פֿעליעטאָנען „לײַכטע שמועסן״ אונטערן פּסעוודאָנים „ברוך דער גרינער״, קאָמענ־טאַרן אונטער זײַנע פּסעוודאָנימען בן־הלל, נעמאָ, דיקסי, א. טשער־קאַסקי, ווי אויך אומצייליקע אַרטיקלען וועגן שרײַבערס, ייִדישע און העברעיִשע, שפּאַנישע, רוסישע; וועגן היסטאָריקערס און היס־טאָרישע געשעענישן. ער איז געוואָרן דער אויטאָריזירטסטער ייִדי־שער שרײַבער אויף שפּאַנישע טעמעס. צו דעם אַלעמען נאָך אַנאַנד איבערגעזעצט דערציילונגען און ראָמאַנען פֿון העברעיִש און שפּאַ־ניש, פֿון רוסיש און פֿון ענגליש, פֿון פֿראַנצייזיש און, מיט גאָר אַ באַזונדערער ליבשאַפֿט, באַאַרבעט פֿאָלקס־מעשׂיות פֿון לאַטיין־אַמע־

ריקאַנער שרײַבערס, איבערגעבנדיק זיי מיט דערציילערישן חן. זײַן לײַדנשאַפֿט צו ליטעראַטור איז געווען אַזוי גרויס, אַז כאָטש ער האָט אַליין קיין פּערזן קיין מאָל נישט געשריבן, האָט ער זיך נישט געקענט אָפּהאַלטן פֿון איבערזעצן לידער און פּאָעמעס פֿון פֿרעמדע שפּראַכן, אויב זיי האָבן אים באַגײַסטערט. די דאָזיקע ליטעראַרישע אַרבעט איז בײַ מענדעלסאָנען געגאַנגען זײַט בײַ זײַט מיט זײַן ביז גאָר אויסגעשפּרייטער זשורנאַליסטישער אַרבעט, אין וועלכע ער האָט באַרירט אַלע געשעענישן אין אַרגענטינע גופֿא, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע, ספּעציעל אויפֿן געביט פֿון שול און הויכבילדונג, וואָס אין דעם איז ער געווען גאָר ספּעציאַליזירט. יעדן טאָג געווען באַהאַוונט אין דער לאַנד־פּרעסע און חוץ דעם נאָכפֿאָלגן דאָס געדרוקטע וואָרט פֿון דער ניט־ייִדישער וועלט, אויך אין ענגליש, געהאַט אַ באַזונדער פֿאַרגעניגן זיך צונויפֿצוקומען מיט שפּאַנישע שרײַבערס און זשורנאַליסטן, און הנאה געהאַט צו נאַשן פֿון זיי בײַ אַ געדעקטן טישל, בײַ אַ קאַווע, בײַ שיחת־חולין.

מענדעלסאָן האָט חוץ אומצייליקע קורצע שאַפֿונגען פֿון אָן אַ שיעור שרײַבערס איבערגעזעצט גאַנצע ביכער פֿון בלאַסקאָ איבאַניעז און טשאַרלס דיקענס, פֿון פּיער בענואַ און עמיל זאָלאַ, פֿון מאַנועל גאַלוועס און אַלבערטאָ גערשונאָוו, פֿון גוסטאַוואָ בעקער און מאָר־דאָווצעוו.

און זײַנע פּערזענלעכע באַציִונגען מיט וויכטיקע ניט־ייִדישע שרײַבערס האָבן געהאָלפֿן, אַז ער זאָל דינען ווי אַ פֿאַרבינדלער אין וויכטיקע און נייטיקע פֿאַלן. אַזוי, למשל, איז אַ דאַנק אים געלונגען דורכצופֿירן, אַז דער אַרגענטינער „פּען־קלוב" זאָל אין 1932 אײַנאָר־דענען אַ קבלת־פּנים לכּבֿוד דעם דעמאָלטיקן שליח פֿון ייִדישן וויסנ־שאַפֿטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, זלמן רייזען, וועלכער איז געווען אין אַרגענטינע אין שליחות פֿון „ייִוואָ", און די דאָזיקע פֿײַערלעכע אויפֿנאַמע האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רושם, ווײַל זי איז געווען אַ דע־מאָנסטראַציע פֿון פֿרײַנדשאַפֿט צווישן דער אַרגענטינער קולטורוועלט און דער ייִדישער.

*

יוסף מענדעלסאָן האָט אויף די שפּאַלטן פון „די אידישע צײַטונג" אָריענטירט צו מאַכן ממש אַ רעוואָלוציע אין היגן נאַציאָנאַלן לעבן. ער האָט געאַקערט דעם באָדן פאַר דעם ציוניסטישן געדאַנק און דער קרן־היסוד האָט פון זײַן פעדער באַקומען אָן אַ שיעור אויפקלערונג און וואַרעמע דערמוטיקונג. ער האָט געהאַלטן אין איין וועקן, צו באַקערן זיך אויף די וועגן פון נאַציאָנאַלן געדאַנק און פון ציוניזם. עס איז דערפאַר סימפּטאָמאַטיש, וואָס אַלע שליחים, וועלכע זײַנען נאָר ווען עס איז געקומען אין אַרגענטינע, די גרעסטע שבגרעסטע, האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב און פאַר זייער גרויס פאַרגעניגן צו זײַן מיט אים נאָענט, ווי צום נאָענטסטן. און דערפאַר, אַז ער האָט שפּעטער אָנגעהויבן באַזוכן ארץ־ישראל און מדינת־ישראל, איז ער געווען גאָר אַ געהויבענער און אָנגעלייגטער גאַסט בײַ די גדולי־ישראל און ספּעציעל בײַ די מלוכה־לײַט פון ישראל, דעם נשיא און די מיניסטאָרן אײַנגעשלאָסן.

אין מענדעלסאָנען האָט די יעווסעקציע געהאַט איר אומקאָמפּראָמיסלעכן קעגנער, וועלכער האָט זי באַקעמפט אויפן שאַרפסטן אופן, אַפילו ווען דאָס האָט געשמעקט מיט „פינצטערער רעאַקציע", ר״ל... מענדעלסאָן האָט זיך נישט געשראָקן פאַר שונאים. ער האָט זיי נישט אויסגעמיטן. ער האָט געהאַט קוראַזש צו גיין קעגן־אַנטקעגן נישט בלויז פון אײנצלנע, נאָר אויך פון אַ סך... ער האָט אַפילו געקענט זײַן קעגן זײַנע בעסטע חברים און ער איז נישט נתפעל געוואָרן, אויב דאָס קען אים פאַרשאַפן האַרצווייטיק און פאַרלירן פרײַנד. און טאַקע צוליב אָט דעם מוט האָט ער נישט בלויז נישט פאַרלוירן טייל פון זײַנע איבערגעגעבנסטע פרײַנד, קעגן וועלכע ער איז אַרויסגעטראָטן, נאָר ער האָט זיי, פאַרקערט, גאָר נאָך מער געוווּנען פאַר פרײַנד.

מען האָט פאַר יוסף מענדעלסאָנען געהאַט אַ טיפן דרך־ארץ און מען האָט פאַר אים אויך מורא געהאַט...

ער האָט דערפאַר מיט דער הייסטער ליבשאַפט ליב געהאַט ייִדיש,

כאָטש ער איז געווען אַ חובֿבֿ העברעיִש, און האָט קיין מאָל זיך נישט אָפּגעהאַלטן פֿון אײַנצושטעלן זיך דאָ פֿאַר דעם צד און דאָ פֿאַרן אַנדערן צד. ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין פֿאַרגליוווערטער אין קיין דאָגמעס. כאָטש ער האָט אַ סך יאָרן געהערט צו די פּועלי־ציון און אַ שטיקל צײַט, אין די פֿריִערדיקע יאָרן, רעדאַקטירט דעם פּועלי־ציוניסטישן אָרגאַן „די נײַע צײַט", האָט ער אויך מיטגעאַרבעט אין זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד", וואָס איז אַרויס ביז 1917 אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם בונדיסט פּ. וואַלד. יוסף מענדעלסאָן האָט מיטגעאַרבעט אין אַלע פּיאָנערישע העברעיִשע אויסגאַבעס, וואָס זײַנען דערשינען אין לאַנד, ווי אין „הבימה העבֿרית", וואָס עס האָט רעדאַקטירט אַ לײַדנשאַפֿטלעכער העברעיִסט, און ער האָט מיטגעאַרבעט אין „דרום־אַמעריקע", וואָס עס האָט אין 1926 רעדאַקטירט דער דעמאָלטיקער יִדישיסט ה. בלאָשטיין.

דער וויכטיקסטער שריט פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון אייגענעם יִדישן ליטעראַרישן צווײַג אין אַרגענטינע איז געווען דאָס דערשײַנען פֿון דעם זאַמלבוך „אויף די ברעגן פֿון פּלאַטאַ", וואָס „די אידישע צײַטונג" האָט אַרויסגעגעבן, און דאָס דאָזיקע זאַמלבוך איז דערשינען אין 1919 אויף מענדעלסאָנס איניציאַטיוו און אונטער זײַן רעדאַקציע. שפּעטער, אין 1921, איז דערשינען אַ קורצע צײַט אַ זשורנאַל „אַרגענטינע", און דאָס איז אויך געווען אונטער זײַן רעדאַקציע בשותּפֿות מיט ישׂראל העלפֿמאַן.

יוסף מענדעלסאָנס גרויסער אויפֿטו, וואָס האָט באַקומען אַן אָפּקלאַנג אין דער ברייטער יִדישער וועלט, איז אָבער געווען דאָס „רש״י"־בוך, וואָס איז אונטער זײַן רעדאַקציע דערשינען אין 1940, צו רש״יס 900סטער יאָרצײַט; אַ ווערטפֿול זאַמלבוך, וואָס האָט אַרויסגעהויבן דעם אַרגענטינער יִשובֿ און ווי אַ געלערנטן אַרויסגעהויבן מענדעלסאָנען אין די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט.

מיט אַ יאָר פֿריִער, אין 1939, איז דערשינען אונטער זײַן רעדאַקציע, אויף שפּאַניש, אַ זאַמלבוך לכּבֿוד דעם האַלבן יאָרהונדערט פֿון דער יִדישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און די וויכטיקסטע

מאָנאָגראַפּיעס, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין אָט דעם זאַמלבוך, וויכטיקע מאָנאָגראַפיעס פאַר יידישער געשיכטע בכלל, פאַרן געדאַנק פון ערדאַרבעט און בפרט פאַר דער אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע, זיי־נען אָפּגעדרוקט אין זיין דיקן און יוסטן באַנד פון 510 זייטן, וואָס אַ ספּעציעלער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אין 1943, אַ בוך וואָס טראָגט דעם טיטל „אַ מאָל אין אַ האַלבן יובל". אין דעם דאָזיקן בוך האָט זיך באַוויזן דער פּראַקטיקער און געלערנטער שרייבער מיט אַ קליינטשיקן טייל פון זיין לאַנג־יאָריקער שרייבערישער אַרבעט.

די גרעסטע אַרבעטן, וואָס מענדעלסאָן האָט שרייבעריש בייגע־טראָגן, געפינען זיך איינגעזאַמלט אין זאַמלביכער (לכבוד 25 יאָר פון „די אידישע צייטונג"), ווי אויך אין „ליכטיקע פּערזענלעכקייטן" פון ז. שזר, וואָס אַ טייל פון אָט דעם בוך האָט מענדעלסאָן איבער־געזעצט (דערשינען אין 1963).

*

נאָך 36 יאָר אינטענסיווער רעדאַקציאָנעלער מיטאַרבעט אין „די אידישע צייטונג" האָט יוסף מענדעלסאָן זיך פּענסיאָנירט פון דער צייטונג, כדי צו קענען אָפּגעבן מערער צייט פאַר דעם לערער־סעמי־נאַר, פון וועלכן ער איז געוואָרן דירעקטאָר אין 1943 און מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט ביז 1963. אָבער אויך נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער אָנפירונג, איז כסדר געזוכט געוואָרן זיין עצה און מיטאַרבעט פאַרן לערער־סעמינאַר, אַפילו ווען פאַרשיידענע פאַקטאָרן האָבן דערפירט צו דעם, אַז עס איז דורכגעפירט געוואָרן קעגן סעמינאַר דאָס, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ טעות און אַ פע־לער, צום שאָדן פון דער גאַנצער אויסבילדונג פון יידישער לערער־שאַפט, און ער האָט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געהאָפט און גע־וואַרט און געווירקט, אַז די דאָזיקע פעלערן זאָלן קאָרעגירט ווערן, אויב מען וויל נישט רויִנירן די מערכה פון דער יידישער לערער־שאַפט פאַר די שולן פון אונדזער ישוב.

מענדעלסאָן האָט איבערגענומען דעם לערער־סעמינאַר ווי אַ קליינעם לערן־אַנשטאַלט מיט נאָך קלענערע מעגלעכקייטן, אָבער ער

האָט אים דערפֿירט צו דער מדרגה, אַז וויפֿל טענות פֿאַרשיידענע מענטשן האָבן צו אים געקענט האָבן, איז ער געוואָרן דער אַנשטאַלט, וואָס האָט געראַטעוועט דאָס ייִדישע שולוועזן אין אַרגענטינע, ווײַל אַ דאַנק אים האָבן די אויפֿקומענדיקע שולן געהאַט ייִדישע לערערס, וואָס וויפֿל טענות מען זאָל צו זיי האָבן, זײַנען זיי געוואָרן דער יסוד פֿון אַ גרויסן דור יונגוואַרג, אַ טייל שוין לערערס אין די שולן פֿון מדינת־ישׂראל. אַזוי האָבן אונטער יוסף מענדעלסאָנס דירעקציע זיך גראַדויִרט אַרום טויזנט העברעיִש־ייִדישע לערערס.

יוסף מענדעלסאָן איז אין די לעצטע 14 יאָר שטאַרק פֿאַראיינזאַמט געוואָרן. מיטן פֿאַרלירן זײַן פֿרוי, ברכה, האָט ער פֿאַרלוירן זײַן אינטימסטן פֿרײַנד אין לעבן, וואָרן ברכה איז געווען זײַן ערשטע לייענערין און די וואָס האָט אים אָפּגעהיט מיט אַ זעלטענער טרײַשאַפֿט. מענדעלסאָן האָט פֿון אָט דעם קלאַפּ קיין מאָל נישט געקענט צו זיך קומען, כאָטש ער האָט זיך געפּרובירט שטאַרקן דורך שרײַבן, מיט וואָס ער האָט געבראַכט וויסן און פֿאַרגעניגן די לייענערס און דורך דעם איז די פֿרײַנדשאַפֿט מיט זײַנע מקורבֿים כּסדר געוואַרעמט און געשטאַרקט געוואָרן.

מענדעלסאָן האָט די לעצטע יאָרן געוווינט אין שטעטל איטוסאַיִנגאָ און פֿלעגט עטלעכע מאָל אין וואָך אַראָפּקומען אין בוענאָס־אײַרעס. אָפּט פֿלעגט ער דאָס טאָן, ווײַל דער לערער־סעמינאַר פֿלעגט אים דאַרפֿן האָבן. די קהילה האָט דערפֿאַר אויסגעהאַלטן פֿאַר אים אַ קליינע דירה אין בוענאָס־אײַרעס. אין דער דאָזיקער דירה איז געווען אַ טייל פֿון זײַן ביבליאָטעק, וואָס ער האָט באַשטימט אָוועקצוגעבן פֿאַר דעם לערער־סעמינאַר פֿון דער קהילה. דאָס איז אַ ביבליאָטעק פֿון טויזנטער ביכער, אַן אוצר.

דער וווּנדערלעכער בעל־זכּרון, דער גרויסער למדן און ערודיט, דער אײַנפֿלוסרײַכער און פֿאַרדינסטפֿולער ייִד, דער דעקאַן פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין אַרגענטינע, ר׳ יוסף מענדעלסאָן, איז איצט — אַ בלאָט געשיכטע פֿון אונדזער ייִשובֿ.

„די אידישע צײַטונג״, 22סטער יוני 1969

זלמן וואַסערצוג

# יוסף מענדעלסאָן – אַ טשיקאַווער און אינטערעסאַנטער מענטש

עס גלייבט זיך קוים, אַז אונדזער קאָלעגע יוסף מענדעלסאָן, איז שוין פֿון אונדז דעפֿיניטיוו אַוועק און מיר צייכענען איצט אָפּ זײַן ערשטע יאָרצײַט. עס גלייבט זיך באמת נישט, אַז מענדעלסאָן, דער מענטש וואָס איז יאָרן לאַנג געווען קראַנק און איז אַרומגע־גאַנגען מיט אַ הויכן בלוטדרוק און מיט אַ פּערמאַנענטן קאָפּווייטיק און אַנדערע מיחושן, און דאָך האָט ער אין אַזאַ צושטאַנד געטאָן וויכטיקע אַרבעטן — האָט דער טויט באַוויזן אים מנצח צו זײַן.

אַחוץ די אַלע זשורנאַליסטיש־שרײַבערישע מעלות און אייגנ־שאַפֿטן פֿון אַ מענטש פֿון גײַסט, אַ מענטש מיט אַ טיפֿער קולטור און למדן, איז מענדעלסאָן אויך געווען אַ טשיקאַווער, אינטערע־סאַנטער, אייגנאַרטיקער מענטש.

פֿאַר אַלעם, איז ער געווען אַ אינטערעסאַנטער שמועסער, מיט אַ באַהעמישער נאַטור. בײַם קאַפֿע־טישל האָט מענדעלסאָן אויפֿ־געלעבט. שעהען לאַנג האָט ער דאָ, צווישן דער אַרבעט און נאָך דער אַרבעט, פֿאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפֿט פֿון קאָלעגן און היימישע מענטשן, ווו ער האָט זיך געפֿילט פֿרײַ, אומקרעמפּירט; דאָ פֿלעגט ער פֿאַרגעסן וועגן אַלע זײַנע פּערזענלעכע דאגות און מי־חושן; דאָ האָט ער זיך אַנטפּלעקט מיט זײַן גײַסטרײַכקייט און מיט זײַן איפּכא־מסתּבראדיקע שטעלונג צו אַקטועלע ענינים און פֿראַגעס.

מענדעלסאָן האָט זיך מחיה געווען מיט אַ ביסל רכילות און געהאַט אַן אָפּן, פֿילבאַר אויער פֿאַר עוולות, געזעלשאַפֿטלעכע און יחידישע, וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן אין אונדזער מיט. אָפֿט מאָל האָט ער זיך אויפֿגערעגט און אָנגעצונדן, גרייט צו רעאַגירן שאַרף מיט אַן אַרטיקל לגבי דער אָדער אַ צווייטער געשעעניש, וואָס האָט אים אויסגעוויזן ווי אַן אומגערעכטע האַנדלונג.

מ׳דאַרף זיי — פֿלעגט מענדעלסאָן דערביי זיך אויפֿרעגן — איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל דערציילן די מעשׂה פֿאַר דער נבֿלה. און האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ יחיד, איז זיין באַליבטער אויסדרוק געווען: „פֿאַר אַזאַ זאַך דאַרף מען אים אויפֿהענגען!“

און ווי גרויס פֿלעגט זיין אונדזער איבעררַאשונג, ווען צו מאָרגנס פֿלעגן מיר זיך אָנטרעפֿן, אַז יוסף מענדעלסאָנס רעאַקציע איז געווען גאָר אין אַ קאַפּויערער ריכטונג. אַנשטאָט „דערציילן די מעשׂה“ און „אויפֿהענגען“, איז זיין אָפּרוף געווען אַ מילדער און מעסיקער...

מענדעלסאָן איז געווען אַ קאָמפּליצירטער מענטש, אַ מענטש מיט שטימונגען, מיט סתירות און מיט ספֿיקות. און נאָר אַזוי דאַרף מען אים פֿאַרשטיין.

*

יאָרן לאַנג האָט מענדעלסאָן געליטן פֿון אַ הויכן בלוטדרוק, און נישט געקוקט דערויף האָט ער אינטענסיוו געאַרבעט: געלערנט, גע־קהלט זיך און געבליבן אין צענטער ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהען.

די דאָקטוירים פֿלעגן אים שטרענג וואָרענען, ער זאָל זיך נעמען אין די הענט אַריין און ענדערן זיין לעבנסשטייגער, היטן זיך מיטן עסן. להכעיס אָבער די וואָרענישן, האָט מענדעלסאָן גענומען זיי גרינג און וואָס ווינציקער זיך היטן.

דאָס איז געקומען צום אויסדרוק מיט מענדעלסאָנען ביי אַ מסיבה אָדער גאָר ביי אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ: „נו, דערלאַנגט מיר דאָס טע־לערל מיט הערינג“ — האָט מענדעלסאָן זיך געבעטן ביי די אַרומיקע פֿון טיש. — „אָבער איר טאָרט דאָס נישט עסן, מענדעלסאָן! איר,

מיט אײַער לעבער, דאַרפֿט נאָך עסן הערינג?...״ ער איז אָבער באַשטאַנען אויף דאָס זײַניקע: „טאַקע דערפֿאַר, ווײַל די דאָקטוירים הייסן נישט, וויל איך הנאה האָבן...״

נאָך אַזאַ מסיבה און זינדיקן מיט מאַכלים, וואָס ער האָט נישט געטאָרט עסן, האָט ער שוין דעם אָוונט געהאַלטן כּסדר אין שלינגען פּילן, וואָס זאָלן אײַנשטילן די לעבער, וואָס האָט זיך אים „צעשפּילט״ און ער האָט זיך באַקלאָגט אויף וויטיקן.

מענדעלסאָן איז אָבער אַלץ איינס אָנגעגאַנגען מיט זײַנע אַרבעטן אין „די אידישע צײַטונג״. אַחוץ אַ לייט־אַרטיקל, האָט ער זיך נאָך פֿאַרמאָסטן אָנצושרײַבן אַ קאָמענטאַר, אָדער גאָר אַ פֿעליעטאָן, וואָס ער פֿלעגט אונטערשרײַבן מיטן פּסעוודאָנים „ברוך דער גרינער״, און איבערזעצן די „ייִטאַ״־טעלעגראַמעס. זײַן גוואַלדיקע אַרבעטזאַמקייט איז געווען שטאַרקער ווי די „צעשפּילטע לעבער״, און ער האָט אַזוי אַרום באַהערשט זײַנע פֿיזישע וויטיקן.

און אַ טבֿע האָט ער געהאַט, מענדעלסאָן, נישט צו לאָזן זיך מיט גאָרנישט איבערראַשן. וואָסער נײַס מ׳זאָל אים נישט האָבן דערציילט, האָט ער פֿאַרזיכערט, אַז ער האָט עס שוין געהערט מיט טעג, אָדער מיט וואָכן פֿריִער. אין דער דאָזיקער אייגנשאַפֿט האָבן מיר נישט געזען קיין שלעכטס אָדער בייזוויליקייט, נאָר ער האָט עס געטאָן, כּדי יענעם צו „אַנטוואָפֿענען״... אומצייליקע פֿאַלן זײַנען געווען אַזעלכע, ווען מענדעלסאָן האָט זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן און אויפֿגענומען די ידיעות, ווי שוין גוט באַקאַנטע זאַכן.

מאַכט זיך אַ מאָל, אַז די פּאָליטישע שטימונג אין לאַנד איז געווען אָנגעצויגן, געשפּאַנט און מ׳האָט זיך געריכט, אַז די מיליטערישע איינהייטן אַרום דער שטאָט וועלן זיך אַרויסלאָזן אין דער ריכטונג צום רעגירונג־הויז. פֿאַלט אַ מאָל אין אַן אָוונט אַרײַן אַ רעדאַקציע־קאָלעגע מיט דער נײַס, אַז דער גאַרניזאָן פֿון פּאַלערמאָ מאַרשירט צו פּלאַסאַ מאַזשאָ. אין דעם ערשטן מאָמענט האָט זיך מענדעלסאָן פֿאַרלוירן און איז געבליבן פֿון דער נײַס אַ ביסל איבערגעראַשט,

באַלד אָבער האָט געגומען די איבערהאַנט זײַן אייגנשאַפֿט פֿון נישט לאָזן זיך איבערראַשן, און ער האָט די נײַס צו נישט געמאַכט.

— דאָס איז בײַ אײַך אַ נײַס? איך ווייס עס שוין נאָך מיט טעג צוריק...

דער קאָלעגע אָבער האָט דאָס מאָל זיך נישט געוואָלט אונטער־געבן.

— ווי אַזוי קענט איר עס וויסן פֿון טעג צוריק, אַז עס איז קוים ערשט אַ האַלבע שעה ווי דאָס מיליטער איז אַרויס פֿון די קאַשאַרן אין פֿולער באַוואָפֿענונג?...

מענדעלסאָן האָט אָבער פֿאַרזיכערט, אַז ער האָט באַקומען די ידיעה פֿון אַ מענטשן פֿון דעם ערשטן קוואַל, פֿון אַ פֿאַרטרויונגס־מאַן — פֿון זײַנעם אַ באַקאַנטן גענעראַל...

נו, קעגן אַ גענעראַל לאָזט זיך שוין גאָר נישט אויפֿטאָן. מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז מענדעלסאָן האָט קנאַפּע עסקים מיט גענע־ראַלן, אַפֿילו נישט מיט קאָראָנעלן, אָדער אונטער־אָפֿיצירן.

*

ס'איז אָבער דאָך געווען אמת, אַז מענדעלסאָן האָט געשעפּט זײַנע פּאָליטישע נײַסן פֿון אַ רעגירונגס־מאַן. אמת, אַ גאַנץ באַשיידענער פֿונקציאָנאַר, אָבער עפּעס האָט מען געקענט בײַ אים געווויר ווערן.

דאָס איז געווען אַ וויזשילאַנט פֿון זיבעטן קאָמיסאַריאַט, וועלכער האָט געהאַט זײַן וואַכפּאָסטן אין שכנות פֿון דער צײַטונג — אויפֿן ראָג פֿון קאָריענטעס און פּאַסטער. דאָס הויז פֿון דער צײַטונג איז געווען פֿאַר דעם פּאָליציי־מאַן כמעט זײַן צווייטע היים. דאָ האָט ער איבער־געלאָזן אָפּט מאָל טיילן פֿון זײַן הלבשה, אויב דאָס וועטער האָט זיך געביטן; דאָ האָט ער באַנוצט דעם טעלעפֿאָן צו פֿאַרבינדן זיך מיט דעם קאָמיסאַריאַט, און אַזוי אַרום האָט ער זיך פֿאַרבונדן אין היימיש־קייט מיט די מענטשן פֿון צײַטונג.

מענדעלסאָן איז געווען איינער פֿון זיי, וואָס האָט אָפּט מאָל גע־כאַפּט אַ פֿאַרטרוילעכן שמועס מיט דעם וויזשילאַנט אונדזערן און

זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אים מכּוח פּאָליטישע נײַסן, ספּעציעל אין טעג ווען עס איז געשטיגן די פּאָליטישע אַטמאָספֿערע אין לאַנד.

אין אַזעלכע טעג, פֿלעגט מענדעלסאָן נישט דורכלאָזן די געלעגנהייט צו כאַפּן אַ גרינטלעכן שמועס מיט דעם „רעגירונג־פֿונקציאָנאַר", בעת ער פֿלעגט איבערלאָזן אויף אַ ווײַלע זײַן פּאָסטן און זיך אַרײַנכאַפּן אין באָדצימער פֿון דער צײַטונג.

— „קע טאַל, גאַרדאָ!" — האָט מענדעלסאָן אים געגרופֿן הײמישלעך — „קאָמאָ וואַן לאַס קאָסאַס?"

און דער וויזשילאַנט, אײַלנדיק זיך, האָט קורץ און שאַרף געענטפֿערט:

— „וואַן מאַל, מאַל..."

פֿאַר מענדעלסאָנען איז אָבער דאָס געווען אַ באַדײַטונגספֿולע ידיעה, פֿון וועלכער ער האָט געדרונגען: „ער האָט באַקומען אַ פֿאַרטרויונגספֿולע ידיעה, אַז די פּאָליטישע לאַגע אין לאַנד איז ביז גאָר שלעכט, און מ׳קען דערוואַרטן סורפּריזן..."

מ׳דאַרף אָבער נישט פֿאַרגעסן, אַז יוסף מענדעלסאָן איז געווען פֿון אונדזערע געלערנטסטע און טיפּסטע זשורנאַליסטן. נישט געקוקט אויף זײַנע מיחושן, מענטשלעכע שוואַכקייטן און סתּירות, האָט ער באַוויזן אָנצוהאַלטן זײַן שאַפֿערישקייט, ווי אַ זשורנאַליסט און שריפֿטשטעלער ביז צו דעם לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן.

זאָלן די דאָזיקע גוטמוטיקע עפּיזאָדן, געשריבן פֿון אײנעם וואָס האָט געזען און געקענט מענדעלסאָנען פֿון דער נאָענט, זײַן אַ דערמאָנונג צו זײַן ערשטן יאָרצײַט. מיטן אַוועקגיין פֿון אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי מענדעלסאָן, ווערט אונדזער לעבן אָרעמער, וואָכעדיקער.

„די אידישע צײַטונג", דטער יולי 1970

פּראָפּ׳ לאַזאַראָ שאַלמאַן

# יוסף מענדעלסאָנס שריפטשטעלערישע פּיל־זײַטיקייט

יוסף מענדעלסאָן, אַ זשורנאַליסט און שרײַבער מיט אַ סאָלי־דער הומאַניסטישער קולטור און אַ דערציִער מיט באַוווסטזײַן, האָט קיין מאָל נישט אויפֿגעגעבן זײַן חלום וועגן פֿאַרעפֿנטלעכן צוויי אָדער דרײַ ביכער, וואָס וואָלטן פֿירגעשטעלט אַן אינטערע־סאַנטן בײַטראָג פֿאַר דער ייִדישער קולטור און פֿאַר דעם ייִדישן אַרגענטינער קיבוץ. איינס פֿון די ביכער האָט געזאָלט הייסן „ייִקאָ־לאַנד" און האָט געצילט צו באַקענען, אויף אַ גרינטלעכן און דאָקו־מענטירטן אופֿן, מיטן פּראָצעס פֿון ייִדישער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע. דאָס צווייטע בוך האָט געדאַרפֿט זײַן אַ קריטישע געשיכטע פֿון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטע־ראַטור, וואָס איז געווען איינע פֿון זײַנע אינטעלעקטועלע „שוואַכ־קייטן". און ער איז אויך געווען אַנטשלאָסן צו שרײַבן זײַנע זכרונות, וואָס דאָס וואָלט באַטײַט אַן אומגעהײַער גרויסן בײַטראָג פֿאַר דער געשיכטע פֿון אַרגענטינער ייִדנטום. ער האָט שוין אַפֿילו געהאַט באַשטימט אַ נאָמען פֿאַרן בוך: „מײַנע ערשטע פֿופֿציק יאָר אין אַרגענטינע"; ער האָט אָבער בלויז באַוויזן אָנצושרײַבן און אָפּצו־דרוקן דאָס ערשטע קאַפּיטל.

צום באַדויערן, איז ער אַוועק פֿון דער וועלט נישט האָבנדיק פֿאַרעפֿנטלעכט קיין איין בוך אַפֿילו. אמת איז אַז אין 1943 האָבן

אַ גרופּע פֿרײַנד און פֿאַרערערס פֿון יוסף מענדעלסאָן צוזאַמענגע־נומען אין אַ בוך פֿון מער ווי 500 זײַטן זײַנע בעסטע ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע אַרבעטן, וואָס ער האָט ביז דעמאָלט געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט אין „די אידישע צײַטונג", ווי אַ רעדאַקציע־מיטאַר־בעטער אין משך פֿון 25 יאָר. אָבער דער מחבר גופֿא האָט געהאַלטן פֿאַר זײַן חובֿ צו דערקלערן, אינעם אַרײַנפֿיר צום בוך וואָס האָט געהייסן „אַ מאָל אין אַ האַלבן יובֿל", אַז אייגנטלעך איז דאָס נישט געווען קיין בוך אין דעם גרינטלעכן זינען פֿונעם וואָרט, „נײַערט עס פֿאַרבלײַבט אַ זאַמלונג פֿון אַרבעטן, אין בוכפֿאָרמאַט אַרויסגע־געבענע; אַ מין זאַמלבוך אָדער אַנטאָלאָגיע פֿון אַרטיקלען, אָפּהאַנד־לונגען און פּובליציסטישע אַרבעטן".

זײַענדיק, ווי ער איז דאָס געווען, נישט נאָר אַן אמתער אוהבֿ ספֿרים, נאָר אויך אַ טיפֿער קענער פֿון ביכער און שרײַבערס, האָט ער אויך געהאַלטן פֿאַר נייטיק אָנצוווײַזן אַז „אַ בוך דאַרף ווערן געשריבן אָדער געשאַפֿן לשמה, מיטן געדאַנק און כּוונה לכתחילה צו שאַפֿן אַ בוך. אַ זאַמלונג פֿון אַרטיקלען און אַרבעטן צופֿעליקע, געשריבענע אין לויף פֿון יאָרן, אונטער אומשטאַנדן, שטימונגען און באַדינגונגען פֿאַרשיידענע, אונטער אַ געמיט־צושטאַנד אַ פֿאַרשיי־דענעם, אַרויסגערופֿן אָדער אָנגערעגט צו שרײַבן דורך אַ טאָג־אָדער צײַט־געשעעניש, דורך אַ דאַטום פֿון געשיכטע־אינהאַלט, דורך אַ יובֿל־ אָדער יאָרצײַט דאַטע; אַזאַ זאַמלונג פֿון אַרבעטן קען נישט ווערן אַ בוך אין דעם אייגנטלעכן, אָרגאַנישן זינען פֿונעם וואָרט „בוך".

האָט טאַקע מענדעלסאָן, דער זעלטענער אוהבֿ־ספֿרים און לי־טעראַטור־קריטיקער, נישט באַוויזן אַרויסצוגעבן קיין שום בוך און האָט מיטגענומען אין קבֿר אַרײַן דעם אוצר פֿון זײַנע היסטאָרישע און געזעלשאַפֿטלעכע קענטענישן, ווי אויך די דאָקומענטאַציע וואָס ער האָט געהאַט אָנגעזאַמלט, מיט דער האָפֿענונג אָנצושרײַבן די ביכער, וועגן וועלכע ער האָט געחלומט.

פֿון וואַנען נעמט זיך אָט דער פֿאַרדראָסיקער פֿאַקט? מיר קע־

קרן קימת לישראל

6529

קק״ל

חורשה בת 1047 עצים
להנצחת זכרון של
יוסף מנדלסון ע״ה
בואנוס איירס - ארגנטינה

ניטעה ע״י
המשפחה, מורים, תלמידים וידידים
ג׳ תמוז תשכ״ט - 19.6.69

ירושלים ... תשי״א ... 25.12.50

תרומת עצים

משפחה, חברים און תלמידים פון יוסף מענדעלסאָן האָבן פּאַראייביקט זיין נאָמען, פלאַנצנדיק דורכן קק״ל אַ וואַלד פון 1047 ביימער אין ישראל.

נען אפשר געפינען אַן ענטפער אינעם גײַסטיקן אײַנשטעל און אי־נעם טעמפעראַמענט גופא פון יוסף מענדעלסאָן, וואָס האָבן אים געניגט צו פילזײַטיקייט ווי אַ שטריפטשטעלער. אויך די געזעל־שאַפטלעכע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין וועלכע אים איז אויס־געקומען צו לעבן, האָבן אים צו אַזאַ פילזײַטיקייט געשטויסן.

ווי מען ווייסט, האָט ער דעבוטירט אין זשורנאַליזם ווי אַ רע־דאַקציע־מיטגליד פון „די אידישע צײַטונג" אין דעצעמבער 1917. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 28 יאָר און האָט תיכף אַנטדעקט ווי שטאַרק ס׳איז אין אים געווען דער זשורנאַליסטישער באַרוף. זשור־נאַליזם האָט אים אַזוי פאַרשלונגען, אַז ער האָט לײַכט אַוועקגע־שטעלט אויפן צווייטן פלאַץ זײַן לערערישע נייגונג. און אַ לערער איז דאָך מענדעלסאָן געווען זינט ער איז אָנגעקומען אין לאַנד, אין 1912 : פינף יאָר כסדר האָט ער זיך אין גאַנצן געהאַט אָפגעגעבן מיט ייִדישער דערציִונג, צו ערשט ווי אַ לערער, שפּעטער ווי דער דירעקטאָר פון אַ שול פון דער ייִק״אַ אין פּאַלאַסיאָס (מאָזעסוויל).

די אַרבעט איז אים נישט אָנגעקומען שווער, ווײַל ער האָט געהאַט געענדיקט אַ מיטלשול אין זײַן געבוירן־לאַנד, רוסלאַנד, און קיין אַרגענטינע איז ער געקומען מיט אַ סאָלידן באַגאַזש ייִדישע קולטור : זײַן אייגענער פאָטער, וואָס איז געווען אַ מוסמך להוראה, האָט אים אַרײַנגעפירט אינעם לימוד פון תנך און זײַנע מפרשים; נאָך קינדווײַז האָט ער אָנגעהויבן לערנען תלמוד און נאָך דער בר־מצווה איז ער אַוועק אין דער ישיבֿה פון קרעמענטשוג, וווּ ער האָט געלערנט עטלעכע יאָר.

אין זײַן פריסטער יוגנט האָט ער געשטעלט די ערשטע טריט אין ליטעראַטור און האָט פאַרעפנטלעכט איניקע אַרבעטן אויף רו־סיש. עס איז אָבער געווען אָנגעצייכנט אַז זײַן ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע אַרבעט זאָל ער אַנטוויקלען בעיקר אויף ייִדיש און אין לויף פון דער צײַט אויך אויף העברעיִש און שפּאַניש. אין דעם זעלביקן יאָר פון זײַן אָנקומען אין אַרגענטינע האָט ער דעבוטירט מיט אַ פעליעטאָן אויף ייִדיש וועגן פּרץ סמאָלענסקין, וואָס מען

האָט אָפּגעדרוקט אין „די יידישע האָפענונג". אינטערעסאַנט איז, אַז אויך זײַן מיטאַרבעט אין „די אידישע צײַטונג", אין דעצעמבער 1917, האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ציקל פעליעטאָנען, אונטערשרײַבנ־דיק זיך מיטן פסעוודאָנים „ברוך דער גרינער".

עס איז כּדאַי דאָס אונטערצושטרײַכן, ווײַל דער פעליעטאָן איז אַ שאַפונג „סוי גענעריס": נחום סאָקאָלאָוו האָט עס דעפינירט ווי „אַ בריק צווישן ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק", און דער פאַקט גופא וואָס יוסף מענדעלסאָן האָט אים ספּאָנטאַן אויסגעקליבן ווי די פורעם פאַר זײַנע ערשטע אַרבעטן, קען אונדז געבן דעם שליסל פון זײַן אינטעלעקטועלער פּערזענלעכקייט. איז דאָך אַ פעליעטאָן, ווי עס האָט געשריבן נחום סאָקאָלאָוו אין זײַן עסיי וועגן דוד פרישמאַן, „דאָס אַרומשוועבן און אַרומטאַנצן אין דער ליטעראַריש־זשורנאַ־ליסטישער שאַפונג פון טעמע צו טעמע; דאָ אַרײַנטריפן זיסע טראָפּנס, אַ ווייכן פלאַטער־טאָן איבער פאַרשיידענע ענינים, אַרײַנ־וועבן אַ טרויעריקן טאָן וואָס באַלײַכט מיט זײַן באַשיידנקייט, אָן איבעריקע טענות און פּרעטענזיעס. בעסער ווי די פלאַקערנדיקע שטורקאַצן — די ווייכע דעליקאַטע סטרונעס, די לײַכטע נאַכט־טראַכטעניש און פאַרבײַגייענדיקע אײַנדרוקן: אַ פאַרביק, פלינג־דיק פלאַטערל".

מענדעלסאָן איז אָן ספק געווען אייגנאַרטיק באַגאַבט אויף צו קולטיווירן דעם דאָזיקן ליטעראַרישן זשאַנער, צו וועלכן מען קען אויך צורעכענען די גרויסע צאָל אַרטיקלען זײַנע, וואָס האָבן גע־הייסן „לײַכטע שמועסן וועגן ערנסטע ענינים". אָבער וואָס מער ער האָט אַלץ אויסגעברייטערט און פאַרטיפט זײַן גײַסטיקן וועג, האָט ער גענומען פילן די נויטווענדיקייט אים צו ענדערן מיט אַנדערע פאָרמען פון ליטעראַרישן אויסדרוק, שוין נישט אַזעלכע פונאויבנ־דיקע. בעיקר מיט עסיי און ליטעראַרישער קריטיק, אין וועלכע מען קען אויסדריקן חכמה, פיקחות און בקיאות, וואָס זײַנען אַ צו שווערע לאַסט פאַר אַ פעליעטאָן.

נאָך עפּעס: מענדעלסאָנען איז זייער לײַכט אָנגעקומען אויס־

צולערנען שפּראַכן. מיט דער באַזע פֿון לאַטײַן, וואָס ער האָט געלערנט אין גימנאַזיע, האָט ער אין אַ קורצער צײַט זיך אויסגעלערנט שפּאַניש אויף אַזוי פֿיל, אַז צום צווייטן יאָר נאָך זײַן באַזעצן זיך אין מאָזעסוויל האָט ער שוין גערעדט און געשריבן אַ רעלאַטיוו ריכטיקן שפּאַניש און מען האָט אים אָנפֿאַרטרויט אָנצופֿירן מיט די אַלגעמיינע לימודים, וואָס מען האָט געלערנט אין דער לאַנד־שפּראַך.

ער האָט אויך באַוויזן צו באַהערשן פֿראַנצייזיש און דײַטש. דאָס האָט פֿאַר אים געעפֿנט, צוזאַמען מיט שפּאַניש, נײַע און ברייטע גײַסטיקע האָריזאָנטן. ווי מיר װעלן שפּעטער זען, האָט ער באַרײַ־כערט די ליטעראַטור אויף ייִדיש מיט דירעקטע איבערזעצונגען פֿון וויכטיקע ליטעראַרישע ווערק פֿון יענע לשונות, און ער איז אויך זײַן גאַנץ לעבן געווען אַן אײַפֿערדיקער איבערזעצער פֿון אַר־טיקלען, ידיעות און ביכער, פֿון העברעיִש אויף ייִדיש.

זײַן אַרײַנטריט אין זשורנאַליזם קומט פֿאָר אין אַ תּקופֿה פֿון ראַדיקאַלע טראַנספֿאָרמאַציעס אינעם ייִדישן לעבן. קורץ נאָכן אײַנגלידערן זיך אין דער רעדאַקציע פֿון „די אידישע צײַטונג“, באַמערקט ער קלאָר „דעם דאָרשט און באַדערפֿעניש פֿונעם ייִשובֿ צו זײַן אינפֿאָרמירט וועגן ייִדישן לעבן אין די אַלטע היימען אין מלחמה־צײַט און נאָך דער מלחמה; צו זײַן אינפֿאָרמירט וועגן די גורלדיקע תּקופֿה־ענדערנדיקע געשעענישן פֿון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, פֿון דעם שפּעטערן באָלשעוויסטישן איבערקער, בירגער־מלחמה אין רוסלאַנד, אויפֿקום פֿון פּוילן, באַלפֿור־דעקלאַראַציע, די נײַע עליה און נאָך דעם, דער נײַער אויפֿבוי פֿון ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל, און אויך וועגן דער ברייטער מאַסן־אימיגראַציע אין אַרגענטינע און אין אַנדערע לאַטײַן־אַמעריקאַנער רעפּובליקן. דאָס זײַנען אַלץ עפּאָכע־מאַכנדיקע געשעענישן אין ייִדישן לעבן“.

אַזוי שרײַבט יוסף מענדעלסאָן אין זײַן עסיי וועגן „דאָס ייִדי־שע צײַטונג־וועזן און דער ייִשובֿ“ אין דעם זאַמלבוך פֿון ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין „ה. ד. נאָמבערג“ אין 1962, און דערמאָנט די

ווײַטע און העראָישע צײַטן פֿון דעם ייִדישן זשורנאַליזם, ווען ער האָט, צוגלײַך מיט אַנדערע פֿון זײַנע קאָלעגן, געאַרבעט אין דער צײַטונג כּמעט צוליב ריינעם אידעאַליזם. מענדעלסאָן האָט אָבער געהאַט אַ זשורנאַליסטישן באַרוף און ער האָט זיך מיט אים אַזוי ווײַט אידענטיפֿיצירט, אַז ער האָט דער צײַטונג אַוועקגעגעבן זײַן גאַנצע צײַט און ענערגיע, דעקנדיק אַ טייל פֿון דער טעגלעכער אינ־פֿאָרמאַציע, שרײַבנדיק לייט־אַרטיקלען, מאַכנדיק רעפּאָרטאַזשן, איבערזעצנדיק טעלעגראַמעס אאַז״וו.

אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן האָבן אים די באַדינגונגען געצוווּנגען „צו שרײַבן און פֿאַרעפֿנטלעכן זאַכן באַוויגן פֿון געשעענישן, אומ־שטאַנדן און געלעגנהייטן, וואָס דער טאָג האָט יעדעס מאָל געבראַכט אָדער אונטערגערוקט״.

ער איז אַליין מודה, אַז אַפֿילו די בעסער דאָקומענטירטע אַר־בעטן איבער פֿאַרשיידענע טעמעס פֿון דער ייִדישער געשיכטע זײַ־נען געשריבן געוואָרן „אונטער דער אָנרעגונג אָדער אימפּעט פֿונעם טאָג און זײַנע געשעענישן״. דאָך האָט ער זיך מיט די דאָזיקע אַרבעטן מערער אָפּגעגעבן, ווײַל ער האָט פֿאַרמאָגט דעם גײַסט פֿון היסטאָרישער פֿאָרשונג און ער האָט געכּפּלט זײַן אינטעלעקטועלן אָנשטרענג כּדי צו שטעלן אויף אַ ניוואָ זײַנע געשטאַלטן פֿון באַ־רימטע ייִדישע קלאַסישע אָדער הײַנטצײַטיקע שרײַבערס, צי גאָר זײַנע עסייען וועגן לעבן און ווערק פֿון אונדזערע גדולים, די זײַלן פֿון ייִדנטום און ייִדישקייט.

איינציקע פֿון די דאָזיקע געשטאַלטן צייכענען זיך באמת אויס מיט דער פּאַסיקייט פֿון זייער שילדערונג; באַזונדערש די פֿון נחום סאָקאָלאָוו, וועמען מענדעלסאָן האָט אויסערגעוויינטלעך באַ־וווּנדערט נישט נאָר איבער דער למדנישער באַלאָדנקייט פֿון תּורה און תּלמוד אין זײַנע ווערק, נאָר אויך צוליב דעם פֿאַרנעם פֿון זײַן ליטעראַרישער און זשורנאַליסטישער אַרבעט, וואָס האָט דורך טוי־זנטער אָפּגעדרוקטע אַרטיקלען, הונדערטער עסייען, דערציילונגען, לידער, פֿעליעטאָנען, רײַזע־אײַנדרוקן, מאָנאָגראַפֿיעס, איבערזעצונ־

גען אַאַז״ו עדות געזאָגט אויף אַן אומגעהײַערן זשורנאַליסטישן טאַלאַנט, אויף אַ גוואַלדיק פּרוכטיקן און אַרבעטזאַמען שרײַבער. און דער אמת איז, אַז אַחוץ פּערזן — ווײַל קיין לידער האָט מענ־דעלסאָן קיין מאָל נישט געשריבן — קענען מיר אין מענדעלסאָנען אַליין זען דאָס וואָס ער האָט געזען אין סאָקאָלאָוון, מיט וועמען ער האָט ווי אַ שריפֿטשטעלער געהאַט מער ווי איין בשותּפֿותדיקן שטריך.

טראַכטנדיק אפֿשר וועגן זיך גופֿא שטרײַכט מענדעלסאָן אונטער אַז „די אייגנאַרטיקייט פֿון דער דאָזיקער מערקווערדיקער דערשײַ־נונג וואָס הייסט נחום סאָקאָלאָוו, באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט זיך נישט געקענט קאָנצענטרירן אויף איין געביט, נישט געקענט צוימען, באַגרענעצן זײַן שרײַבן אויף איין ליטעראַרישן זשאַנער, אָדער אויף עטלעכע״. מענדעלסאָן שרײַבט־צו סאָקאָלאָווס גרויסקייט און מקורותדיקייט „דעם טאַלאַנט נישט צו פֿאַרבלײַבן אײַנגעשרומפּן אין די דלד־אַמות פֿון איין געביט, איין אָפּטיילונג״. און עס איז קלאָר אַז יוסף מענדעלסאָן האָט פּונקט ווי סאָקאָלאָוו געהאַלטן, אַז „ווער עס איז געבוירן געוואָרן פֿאַר איין געביט, קאָנצענטרירט זיך אויף איין געביט; ווער עס איז געבוירן געוואָרן פֿאַר אַן אַרומנעמי־קערן און ברייטערן אופֿן צו אַרבעטן, וואָלט פֿאַרמינערט און פֿאַר־קלענערט זײַן געשטאַלט, ווען מ׳וואָלט אים אַרײַנגעשפּאַרט אין באַשרענקטע ראַמען. איינזײַטיקייט אָדער פֿילזײַטיקייט פֿון אַ שרײַ־בער איז נישט קיין זאַך פֿון צופֿאַל אָדער פֿון אומשטאַנדן, נײַערט עס איז אַ זאַך וואָס ליגט אין דער נאַטור פֿונעם שריפֿטשטעלער אַליין״.

עס איז קיין שום ספֿק נישט פֿאַראַן אַז די פֿילזײַטיקייט איז געווען אין דער נאַטור און אין דעם גײַסט פֿון יוסף מענדעלסאָן. און ס׳האָט נישט געקענט געמאָלט זײַן, אַז ער זאָל דאָס משנה זײַן נאָך 36 יאָר ניט־איבערגעריסענער אַרבעט אין „די אידישע צײַ־טונג״, אַן אַרבעט וואָס האָט אים געצוווּנגען צו שרײַבן אין דער פֿרי, בײַ טאָג און בײַ נאַכט.

מענדעלסאָן האָט געפּילט אין זײַן אײגענעם „איך" די ריכטי־קײט פֿון אָרטעגאַ אי גאַסעטס פֿילאָסאָפֿישן פּרינציפּ: „איך בין איך און מײַן אַרום". דער אַרום, די אומשטאַנדן וואָס האָבן דער־גאַנצט זײַן „איך" האָבן פֿאַרשלונגען אַלע זײַנע שאַפֿערישע ענער־גיעס. ווי אַ גאַנצער זשורנאַליסט, האָט ער געמוזט באַמערקן, אַז פּרעסע באַגרענעצט זיך נישט מיט דער טעגלעכער אָביעקטיווער כראָניק פֿון די געשעענישן, אַז דאָס דאַרף אויך זײַן אַ וועגווײַזערי־שע פּרעדיק, פֿון וועלכער ס'איז אַוודאי נישט אויסצושליסן די קאָנ־סטרוקטיווע קריטיק. און נאָך עפּעס: דאָס דאַרף זײַן אַ גענויע און צאַפּלדיקע היסטאָריע פֿון דער געזעלשאַפֿט אין איר כּסדרדי־קער עוואָלוציע.

אין דעם איז ער געווען אַזוי שטאַרק איבערגעצײַגט, אַז ווען מען האָט אין 1939 געפּײַערט די „זילבערנע חתונה" פֿון „די אידי־שע צײַטונג", האָט ער געמאַכט דעם גרעסטן אָנשטרענג אײַנצושליסן אינעם בוך וואָס מען האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן, זײַן טיפֿע שטודיע איבער „פּופּציק יאָר ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע". דאָס איז אַ אויספּירלעכע, דורכגעטראַכטע און דאָקומענטירטע אַרבעט, וואָס ווײַזט מענדעלסאָנען מיטן פֿולן פּאַרנעם פֿון זײַן אינטעלעקטועלן אויפֿטו.

אויב די זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט מענדעלסאָנען אַזוי מוראַדיק פֿאַרשלונגען, קען מען זיך פֿאָרשטעלן אויף וויפֿל דאָס איז נאָך ערגער געוואָרן זינט 1940, ווען ער האָט געגרינדעט דעם העברעיִש־ייִדישן לערער־סעמינאַר, ווו ער איז אויך געוואָרן לערער פֿאַר געשיכטע און דירעקטאָר זינט 1943. מיט דעם האָט ער אויף זיך אַרויפֿגעצוווּנגען אַ באמת איבעראַשנדיקן אינטעלעקטועלן אָנ־שטרענג, וואָס איז קוים לײַכטער געוואָרן אין 1953, ווען ער האָט באַקומען זײַן צוריקצי־פּענסיע ווי אַ זשורנאַליסט.

האָבן דעמאָלט זײַנע פֿרײַנד אים צוגערעדט, ער זאָל נעמען אַרבעטן איבער די ביכער, וואָס פֿון זיי האָט ער געטרוימט. אָבער די דירעקציע פֿונעם סעמינאַר האָט בײַ אים פֿאַרנומען אַ סך צײַט;

די באַדינגונגען האָבן אים געצווונגען צו פֿאַרטאָפּלען די אַרבעט איבער פּראָבלעמען פֿון אַרגענטינער ייִדישן שולוועזן און איבער פּעדאַגאָגישע ענינים, ווי אויך זיך צו פֿאַרנעמען מיט טעכנישע אַספּעקטן פֿון דער טעטיקייט פֿון לערער־סעמינאַר. עס איז זיכער כּדאַי אָפּצוגעבן אַ ערנסטע און דאָקומענטירטע שטודיע מענדעל־סאָנס אויפֿטו ווי אַ לערער פֿון לערערס בײַ דער אָנפֿירונג פֿונעם סעמינאַר.

אין פֿאַרבינדונג מיט די טאָג־פּראָבלעמען האָט ער ווײַטער געדרוקט אַרטיקלען און קאָמענטאַרן אין „די אידישע צײַטונג" און אַנדערע אויסגאַבעס פֿון אַרגענטינע און ישׂראל. ער איז בפּירוש נישט געבוירן געוואָרן זיך אײַנצושליסן אין אײן שרײַבשטייגער; פּילזײַטיקייט איז געווען אַ טייל פֿון זײַן נאַטור, אַזוי אַרום אַז אַפֿילו אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן לעבן האָט ער ממשיך געווען זײַן וועג „צווישן זשורנאַליזם און ליטעראַטור".

לאָמיך נאָך צוגעבן, אַז פּאַראַלעל מיט זײַנע אַרבעטן וועגן תּלמוד, רש"י, דעם רמב"ם, ספּינאָזאַ, ביאַליק, אחד־העם און אַנ־דערע און מיט זײַנע שטודיעס וועגן דעם אַרגענטינער ייִדנטום, האָט ער זיך לעבעדיק פֿאַראינטערעסירט מיט דער אַרגענטינער קולטור און מיט די פּראָבלעמען פֿון דעם לאַנד.

ס'איז קיין צופֿאַל נישט, וואָס אין זײַן געשמאַק האָבן פֿאַרנומען דעם אויבנאָן, צוזאַמען מיט די גדולים פֿון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער ליטעראַטור, ווי שלום עליכם, פּרץ, שלום אַש, פֿרוג, פֿרישמאַן, סאָקאָלאָוו — די גרויסע פֿיגורן פֿון דער אַרגענטינער ליטעראַטור: האָראַסיאָ קיראָגאַ, כאָסע הערנאַנדעס, גידאָ אי ספּאַ־נאַ, גערשונאָוו, בעניטאָ לינטש, מאַנועל גאַלוועס. ער האָט איבער־געזעצט אויף ייִדיש די הויפּט ווערק פֿון אייניקע פֿון זיי. און די קלאַסישע פֿאָלקס־מעשׂיות פֿון די דרום־אַמעריקאַנער אינדיאַנישע שבֿטים האָבן אין אים אָנגעצונדן אַזאַ פֿלאַם, אַז ער האָט געפֿונען צײַט אויף איבערצוגיסן אַ סך פֿון זיי אויף ייִדיש. „די אידישע צײַ־טונג" האָט זיי פֿאַרעפֿנטלעכט און ער האָט אין זײַן צוואה אויסדריק־

לעך געבעטן ביי דער אָנפירערשאַפט פון דער קהילה פון בוענאָס־איירעס, אַז מען זאָל זיי אָפּדרוקן אין צוויי ביכער.

נאָך עפּעס: זיין שפּראַך איז גרינטלעך געווען ייִדיש; ער האָט אָבער אויך געשריבן אָריגינעל אויף העברעיִש און אויף שפּאַניש. אין דעם עפּילאָג פון זיין אַנטאָלאָגיע דערמאָנט ער, אַז ער האָט אָנגעשריבן אויף שפּאַניש צוויי קאַפּיטלען פון זיין שטודיע וועגן ספּינאָזאַן און ער פלעגט זיך באַרימען, אַז ער איז געווען איינער פון די פליי־סיקסטע מיטאַרבעטערס פון „כודאַיִקאַ", ווו עס זיינען אַרויס טייל פון זיינע בעסטע שריפטן: „דער ייִדישער פּויפּס", „קאַרל דעם גרויסנס שווערד", „משיחישע לעגענדעס", „אַריינפיר צום תלמוד", „דער מגן דוד", „געשיכטע פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע" א"אַ. ער האָט אויך אַקטיוו מיטגעאַרבעט אין דער ציי־טונג „אַמאַנעסער".

ווי מען זעט, האָט ער אַפילו אויפן שפּראַכלעכן געביט צוגע־טראָגן אַ סך צו די פאָדערונגען פון זיין שריפטשטעלערישער פיל־זייטיקייט, וואָס האָט אים כאַראַקטעריזירט זינט דעם אָנהייב פון זיין פּראָקטיקער אַרבעט. און ביי דער פילזייטיקייט איז ביי אים מעגלעך געווען שאַפערישע גאַנצקייט אַ דאַנק זיין קלאָרער אינטעליגענץ, זיין ערודיציע פון אַ פּאָליגראַף און זיין קיין מאָל ניט געשטילטע שטרעבונג צו וויסן.

קיין שום זאַך איז נישט געבליבן פרעמד פאַר זיין באַגער צו בילדונג און קולטור. ער איז געווען אַ נאה דורש און אַ נאה מקיים און מיט דעם דערוויזן, ווי גערעכט ס'איז רבי הלל מאמר: „מרבה תורה מרבה חיים, מרבה ישיבה מרבה חכמה, מרבה עצה מרבה תבונה". זיין לאַנג לעבן, זיין חכמה און זיין פאַרשטאַנד זיינען דע־רויף דער בעסטער באַווייז.

„די אידישע צייטונג", 7טער יולי 1970



אין ווײַטן צפֿון פֿון דרום אַמעריקאַנער קאָנטינענט, דאָרט ווו עס ווערן געבוירן דער גרויסער טײַך פּאַראַנאַ, דער פֿאָטער פֿון די וואַסערן, און זײַן קלענערער ברודער דער פּאַראַגווײַ, שפּרייטן זיך געדיכטע וועלדער. צווישן די וועלדער ציִען זיך אומענדלעכע זומפּן און אויך קלאָרע אָזערעס מיט בלויע וואַסערן, רויִקע ווי געשליפֿענע גלעזערנע שפּיגלען. אויף די ברעגן פֿון די דאָזיקע וואַסערן האָבן געוווינט שבֿטים אינדיאַנער. דאָס זײַנען געווען די גוואַראַניִער און אַנדערע שבֿטים. יאָרהונדערטער האָבן זיי געלעבט בײַ די ברעגן פֿון די טײַכן, וואָס פֿליסן פֿון צפֿון צו דרום, און בײַ די ראַנדן פֿון די וועלדער האָבן זיי אויפֿגעשטעלט זייערע בײַדלעך. זיי האָבן גע־לעבט פֿון יאַגד און פֿישכאַפּן, געגלייבט אין זייערע געטער און אָן אַ סוף געפֿירט מלחמות איין שבֿט קעגן דעם צווייטן, און זיי אַלע קעגן די ווילדע חיות פֿון וואַלד. מיט אייגענע מנהגים געלעבט און אויף זייער אייגענעם וועג געפֿונען אַ באַשייד פֿאַר די דערשײַנונגען פֿון דער נאַטור. דורך שיינע פֿאָלקס־מעשׂיות האָבן זיי דערקלערט די פֿאַקטן פֿון דער נאַטור־ וואָס האָבן גערייצט זייער פּרימיטיווע פֿאַנטאַזיע: בוים און בלום, פֿעלדז און בעל־חיים, זון, שטורעם און כוואַליע, די לבֿנה אָנהייב חודש און סוף חודש אאַז״וו. די אַלטע וואָרזאָגערס פֿון די שבֿטים האָבן דערציילט די מעשׂיות די מוטיקע קריגערס און האָבן זיי דורך די מעשׂיות געלערנט מוסר: טופֿאַ שטראָפֿט דעם פֿאַלשן און באַשיצט דעם גערעכטן.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן יאָרהונדערטער לאַנג; די דערציי־לונגען זײַנען אַריבער פֿון מויל צו מויל און פֿון דור צו דור, ביז...

ביז דער ווײַסער מענטש האָט זיך באַוויזן און האָט ביסלעכווײַז, אָבער זיכער, גענומען פֿאַרלענדן די רײַכע, פֿרידלעכע שבֿטים: מיט זײַן שטאָלענער שווערד, מיט זײַן פֿײַער־געווער און פֿאַרשפּרייטנ־דיק צווישן זיי שאַרפֿע משקאות. מיט די לעבן־געבליבענע פֿון די שבֿטים האָבן זיך די ווײַסע מענטשן אויסגעמישט און ס׳איז אַנט־שטאַנען אַ דור פֿון מישלינגען. זיי האָבן עס טאַקע אויפֿגעהיט אין זכּרון די שיינע גוואַראַני׳ער לעגענדעס און דערציילן זיי נאָך ביז היינט צו טאָג, פּונקט אַזוי ווי פֿאַר צײַטנס.

אַזעלכע מעשׂיות וועל איך אײַך דאָ דערציילן. די ערשטע — געהערט זי פֿון אַן אַלטן אינדיאַנער וואָס אין זײַנע בליקן האָט גע־פֿלעמלט דאָס שוואַרצע פֿײַערל פֿון די גוואַראַני׳ער אויגן. הערט זיך צו רויִק, ווי איך האָב זיך צוגעהערט, און אויך פֿאַר אײַך וועט קלאָר ווערן דער סוד, פֿאַר וואָס ווען די זון פֿאַרגייט אין די שפּיגלדיקע וואַסערן פֿון דער אָזערע ווערט אויף איר אָרט געבוירן אַ רויטער פֿלעק, אַזוי גרויס ווי די פֿאַרגאַנגענע זון, און ס׳נעמט גאָר לאַנג ביז דער פֿלעק ווערט פֿאַרשווונדן פֿון דער גלאַטער אייבערפֿלאַך.

הערט די מעשׂה פֿון פֿאַר צײַטנס:

# די בלוט רויטע זון אין שקיעה־צייט

אינטאַ איז געווען אַ גרויסער שווימער. קיינער פֿון די יונגען פֿון זײַן שבֿט — דער שבֿט פֿון די בראַווע מאַקאָרעטאַעס — האָט זײַן פֿלינקייט און געניטשאַפֿט אין שווימען ניט געקאָנט אַריבער־שטײַגן. אין די שטאַרקסטע שטראָמען, בעת די געפּערלעכסטע שטורעמס, ווען די כוואַליעס האָבן ווי מוראדיקע בערג זיך געהויבן איבער די טײַכן און אָזערעס, האָט אינטאַ דער שווימער זיך געפּילט אַזוי זיכער ווי אויף דער יבשה. ער איז אָבער אויך געווען אַ בראַ־ווער יעגער: איז אָן מורא אַליין געגאַנגען קעגן זשאַגואַרעטע אין דער פֿינצטערניש פֿון וואַלד און זײַנע שאַרפֿע פֿײַלן האָבן אַוועק־געלייגט ניט איין ווילדן חזיר און ווידזלטיר.

יונג און שיין איז אינטאַ געווען, און די מיידלעך פֿון שבֿט און פֿון די אַרומיקע שבֿטים האָבן זיך געוווּנטשן ער זאָל זיי זײַן ליבע שענקען. ער האָט אָבער נאָר ליב געהאַט די שענסטע יונגפֿרוי פֿון שבֿט — פּיקאַסו איז געווען איר נאָמען — און אויך זי האָט אים ליב געהאַט. פּיקאַסו מיינט אַ טירטלטויב, און אַזוי ווי איר נאָמען, אַזוי איז זי געווען: צאַרט, ליב און מילד ווי אַ טירטלטויב. די על־טערן האָבן אויך מסכּים געווען אויף זייער ליבע, און ס'האָט געהייסן אַז אויב מען וועט נאָר פֿון הימל באַווייליקן דעם זיווג, וועט אינטאַ חתונה האָבן פֿאַר זײַן געליבטער פּיקאַסו.

איז מען געגאַנגען צום טוזשאָ — דער אַלטער וואָרזאָגער פֿו־נעם שבֿט — ער זאָל דורך זײַנע שפּרוכן און אײַנשווערענישן אויס־פֿאָרשן דעם ווילן פֿון די געטער, דער עיקר פֿון דער לבֿנה־געטין יאַסי.

ווען דער אַלטער מכשף האָט מיט זײַנע געוויינטלעכע שפּרוכן און השבעות אויסגעפֿרעגט די געטין, האָט זי זיך געוויזן קלאָר און אָן פֿלעקן, און דאָס האָט ער געטײַטשט אַז: אינטאָ איז דער באַ־שערטער פֿון דער שיינער פּיקאָסו. זאָל ער זי ברענגען צו זיך אין בײַדל, זי שפּײַזן פֿון זײַן יאַגד און האָבן פֿון איר קינדער, וואָס וועלן זײַן אַ פֿרייד פֿאַר ביידן און אַ געזונט פֿאַרן שבֿט.

דאָס זײַנען געווען די ווערטער פֿונעם טושאָ. צי האָט ער גע־ליגנערט, דער אַלטער? אָדער ער האָט זיך צו פֿיל אָנגערויכערט און אָנגעטרונקען מיט די דאַמפֿן און משקה פֿון די קאַאַ־גראָזן און האָט דעריבער שלעכט פֿאַרשטאַנען און קרום אויסגעטײַטשט די צייכנס פֿון דער לבֿנה?

מויל און אויערן שטעלט־אָן און הערט ווײַטער די מעשׂה פֿון פֿאַר צײַטנס.

*

דאָס נבֿיאות זאָגן פֿונעם טושאָ איז נאָך אָבער ניט גענוג: עס דאַרף קומען נאָך אַ פּרווו וואָס זאָל באַפֿעסטיקן, אַז טופּאָ, דער גאָט איבער געטער און באַשאַפֿער פֿון אַלץ און פֿון אַלעמען, גייט־אײַן אויף דער חתונה. דער עלטסטער פֿונעם שבֿט, וואָס אויף זײַן באַפֿעל וואַרפֿן זיך די יונגען אין שלאַכט אַרײַן, איז דער וואָס באַשטימט דעם שווערן פּרווו. וואָס ערשט נאָך דעם ווי דער בחור מאַכט אים דורך, ווערט געגרייט די חתונה.

און דער פּרווו וואָס דער שבֿט־עלטסטער פֿאַראָרדנט איז אַ שווערער: דער יונג וואַרפֿט זיך אַרײַן אין די וואַסערן פֿון דער אָזערע און ער שווימט זייער אַ לאַנגן שטח, ביז צו אַן אינדזל וואָס ליגט ווײַט, אינעם רעכטן מיט פֿון דער אָזערע. ער מוז שווימענדיק ברענגען ביזן אינדזל זײַן פֿײַל־און־בויגן און דאָרטן כאַפּן פֿאַנג: פֿייגל און חיות געגנוג אויף זײַן חתונה־מאָלצײַט, און מיטן פֿאַנג צו־ריקשווימען ביז צום ברעג ווו די בײַדלעך שטייען.

אויב ער האָט באַוויזן אויסצוהאַלטן דעם פּרווו, איז ער ראוי חתונה צו האָבן. אָבער ווײַט איז דער אינדזל פֿון ברעג; די שטראָ־

מען וואָס דער ווינט טרײַבט אין דער אָזערע זײַנען שטאַרקע און גאָר שווער איז דער וועג צוריק, ווען דער יונג, אַ פֿאַרמאַטערטער פֿונעם אַהינשווימען און פֿון לויערן און יאָגן זיך איבערן וואַלד, מוז נאָך אַ מאָל דורכשווימען די אָזערע, אַ באַלאַדענער מיט רויב אויף הענט און רוקן.

שווער איז דער פּרווו, און נאָר דער וואָס גלייבט אינעם כּוח פֿון טופּאַ מאַכט אים דורך. ווען טופּאַ וויל נישט, העלפֿט נישט קיין קלוגשאַפֿט, קיין בריהשקייט. די שטאַרקסטע אָרעמס ווערן אין וואַסערשטראָם שוואַך. די פֿיס ווערן ווי פֿאַרגליווערט, אָדער ווילדע פֿיש — שליחים פֿון אַניאַ דעם בייזן — צעבײַסן זיי. אין אַזאַ פֿאַל קומט שוין דער שווימער קיין מאָל ניט צוריק פֿונעם אינדזל... ער בלײַבט שוין — נאָך איינער אין דער צאָל פֿון די וואָס האָבן געוואָלט חתונה האָבן קעגן טופּאַס רצון. ס׳האָט נאָך קיין מאָל ניט געטראָפֿן, אַז אַ שווימער וואָס איז ניט צוריקגעקומען גלײַך פֿונעם אינדזל זאָל באַוויַזן זיך צוריקקערן שפּעטער...

מיט דעם האָבן זיך נאָך אָבער נישט אויסגעלאָזט די נסיונות פֿאַר די וואָס האָבן געוואָלט חתונה האָבן. טופּאַס ווילן און זײַן הסכּמה צום שידוך האָבן געהאַט נאָך אַ וועג זיך אויסצודריקן.

עס טרעפֿט אַ מאָל אַז דער גוטער גאָט טופּאַ, וואָס וואַכט איבערן שבֿט פֿון די גוואַראַניער, איז מיט עפּעס פֿאַרטראָגן און ער באַמערקט ניט דעם פּרווו פֿונעם חתן. אָדער דער יונג איז אַזאַ שטאַרקער און פֿלינקער אַז ער האַלט פֿאָרט אויס דעם נסיון, כאָטש די חתונה איז טופּאַן נישט לרצון. דאַן דריקט דער גאָט אויס זײַן אומצופֿרידנקייט אויף צו מאָרגנס נאָך דער באַהעפֿטונג, דורך טרערן. דער גרויסער גײַסט וויינט — אַ געדיכטער רעגן — אויף דער באַגאַנגענער זינד.

אַזאַ רעגן אויף צו מאָרגנס נאָך דער חתונה איז דער העכסטער און קלאָרסטער צייכן פֿון טופּאַס ווילן. דאָס מיינט אַז די באַהעפֿטונג פֿונעם פּאָרל איז זינדיק און מען פֿאַרטרײַבט זיי פֿונעם שבֿט. מען צווינגט זיי זיך אַרײַנצוּוואַרפֿן אין וואַסער אַרײַן. אויב זיי זײַנען

גוטע שווימערס, וועלן זיי צושווימען צום אינדזל און דאָרטן קאָנען צוזאַמענלעבן; טאָמער נישט, וועט זייער קערפּער אַראָפּ צום גרונט, אין די גרענעצן פון אי־יאַראַס ממשלה, און נאָר זייערע נשמות וועלן דערשווימען צום אינדזל און דאָרט בלייבן וווינען. דאָרטן אויפן אינדזל, צוזאַמען מיט די אַלע וואָס האָבן זיך פּאַראייניקט קעגן טופּאַס גייסט.

אַזוי איז דער באַפעל פון טופּאַ און אַזוי איז דער מנהג ביים אַלטן שבט מאַקאָרעטאַ, וואָס האָט געלעבט אין שטרענגער געהאָר־כיקייט צום געטלעכן געבאָט.

הערט זשע און גלייבט די ווונדער פון פאַר צייטנס. הערט וואָס ס'האָט געטראָפן מיט אינטאַ, דעם שטאַרקסטן שווימער פון שבט, און מיט זיין אויסדערוויילטער פּיקאַסו. הערט און באַוווּנדערט די וועגן פון טופּאַס רצון און פון זיין אייביקער גערעכטיקייט.



אינטאַ איז דאָך געווען דער בעסטער שווימער, דער פלינקסטער יעגער פון שבט, איז ניט קיין ווונדער וואָס ער האָט דעם פרוווּ לייכט דורכגעמאַכט און נאָך דעם זעלביקן פאַר נאַכט זיך צוריק־געקערט מיט אַ שפע געכאַפּטע חיות און עופות פאַר זיין חתונה־סעודה.

אויפן צווייטן טאָג אין אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן די חתונה מיט געטראַנק, הוליאַנקעס, שפייזן און טענץ אַרום פייער.

דער וואָרזאָגער האָט געבענטשט און געהייליקט זייער פאַר־בונד. אַרום אַ פייער האָט ער געטאַנצט, צוזאַמען מיט אַלע הייליקע טרעפּערקעס, די קוניאַטאַיס. אין די קורצע הפסקות האָט ער גע־צויגן דעם רויך פון הייסן קאַאַ־גראַז און געטרונקען די שאַרפע משקאות, וואָס נאָר אויף חתונות דערלאַנגט מען זיי. אַלע אָבער, יונג און אַלט, האָבן אין מיטן דעם ברען פון די טענץ אויפגעהויבן אַלע ווייַלע דעם קאָפּ צום הימל און פון דער לבנה קיין אויג ניט אַראָפּגענומען.

— וועט טופּאַ באַוויליקן דאָס באַהעפטן זיך פון אינטאַ און פּיקאַסו?

— וועט די לבֿנה פאַרבלײַבן ריין, ניט פאַרדעקט פון קיין וואָלקן, די גאַנצע נאַכט פון דער חתונה און דעם גאַנצן מעת־לעת נאָך איר?

אין ציטער און שרעק האָט דאָס יונגע פּאָרל געקוקט אויף דער לבֿנה. ריין און העל האָט די געטין יאַסי אַראָפּגעשמייכלט צום וואַלד, צו דער אָזערע, אויף די התלהבֿותדיקע טאַנצנדיקע יונגע און אַלטע, און קיין איין וואָלקנדל האָט די גאַנצע חתונה־נאַכט ניט באַפלעקט דאָס ווײַלע פּנים פון דער נאַכטגעטין.

פאַרטאָג איז די שׂמחה פון דער חתונה געשטיגן. מידע פון טאַנצן און הוליען און שיכּורע פון קאַאַ־משקה, האָבן אַ סך זיך געוואַלגערט אויפן פּלאַץ צווישן דיביימער און בײַם ברעג פון דער אָזערע. נאָר די געציילטע וואָס האָבן זיך נאָך געקאָנט האַלטן אויף די פיס האָבן דאָס יונגע פּאָרפאָלק באַגלייט מיט טענץ און געזאַנג, מיט הענט־פּליעסקערײַ און מיט געשרייען ביז צו זייער נײַ אויפגעשטעלט בײַדל, ווו ס'האָט געדאַרפט זײַן דאָס וווינאָרט זייערס.

— טופּאַ האָט באַוויליקט! ווייל איז זײַן גרויסער גײַסט!

טופּאַ האָט באַוויליקט. איז דאָס זיכער שוין? דער מעת־לעת איז נאָך ניט אַריבער.

*

טרויעריק איז דאָס געמיט בײַ אינטאַן; פאַרביטערט און שווער — דאָס האַרץ פון דער שיינער און מילדער פּיקאַסו. ווען זיי זײַנען פרי אויף צו מאָרגנס פון בײַדל אַרויס, האָבן זיי קיין זונשטראַלן ניט באַגעגנט. די זון האָט זיך אַ גאַנצן טאָג נישט געוויזן; זי איז געבליבן פאַרבאָרגן ערגעץ ווו הינטער שווערע כמאַרעס, און אָט די וואָלקנס, וואָס זײַנען עלול געווען יעדע ווײַלע אויסצוברעכן אין אַ שלאַקס רעגן, האָבן שווער געדריקט דאָס געמיט פונעם יונגן פּאָרפאָלק.

זייער פינצטער מזל האָט זיך געשטאַרקט פאַר נאַכט צו, איייניקע

שעה, איידער דער חתונה־מעת־לעת איז אַריבער: עס האָט אָנגע־הויבן רעגענען.

טופאַ האָט געוויינט, טופאַ האָט טרערן פאַרגאָסן. צי דאַרף מען נאָך אַ קלאָרערן באַווייז אַז ער האָט ניט גוטגעהייסן די פאַראייניקונג פון די צוויי פאַרליבטע?

אַ דערשראָקענער, אַ צעטומלטער, מיט אויגן ברייט צעעפנטע פון שרעק און מיט שוים אויף די ליפּן, איז דער וואָרזאָגער געלאָפן צום נייעם געצעלט. לויפנדיק האָט ער אַזוי געשריִען:

— עס רעגנט אין דעם טאָג פון אינטאַס חתונה. טופאַ האָט ניט געוואָלט ער זאָל נעמען די טירטלטויב פון אונדזער שבט!

— עס רעגנט! ווי איז אונדז! מיר וועלן טופאַס טרערן ניט אָפּווישן! פאַרטרייבן מוז מען דאָס זינדיקע פּאָרל פון אונדזער שבט!

— עס רעגנט אין חתונה־טאָג! טופאַס צאָרן אויף אונדז וועט זיך נאָר איינשטילן ווען מען וועט פאַרטרייבן אינטאַן און פיקאַסו צו דער אָזערע. זאָלן זיי שווימען צום אינדזל, וווּ עס ווינען זייערס גלייכן!

און דער המון איז געוואַקסן אַרום דעם טרעפער טוזשאַ; ווי אַ שטורעם זיינען זיי געלאָפן פון איין עק לאַגער ביז צום צווייטן און צעטראָגן דעם ווייסטן אָנזאָג.

דאָס יונגע פּאָרל האָט געוואַרט אויפן באַשערטן גורל. זיי האָבן געגלייבט די רייד פון דעם טוזשאָ און געווען זיכער אַז די מסורות פונעם שבט זיינען אמתדיקע: קעגן גאָטס ווילן האָבן זיי זייער פאַר־אייניקונג געשלאָסן און איצט מוזן זיי אַוועק פון שבט.

אינטאַ האָט אַפילו ניט געוואַרט ביז די מחנה וועט זיך צוזאַ־מענלויפן אַרום זיין נייעם געצעלט. ער האָט גענומען פיקאַסו, זיין ליבע טירטלטויב, פאַר דער האַנט, צוגעבונדן דעם פיילנבויגן אויפן אַקסל און ביידע זיינען זיי אַוועקגעלאָפן צום הויכן ברעג פון דער אָזערע. זיי האָבן ביידע אָנגעשטרענגט זייערע כּוחות וואָס ווייטער אָפּצושפּרינגען פון ברעג מיטן ערשטן שפּרונג, עס זאָל לייכטער זיין צו שווימען.

דער המון איז אָנגעלאָפן צום ברעג און האָט נאָכגעשיקט קללות אויפן שווימענדיקן פּאָרל: איבער זיי איז דאָך דער גרויסער לוי־טערער גײַסט אין צאָרן אויפן שבֿט. דער ערשטער האָט אָנגעהויבן שעלטן דער טוזשאָ, דער רופֿא און וואָרזאָגער פֿון שבֿט; נאָך אים האָבן די הייליקע בתולות, די קוניאַטאַיס, געשאָלטן און געזידלט די אַוועקשווימענדיקע; נאָך זיי — די זקנים פֿון שבֿט, און דער גאַנצער המון האָט נאָכגעשריִען:

— פֿאַרשאָלטן זאָלט איר זײַן! אײַער זינדיק באַהעפֿטעניש זאָלט דעם צאָרן פֿון בייזן אַניאַ אויף אונדז אויפֿגעבראַכט!

— פֿאַרשאָלטן און פֿאַרשטויסן זאָלט איר ווערן, און זאָל דורך דעם אָפּגעווענדט ווערן דער צאָרן פֿונעם ליכטיקן גײַסט!

*

אינטאַ איז געשוווּמען האַלטנדיק פֿאַר דער האַנט זײַן שוואַכע פֿרוי. זי האָט אַפֿילו אַליין אויך געקענט שווימען, אָבער זי איז געווען דערשראָקן און דערשלאָגן פֿון די אַנגסטן פֿונעם גורל און פֿאַרטריבט און פֿאַרטומלט פֿון די קללות מיט וועלכע דער המון האָט זיי פֿון ברעג אַראָפּ פֿאַרפֿאָלגט. ביידע זײַנען אויך געווען מיד און שוואַך פֿונעם גרויסן תּענית וואָס זיי האָבן אָפּגעריכט: דעם טאָג פֿון זײַן חתונה וועט אַ גוואַראַניִער קינד ניט נעמען קיין ביסן אין מויל, נאָר ברענגען דעם קרבן פֿון זײַן פּײַניקונג דעם גוטן רצון פֿונעם ליכטיקן טופּאַ.

אינטאַ האָט אָבער ניט אומזיסט געטראָגן זײַן נאָמען: דער בעסטער שווימער פֿון שבֿט וועט גובֿר זײַן די וואַסערן, וועט זיך שטאַרקן איבער דער שוואַכקייט און וועט דערשווימען צום אינדזל. ליב האָבן זיי זיך, וועלן זיי זיך פֿילן גליקלעך אַפֿילו אויפֿן אינדזל פֿון די פֿאַרשטויסענע.

און אינטאַ האָט אַרומגענומען מיט איין אָרעם זײַן געליבטע פּיקאַסו; מיטן צווייטן און מיט זײַנע מאַכטיקע פֿיס האָט ער גע־שניטן די כוואַליעס, געשפּאָלטן די שטראָמען און זיך דערווײַטערט מיט יעדער רגע ווײַטער און ווײַטער פֿון ברעג. אָט זײַנען זיי כּמעט

שוין אין גאַנצן פֿאַרשוווּנדן פֿון די אויגן פֿונעם שעלטדיקן המון, וואָס איז אַלץ געשטאַנען אויפֿן ברעג. אָט זעט מען שוין פֿון זיי נישט מער ווי אַ באַוועגלעכן פֿלעק אויף דער פֿלאַך פֿון דער אָזערע.

*

ניואַטי, דער דאָרן, איז געווען זײַן נאָמען, און ווי אַ דאָרן איז ער געווען מיאוס און שטעכעדיק. ניואַטי איז געווען אַ ווילדער מלחמה־מאַן; אַ בייזער, כיטרער, נקמה־דאָרשטיקער יונג. מיט אַ צײַט פֿריִער, איידער אינטאַ האָט פֿאַרקנסט פיקאָסון, האָט ער זיך צו איר געוואָנדן נאָך ליבע. אָבער זי האָט אים אָפּגעזאָגט, ווײַל זי האָט שוין דאַן ליב געהאַט דעם מילדן, שיינעם און שטאַרקן אינטאַ.

— קלײַב דיר אויס אַן אַנדער מיידל — האָט זי אים געענט־פֿערט; — די טירטלטויב קאָן זיך נישט באַהעפֿטן צו אַ דאָרן. איר האַרץ און אירע אויגן זײַנען געבונדן צו אינטאַ דעם מילדן.

מיט פֿאַרשטשומעטע ציינער פֿון צאָרן און פֿאַרדראָס איז ניואַטי דער דאָרן אַוועק דעמאָלט פֿון פיקאָסוס געצעלט.

ער האָט געשוויגן, אָבער שטיל אין אים אינעווייניק האָט גע־ברענט דער בייזער גײַסט פֿון נקמה, וועלכן דער שלעכטער גאָט אַניאַ צעצינדט און בלאָזט־אויף.

איז ניואַטי, דער דאָרן, געשטאַנען אויפֿן העכסטן אָרט פֿון ברעג און האָט צוגעזען ווי די, וואָס האָט אים פֿאַרשטויסן, ווערט פֿאַר־שוווּנדן צוזאַמען מיט זײַן קעגנער. און זײַן נקמה האָט אויסגעבראָכן ווי אַ העליש פֿײַער. ער האָט אין זיי געשלײַדערט די ערשטע פֿײַל פֿון זײַן בויגן — אַ גוטער פֿײַלנשיסער איז ניואַטי געווען — און ער האָט געטראָפֿן אין ציל. נאָך אים האָבן אַנדערע יונגען געשלײַ־דערט אין זיי שאַרפֿע שפּיציקע פֿײַלן. די פֿאַרווונדיקטע שווימערס זײַנען אַראָפּ צום גרונט. דער באַוועגלעכער פֿלעק אויף דער פֿלאַך פֿונעם וואַסער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן.

אומשולדיק בלוט איז פֿאַרגאָסן געוואָרן. טופּאַ דער אַלמאַכטי־קער וויל אָבער ניט, אַז אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט זאָל בלײַבן אָן אַ צייכן. האָט ער אַ סימן געשיקט:

דאָס איז געווען אין דער בין השמשות־שעה, ווען די זון האָט זיך געטובֿלט, ווי זי טוט דאָס יעדן טאָג, אין דער אָזערע. דאָס מאָל איז אויפֿן אָרט, וווּ די זון האָט געזונקען, אויפֿגעשווומען אַ פּורפּור רויטער פֿלעק, ווי בלוט רויט, גרויס ווי די זון. און דער בלוט רויטער פֿלעק האָט זיך ביסלעכווײַז אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן אַרום. דאָס איז דאָס בלוט פֿון די אומשולדיקע, וועלכע זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן איבער נקמה. זייער בלוט האָט עס פֿאַרפֿלעקט די זון בעת איר טבֿילה שקיעה־צײַט, ווען זי דאַרף ריין זײַן און מיט איר ריינקייט אָנברייטן די מענטשן צו דער קומענדיקער נאַכט.

דאָס איז געווען דער צייכן פֿון טופֿאַ, אַז אין זײַן נאָמען איז געוואָרפֿן געוואָרן אַ בלוטיקער פֿלעק אויפֿן גאַנצן שבֿט פֿון די מאַקאָרעטאַעס. אַ פֿלעק וואָס וועט ניט פֿאַרווישט און ניט אָפּגעמעקט ווערן.

און פֿון דעמאָלט אָן, חזרט זיך דער דאָזיקער צייכן איבער יעדן טאָג: ווען די זון דאַרף צו שקיעה גיין, ווערט דער גאַנצער רוים אַרום באַפֿאַרבט אין טונקל רויטער בלוטקאָליר.

אַ צייכן פֿון טופֿאַ צו די האַרטנעקיקע מענטשן, זיי צו דערמאָנען זייערע זינד און וועקן צו תשובֿה אין דער שטילער שעה פֿון פֿאַרנאַכטיקן בין־השמשות.

# דאָס וועזן וואָסביידע געטער האָבן אויסגעטאָטעמט

איידער ס'איז געווען עפּעס פֿון דעם וואָס איז דאָ — איז קיין זאַך ניט געווען.

נאָר דער גײַסט פֿון אַל־דאָס בייז, אַניאַ דער פֿינצטערער, דער שלעכטער, איז געווען און האָט געאָטעמט מיט חושך און מיט קעלט אויף דעם גאָרניט.

און געווען איז אויך דעמאָלט, ווען קיין שום זאַך איז נאָך ניט געווען, אויך טופּאַ, דער גרויסער מײַסטער און באַשאַפֿער, דער יוצר־טובֿ — און ער האָט געאָטעמט מיט ליכט, מיט וואַרעמקייט און מיט ליבלעכקייט אויף דעם גאָרניט.

ביידע גײַסטער האָבן מיט זייער אָטעם אָנגעפֿולט דעם אין־סוף, אָבער די הויכן האָבן זיך נישט פֿאַרמישט, נאָר פֿאַרבליבן אָפּגעזונדערט איינער פֿונעם צווייטן: פֿון איין זײַט שלעכטס און פֿינצטערניש, קעלט און טויט; פֿון דער צווייטער — גוטס און ליכט, וואַרעמקייט און לעבן. און פֿון ביידנס אָטעם איז אַלץ געוואָרן; אַלץ וואָס איז דאָ און מיר זעען עס און אַלץ וואָס איז דאָ און מיר זעען עס ניט: דער זשאַגוואַרעטע אין וואַלד, די פֿיש אינעם טײַך, די פֿייגל אין דער לופֿטן, דער קראָקאָדיל בײַ די זומפּיקע ברעגן און די מענטשן — פֿונעם יעגער און מלחמה־מאַן ביז דעם קאַציק וואָס איז באַשאַפֿן צום הערשן.

אַלץ איז פֿון זייערע ביידע אָטעמס באַשאַפֿן געוואָרן. הערט זשע ווי אַזוי.

*

צו ערשט זײַנען פֿונעם אָטעם פֿון בײדע גײַסטער וואָס האָבן אָנגעפֿולט דעם גאָרניט באַשאַפֿן געוואָרן זײערע נאָענטסטע העלפֿערס: פֿון יעדנס אָטעם איז אַרויסגעקומען אַ העלפֿער פֿאַר אים.

האָט דער בײזער גײַסט פֿון אַניאַ אַרויסגעהויכט צו ערשט זײַן מיטהעלפֿערין יאַסי, די בלײכע קעניגין פֿונעם נאַכטיקן ליכט, אין איר פֿאַרענדיקטן פֿערטל. זי האָט געדאַרפֿט זײַן די מיטהעלפֿערין פֿון קעלט, פֿון נאַכט־פּחד אין האַרץ פֿון די וועלדער; איר עובֿדה: פֿאַרשלעפֿערן מענטשן און מוטיקן דאָס אַכזריות פֿון די ווילדע, פֿאַרצוקנדיקע חיות. דאָס אַלץ איז אָבער שפּעטער געקומען.

האָט אָבער טופּאַ, דער יוצר־טובֿ, אין דער זעלביקער צײַט אַרויסגעאָטעמט די גוטע מילדע זון, וואָס וואַרעמט און ברענט ניט, מאַכט פֿרײלעך און קרעפֿטיק, העלפֿט וואַקסן און פֿאַרטרײַבט די נאַכטשרעק און דעם שלאָף וואָס איז געגליכן צום טויט. די זון פֿאַרטרײַבט צוריק די חיות אין זײערע נאָרעס; אין דער טיפֿעניש פֿון די וועלדער און טײלט אַלעמען שפּײַז און לעבן. דערווײַל אָבער איז נאָך גאָר ניט געווען. דאָס אַלץ איז שפּעטער געקומען; דערווײַל איז נאָר געווען די זון אַלײן.

אַז אַניאַ האָט געזען וואָס טופּאַ האָט מיט זײַן דוך באַשאַפֿן, האָט ער עס געוואָלט צעשטערן. ער האָט אָבער ניט געקאָנט: זײַן גײַסט האָט קײן שליטה ניט געהאַט אויף ליכטיקײט און זוניקײט.

און אַז טופּאַ האָט געזען דאָס שלעכטס וואָס אַניאַ האָט אַרויס־געהויכט, האָט ער עס מיט זײַן גוטן אָטעם געוואָלט פֿאַרטרײַבן. זײַן גײַסט האָט אָבער אויך ניט געהאַט קײן שליטה איבער פֿינצ־טערניש און נאַכט־פּחד.

וואָרעם גוטס קאָן דאָס שלעכטס ניט באַהערשן און שלעכטס טאָר דאָס גוטע ניט מנצח זײַן. פֿינצטערניש קאָן זיך מיט ליכט ניט פֿאַרמישן און ס'ליכט קאָן אויך ניט אין גאַנצן פֿאַרשלינגען דעם חושך. קעלט און טויט זײַנען ניט בכּוח דאָס לעבן צו באַהערשן אין גאַנצן, אָבער אײביקע וואַרעמקײט און לעבן טאָר ניט זײַן, ווײַל טויט דאַרף עס אומבײַטן.

ביידע גײַסטער — אַניאַ דער בייזער און טופּאַ דער גוטער — אָטעמען באַזונדער און זייערע הויכן פּאַרמישן זיך ניט, נאָר בײַטן זיך, שטײַגערן זיך תּמיד צו פּאַרמעסטן ווער ס׳איז שטאַרקער אין דעם ווונטש און ווילן גובֿר צו זײַן דעם צווייטן. און ווײַל זיי טאָרן ניט און קאָנען ניט גובֿר זײַן איינער דעם צווייטן, בײַטן זיי זיך אייביק: אַ מאָל איז ליכטיק, אַ מאָל פּינצטער; אַ מאָל גוט, אַ מאָל שלעכט; אָט איז לעבן, אָט איז טויט; דאָ וואַקסט, דאָ וועלקט; אַ מאָל מוט, אַ מאָל פּחד; צו ערשט די זון, נאָך איר — יאַסי די לבֿנה אין איר פּאַרגייענדיקן פּערטל.

אַזוי איז באַשאַפֿן געוואָרן נאַכט און טאָג, אין אייביקן שטרײַט צווישן זיך: אַ שטרײַט וואָס וועט זיך קיין מאָל ניט אָנטשיידן, ווײַל פֿון אַניאַס און טופּאַס אָטעמס זײַנען זיי באַשאַפֿן געוואָרן.

*

דערנאָך האָט טופּאַ באַשאַפֿן ערד, וואַלד, גוטע פֿרוכטביימער און געוויקסן צו שפּײַזן דעם, וואָס ער וועט שפּעטער באַשאַפֿן; וואַסערן צום טרינקען און פֿיש אין די טײַכן. אַניאַ ווידער, האָט באַשאַפֿן בייזע ווינטן צו ברעכן די ביימער און אַרויסצוטרײַבן די טײַכן פֿון זייערע ברעגן, פֿאַרפֿלייצנדיק די ערד. האָט טופּאַ זיך געשאַפֿן אַ צווייטן משרת, דעם וואַסערגאָט אי־יאַראַ, ער זאָל הערשן איבער טײַכן און אָזערעס און מילדערן די בייזקייט פֿון אַניאַס ווינטן. טופּאַ האָט אויך אויסגעאָטעמט דעם שטילן, וואַרעמען רעגן, וואָס באַפֿרוכפּערט אַלץ און באַנעצט די טריקעניש פֿון דער ברוינער ערד און פֿילט־אָן די טײַכן וואָס וועפּן־אויס אונטער דער ברענענדיקער זון.

אַניאַ האָט גלײַך באַשאַפֿן דעם שׂרפֿעדיקן בליץ און דעם קראַכיקן דונער, וואָס צעברעכט די הויכע ביימער און צעצינדט מוראדיקע שׂרפֿות אין די וועלדער.

ווײַטער האָט אַניאַ באַשאַפֿן בייזע, בלוטדאָרשטיקע חיות; גיפֿטיקע שלאַנגען, וואָס ווידמענען זיך אין די זומפּן, און קראָקאָדילן

וואָס פּויזען בײַ די נאַסע ברעגן און שטשירען זייערע זעגציינער, אויך די וואַסערשלענג האָט ער באַשאַפֿן, וואָס זייער סם איז ברע־נענדיק ווי אַ בליץ, און די שטאַרקע גיריקע זשאַגוואַרעטעס, אַלץ צו פֿאַרלענדן, צעבײַסן און צעשטערן.

האָט טופּאַ גלײַכצײַטיק באַשאַפֿן אַלע גוטע, מילדע הויז־חיות, הויז־עופֿות, כּדי זיי זאָלן מיט זייער מילך און פֿלייש באַשפּײַזן דעם וואָס דאַרף קומען און אים באַשיצן מיט זייער פֿעל פֿון אַניאַס שלעכטסקייט און צאָרן.

און אַזוי האָבן ביידע גײַסטער, דער גוטער און דער שלעכטער, געאָטעמט אין דעם גאָרניט און באַשאַפֿן אַלצדינג, און זייער אָטעם האָט זיך אַלץ ניט צוזאַמענגעגאָסן, נאָר געווען באַזונדער. יעדער איינער האָט געשאַפֿן פֿאַר זיך אין זײַן גײַסט, און געוואָלט און ניט געקאָנט איבערשטײַגן דעם צווייטן.

אַזוי איז אַלץ באַשאַפֿן געוואָרן. טאַקע אַלץ?

ניין, עס האָט נאָך עפּעס געפֿעלט. געפֿעלט האָט דאָס וויכ־טיקסטע.

*

עס זײַנען אַריבער אַ סך און אַ סך לבֿנות, און אַניאַ און טופּאַ האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער דער ערד, וואָס זיי האָבן פֿון זייער הויך באַשאַפֿן, מיט אַלעמען וואָס אויף איר, און זיי האָבן געשפּירט, אַז עפּעס פֿעלט. אַז יעדע זאַך איז באַזונדער, אַז איינס איז קעגן דעם צווייטן, אָבער אָפּגעטיילט און פֿײַנטלעך. נישטאָ קיין מעגלעכקייט איינס און דאָס צווייטע זאָלן זיך צונויפֿקומען אין איינעם, כּדי צו ווערן איינס.

איין מאָל, ווען די בלייכהויטיקע יאַסי האָט זיך געהויבן איבער די וועלדער און טײַכן, זוכנדיק צו פֿאַרשפּרייטן די הערשאַפֿט פֿון אַניאַ איבערן גאַנצן באַשאַף, האָט דער מילדער טופּאַ, באַגלייט פֿון אי־יאַראַן, זיך באַגעגנט אין אַ באַרגיקן פּלאַץ מיטן בייזן אַניאַ.

און דער ערשטער האָט צום צווייטן אַזוי אַ זאָג געטאָן:

— אַניאַ! עפּעס פֿעלט, עפּעס איז אַלץ נאָך ניט פֿאַראַן צווישן

דעם, וואָס מיר האָבן אויסגעאָטעמט. איך פֿיל עס, כאָטש איך ווייס ניט וואָס דאָס איז.

און אַניאַ האָט אים געענטפֿערט אַזוי צו זאָגן:

— געדעכט ביסטו, טופּאַ. אינעם באַשאַף פֿעלט עפּעס, וואָס זאָל זיך באַנוצן מיט דעם אַלעמען וואָס מיר האָבן אויפֿגעטאָן. וואָס זאָל הערשן איבערן באַשאַף און אים באַזיגן, און דאָך אים ניט קאָנען מנצח זײַן. אָבער וואָס דאָס איז ווייס איך ניט, פּונקט ווי דו ווייסט ניט.

זײַנען ביידע געטער און אי־יאַראַ, דער דריטער און קלענערער, געזעסן אַזוי און געטראַכט, ביז וואַנען יאָסי, די לבֿנה פּונעם לעצטן פֿערטל, אַ מידע פֿון נאַכטהערשאַפֿט, האָט גענומען זיך אַראָפּלאָזן צווישן די צווײַגן פֿון די ביימער, אין דער וואַלד־פֿינצטערניש פֿון דער צווייטער זײַט האָט שוין גענומען דער טאָג אויפֿשײַנען, איידער טופּאַס ליכטיקע זון האָט זיך באַוויזן.

אין יענעם הרף־עין, ווען טאָג און נאַכט באַגעגענען זיך כמעט צוזאַמען און קאָנען פֿאָרט ניט פֿאַרבלײַבן אין איינעם מער ווי איין רגע און צעגייען זיך ווידער; אין יענעם הרף־עין, ווען עס זעט־אויס אַז גוטס און שלעכטס, ליכט און פֿינצטערניש, קאָנען זיך צוזאַמענ־נעמען, אָבער דאָך איז עס מער נישט ווי אַן אויסדאַכטעניש — גראָד דעמאָלט האָבן ביידע גײַסטער פֿאַרשטאַנען וואָס עס פֿעלט אין זייער באַשאַף.

דאָס איז דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן געאָטעמט באַזונדער — האָט יעדער איינער געטראַכט. יעדער איינער האָט געוואָלט דער גאַנצער באַשאַף זאָל נאָר פֿון זײַן אָטעם אַרויסקומען. דערפֿאַר זײַנען צוויי האַלבע וועלטן באַזונדערע פֿאַראַנען, און קיין גאַנצע וועלט ניט. אַלץ איז אין איין שטרײַט און אין איין בײַט.

— מיר וועלן ביידע אין זאַך אויסאָטעמען, וועט אַלץ ווערן גאַנץ און געאייניקט. דער בײַט און שטרײַט וועלן ניט פֿאַרשווינדן, אָבער אַ גאַנצקייט וועט זײַן, ווײַל עס וועט האָבן אונדזער ביידנס אָטעם.

אין איין הרף־עין האָבן טופּאַ און אַניאַ זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אין זייער טראַכטן און —

*

זיי האָבן געשיקט אי־יאַראַן דעם שליח, און ער האָט געבראַכט אַ שטיק ערד פֿון אַ זומפּיקער וואַלדיקער געגנט. טופּאַ און אַניאַ האָבן דאָס שטיק ערד געפֿורעמט אין דער געשטאַלט פֿון צוויי מענטשן,ביידע טונקלהויטיקע, ווײַל זיי זײַנען אויסגעקנאָטן געוואָרן פֿון ברוינער ערד; איינער אָבער אַ ליכטיקערער, ווײַל טופּאַ האָט אים געפֿורעמט, און איינער אַ טונקל ברוינער, וואָס אַניאַ האָט אים געשטאַלטיקט. די ברוינערע געשטאַלט האָט מען אַ נאָמען געגעבן פּיטאַ און די בלייכערע — מאָראַטי.

האָר האָט מען בײַ זיי געמאַכט וואַקסן ווי וואַלדגראָזן; נעגל און ציינער פֿון חיות האָט זיי אַניאַ געגעבן; טופּאַ האָט זיי אַרײַנגעגעטאָן אין די אויגן צוויי פֿונקען־שטראַלן פֿון זײַן זון. און פֿון ביידע געטער האָבן זיי באַקומען פֿלינקייט און כּוח אין די הענט און אין די פֿיס, צו טאָן אי גוטס, אי שלעכטס.

און זיי האָבן ביידע צוזאַמען אים אַרײַנגעהויכט אין מויל אַרײַן פֿון זייער גײַסט און באַשאַפֿן אַזוי אַרום זײַן קול: דאָס קול פֿונעם מענטשן וואָס ברומט צו מאָל ווי אַ לייב, וואָרקעט ווי אַ טויב, זינגט ווי אַ פֿייגעלע און קלאָגט ווי אַ שאַקאַל; דאָס קול וואָס אַ מאָל באַפֿעלט עס בייז און אַ צווייט מאָל לאַכט עס גוטמוטיק. אַניאַ און טופּאַ האָבן עס בשותּפֿות באַשאַפֿן.

און דער מענטש דערגאַנצט דעם באַשאַף. אין אים געפֿינען זיך טאָג און נאַכט; גוטס און שלעכטס איז ער. ליכט און פֿינצטערניש טראָגט ער אין זיך. מוט און פּחד ווערן בײַ אים פֿאַראייניקט. אין זײַן נפֿש הויזן צוזאַמען יאַסי, די קאַלטע לבֿנה, און די הייסע ברענענדיקע זון. ווײַל אַניאַ און טופּאַ האָבן אים ביידע אין איין צײַט אַרויסגעאָטעמט. די איינציקע באַשעפֿעניש וואָס ביידע צוזאַמען און ניט באַזונדער האָבן געטאָן פֿורעמען.

און דערפֿאַר באַהערשט דאָס מענטשנקינד אַלץ און אַלעמען;

חיות און עופות, פּלאַנצן און געוויקסן, וואַסער און פֿײַער — נאָר זיך אַליין קאָן עס ניט באַהערשן, ווײַל אַניאַס און טופּאַס אָטעם קריגן זיך בײַ אים אינעווייניק: צעשיידן קאָנען זיי זיך ניט; גובֿר זײַן איינער דעם צווייטן — יאָ, אָבער נאָר אויף אַ־ין מאָמענט, און באַלד ווײַטער דער אייביקער בײַט, דער אייביקער שטרײַט, אָבער אין איין גאַנץ וועזן.

און ווען דאָס מענטשנקינד וואָס בײדע גײַסטער האָבן באַשאַפֿן איז געשטאַנען אויף די פֿיס, האָבן זיך ביידע גענומען עס לערנען:

טופּאַ האָט אים געלערנט באַאַרבעטן די ערד און רײַסן פּרוכטן פֿון די ביימער זיך צו שפּײַזן; זיך צי׳ען קעגן דער זון און וואַרעמען דעם קערפּער; זיך באָדן אין טײַך כּדי צו זײַן ריין; גיין טאַנצנדיק צו די בערג און אויסמײַדן די זומפּן און אַלע אַנדערע זאַכן וואָס דער מענטש האָט נייטיק צום לעבן. אַניאַ, ווידער, האָט אים גע־לערנט שעכטן חיות און עסן רוי פֿלייש, צעקנאַקן מיט די ציין די ביינער אַז בלוט און מאַרך זאָל רינען איבער די ליפּן און פֿײַכט מאַכן די ערד; און נאָך האָט ער אים געלערנט שרײַען הויך, ברו־מען, אָבער דערפֿאַר אַנטלויפֿן ווי אַ פּחדן פֿון שטאַרקערע חיות; זיך אויסשמירן אין זומפּ און צום טײַך גיין ניט זיך צו באָדן, נאָר כאַפּן פֿיש; און שפּרינגען, און ברומען, און וואָיען בײַנאַכט, און זיך וואַרפֿן אין מורא, און זיך באַהאַלטן אין די שאָטנס פֿון די ביימער פֿאַר דער נאַכטגעטין יאַסי.

אויסגעאָטעמט האָבן זיי אים ביידע צוזאַמען; געלערנט האָבן זיי אים אָבער יעדערער באַזונדער.

און ער האָט געפֿאָלגט און פֿאָלגט ביידן, ווײַל ביידנס אָטעם טראָגט ער אין זיך, דער מענטש.

אַז טופּאַ און אַניאַ האָבן געזען די צוויי מענטשן וואָס זיי האָבן באַשאַפֿן, און אַז אין זיי איז געוואָרן איינס דער אייביקער בײַט און שטרײַט פֿון דעם באַשאַף, זײַנען זיי ביידע אַוועק פֿון דער ערד, זיכערע אַז קיין שום זאַך פֿעלט שוין ניט, וויבאַלד מענטשן־קינ־דער זײַנען דאָ.

טופּאַ איז אַוועק אין הימל, ווו זײַן ליכט איז, ווו זײַן זון ברענט — און פֿון דאָרטן פֿירט ער מיט דער וועלט.

און אַניאַ איז אַראָפּ אין אַ העק אונטער דער ערד, ווו ס׳איז תּמיד פֿינצטער און אַפֿילו יאָסי באַלײַכט קיין מאָל ניט מיט איר קאַלטן ליכט די אייביקע טונקלקייט — און פֿון דאָרטן הערשט ער איבער זײַן וועלט.

די ערד האָבן זיי ביידע איבערגעלאָזט פֿאַר די צוויי מענטשן: פּיטאַ און מאַראָטי.

און ביידע, אַניאַ און טופּאַ, ווייסן אַז אין דעם מענטשן האָט יעדערער פֿון זיי זײַן באַשעפֿעניש, זײַן גײַסט.

# אַ פֿאַרשטיינערט פֿאָרפֿאָלק

אַז איר פֿאָרט פֿון בוענאָס־איירעס אַרויף מיט דעם טײַך אור־רוגווײַ — אַ שמאָלער טײַך אָבער אַ שטורמישער, ווי ער וואָלט אײַנגעפּרעסט געווען אין דעם צוים פֿון די הויכע פֿעלדזיקע ברעגן — קומט איר ביז אַ געוויסן פּלאַץ ווו אויפֿן רעכטן ברעג, האַרט בײַם סאַמע וואַסער, הייבט זיך אַ פֿעלדז מיט אַ ניט־געוויינטלעכער פֿאָרעם. פֿון דער ווײַטנס געזען, איז ער ענלעך צו אַ טאָפּעלער מענטשן־געשטאַלט, וואָס אונטן בײַם וואַסער ווערט זי ווי צוזאַמענ־געגאָסן אין איין פֿעלדזמאַסע, און אויבן, הויך איבער דער וואַסער־פֿלאַך, זעט זי אויס ווי צוויי מענטשן וואָס האַלטן זיך פֿעסט אַרומ־גענומען, שטײַף באַהאָפֿטן איינער מיטן אַנדערן און ווי אײַנגעבויגן אינעם רוים, איבערן וואַסער פֿונעם שטורמישן אורוגווײַ.

און אויב אײַך קומט־אויס, פֿאָרער, ווי ס'איז מיר אויסגעקומען, צו פֿאָרן איבערן אורוגווײַ־טײַך ווען ער איז שטיל, ווען ער רוט פֿון זײַן געוויינטלעכן שטורעם־צאָרן און האַלט אײַנגעדרימלט די כוואַ־ליעס, און ווען די וואַסערן, וואָס בדרך־כּלל איז זייער שטראָם אַן אימפּעטיקער, פֿליסן נידעריק, וועט איר פּונקט ווי איך פֿון ווײַטנס נאָך באַמערקן דעם דאָזיקן מענטשן־פֿאָרעמדיקן פֿעלדז וואָס שנײַדט זיך אַרײַן אין דער אַרומיקער לופֿט ווי אַרומגעאָרעמטע מאַן־און־ווײַב וואָס זײַנען אין עקסטאַז פֿון ליבע פֿאַרשטיינערט געוואָרן.

און איז אײַך באַשערט — ווי ס'איז מיר געווען — צו האָבן לעבן זיך בעת דער נסיעה אַן אַלטן, אײַנגעבוירענעם, טונקלהויטיקן תּושבֿ פֿון יענעם ברעג פֿון אורוגווײַ, וועט ער אײַך — אַ נײַגעריקן טוריסט — אָנווײַזן אויף דעם דאָזיקן ווונדער פֿון דער נאַטור, און

אין דעם אַלטן קלינגעוודיקן לשון פֿון די לאַנג שוין פֿאַרשוווּנדענע גוואַראַני:ער שבֿטים וועט ער אָנרופֿן דעם נאָמען פֿון דעם פֿעלדז:

— מאָקאָי־יואַיו — וועט ער זילב בײַ זילב אַרויספּליסטערן — צוויי צוזאַמענבאַהאָפּטן אין אײנעם. אַ צייכן, אַן אָנדענק פֿון אַ ליבע וואָס איז פֿון לעבן און פֿון טויט שטאַרקער; אַ ליבע וואָס האָט אַ זון געטריבן מיט פֿײַל־און־בויגן אויפֿצושטיין קעגן זײַן פֿאָטער און אַ פֿאָטער געטריבן צו פֿאַרראַטן זײַן זון; אַ ליבע וואָס לאָזט זיך ניט פֿאַרלעשן, ווי דאָס פֿײַער פֿונעם שטן אַניאַ, און ווערט ניט פֿאַרשוווּנדן אַפֿילו מיט דעם סוף פֿונעם לעבן.

— מאָקאָי־יואַיו — וועט ער מיט אַ שטילן זיפֿץ פֿאַרענדיקן זײַן שעפּטשען, דערוועקנדיק אין אײַך דעם נײַגער צו הערן די מעשׂה פֿון פֿאַר צײַטן וואָס בעט זיך שוין פֿון זײַנע ליפּן אַראָפּ.

הערט זשע די געשיכטע פֿון דעם טשיקאַוון פֿעלדז וואָס באַוואַכט, ווי אַ טאָפּעלע מענטשן־געשטאַלט, דעם רעכטן ברעג פֿון אורוגווײַ־טײַך. איך דערצייל זי אײַך אַקוראַט ווי איך האָב זי געהערט פֿונעם אַלטן טונקלהויטיקן באַגלייטער מײַנעם אין מײַן רײַזע איבערן אורוגווײַ. אַ וואָרט נישט געענדערט.

הערט די מעשׂה וועגן דעם ווונדערפֿעלדז מאָקאָי־יואַיו.

*

שטאַרק און מאַכטיק איז געווען דער קאַציק באַהי פֿון דעם שבֿט פֿון די דרייסטע אַביפּאָנעס. אַלע שבֿטים, די אָרטיקע, האָבן געציטערט, ווען זיי האָבן זײַן נאָמען דערהערט. באַהי — דער שלעכטער, דער בייזער. און אַזוי ווי זײַן נאָמען האָט אים באַצייכנט, אַזוי איז ער געווען, דער מאַכטיקער פֿירער פֿון די אומדערשראָקענע אַביפּאָנעס. ס'איז אין דער געגנט פֿונעם אורוגווײַ־טײַך, אינעם גאַנצן שטח ביזן ים, קיין איין שבֿט נישט געווען, וואָס זאָל פֿאַר זײַן בייזער קראַפֿט און כיטרעקייט ניט מורא האָבן. אַפֿילו די טשאַרואָס, די ווילדסטע פֿון די שבֿטים, די מענטשן־פֿרעסערס, האָבן פֿאַר באַהי דעם שלעכטן אָפּשײַ געהאַט.

זײַן מוט האָט זיך געקאָנט פֿאַרגלײַכן מיט זײַן כיטרעקײַט, אָבער זײַן אַכזריות צו די מלחמה־געפֿאַנגענע האָט זיי בײַדע אַרי־בערגעיאָגט. זײַנע שרעקלעך ווילדע המצאות ווי צו פּײַניקן גע־פֿאַנגענע האָבן געהאַט אַ שם און האָבן פֿאַרשפּרייט זײַן מורא צווישן אַלע שבֿטים פֿון גוואַראַני־לאַנד. און איינע פֿון די דאָזיקע צוטראַכ־טענישן האָט אַלע אַנדערע אַריבערגעשטיגן, אַלע גרוילן און שרעקן הינטער זיך געלאָזט:

ער פֿלעגט נעמען אַ געפֿאַנגענעם, אים בינדן און לעבעדיקער־הייט אַװעקלייגן אויף אַ בערגל פֿון רויטע מוראַשקעס. צערייצטע איבער דעם חורבן פֿון זייער מוראַשניק, פֿלעגן די באַשעפֿענישן באַפֿאַלן דעם פֿרעמדן און אים אַ לעבעדיקן אויפֿפֿרעסן. אַזעלכע יסורים פֿלעגט באַהי צוטראַכטן פֿאַר זײַנטע קרבנות.

ער איז שוין נישט געווען קיין יונגער. ווײַסע האָר זײַנען שוין געפֿאַלן איבער זײַן שטערן. אָבער דעם קאַציקס מוסקלדיקע אָרעמס און זײַן ברייטע פֿעסטע ברוסט האָבן דערציילט פֿון גבֿורה, קראַפֿט און פֿון אַ לאַנג אָנגעהאַלטענער יוגנטלעכקייט: ער האָט נאָך אַלץ געפֿירט זײַנע דרייסטע אַביפּאָנעס אין שלאַכט.

*

און אַ זון האָט ער געהאַט, דער קאַציק, האָט ער אים גערופֿן איוואַלע — דער מוטיקער, דער אומדערשראָקענער. אויך ער האָט זײַן נאָמען באַרעכטיקט; געווען ניט אַזוי אומברחמנותדיק ווי זײַן פֿאָטער, אָבער ניט ווייניקער העלדיש פֿון אים און ניט קלענער אין דורכגעטריבנקייט און אין קלוגע אײַנפֿאַלן בעת דער שלאַכט.

האָט דער פֿאָטער דעם זון ליב געהאַט ווי אַ קאַציק קאָן ליב האָבן אַ זון. ער האָט אים געגרייט צו ווערן זײַן יורש און דער פֿי־רער פֿון די אַביפּאָנעס נאָך דעם ווי טופּאַ דער אַלמאַכטיקער, וואָס איז באַוואָפֿנט מיט דונערן און בליצן, וועט באַהין צו זיך רופֿן, אין זײַן אייביקער שוץ.

אָבער ווי שטאַרק ער האָט נישט ליב געהאַט זײַן זון איוואַלען,

האָט דער זיך עלטערנדיקער באַהי נאָך ליבער געהאַט זיך אַליין; און וואָס מער די עלטער האָט זיך אויף אים אָנגערוקט, אַלץ בייזער און אייפֿערדיקער איז ער געוואָרן צו אַנדערע. ער איז געוואָרן בייזער און געפֿערלעכער פֿאַר יונגפֿרויען, און שאַרפֿער און גיפֿטיקער איז געוואָרן זײַן קנאה צו די יונגען פֿון שבֿט וואָס האָבן זיך גענומען שיינע בתולות פֿאַר ווײַבער אין די נײַע אייגענע געצעלטן אַרײַן.

אָט אַזאַ איז ער געווען, דער אַלטער קאַציק באַהי: ער איז נישט געווען בכּוח צו באַהערשן די לײַדנשאַפֿטן וואָס האָבן ווי אַ שטורעם זיך געריסן פֿון זײַן מאַכטיקער ברוסט אַרויס. און גרויס איז געווען די צאָל פֿון די זינד וואָס ער איז באַגאַנגען, ווײַל ער האָט נישט געקאָנט גובֿר זײַן די תּאווה. אָבער דער פּחד וואָס ער האָט אָנגעוואָרפֿן איז געווען אַזוי גרויס, אַז אַפֿילו די וואָרזאָגערס און די קוניאַטאַיס האָבן נישט געוואַגט צו זאָגן קיין שטראָפֿרייד דעם בייזן, כיטרען, אַלט ווערנדיקן קאַציק.

איוואַלע זײַן זון האָט עס געזען און מיט פֿאַרדראָס און יוגנטלעכן צער צוגעשוויגן: ער האָט שטרענג געהאַלטן דאָס געבאָט פֿון טופּאַ דעם אַלמאַכטיקן וואָס די וואָרזאָגערס פֿון שבֿט האָבן אים געהאַט איבערגעגעבן, אַז מען טאָר אַ טאַטן ניט מעיז זײַן, מען טאָר אַ טאַטן ניט אָנטאָן קיין עגמת־נפֿש, ווי זינדיק ער זאָל נישט זײַן. האָט איוואַלע צוגעזען מיט פּײַן זײַן פֿאָטערס תּאווה־זינד, און געשוויגן.

*

ביטערע צײַטן זײַנען געקומען פֿאַר די גוואַראַני־שבֿטים: די מאַקאַרעטאַעס, אַנוואַפּעיס, אַביפּאַנעס און אַפֿילו די ווילדסטע אומבאַזיגבאַרסטע טשאַרוס האָבן אָנגעהויבן ציטערן. שלעכטע אַכזריותדיקע צײַטן, ווי פֿון אַניאַ דעם גרויזאַמען אַראָפּגעשיקטע.

פֿון אַ ווײַטער, אומבאַקאַנטער וועלט, געטריבן אויף די פֿליגל פֿונעם ווינט און אויף גרויסע, מוראדיקע שיפֿן אַזעלכע, זײַנען ווײַסהויטיקע, געדיכט באַבאָרדטע מענטשן־קינדער צוגעשטאַנען צו

די ברעגן פֿונעם לאַנד. איבער די וועלדער און טאָלן פֿונעם גוואַראַ־ני־לאַנד האָט זיך דער אומברחמנותדיקער ווײַסהויטיקער מענטש באַוויזן. שטאַרק איז ער געווען ווי די געטער, און אומעטום האָט ער מיטגעבראַכט טויט און צעשטערונג. דער האַר פֿונעם פֿײַער איז ער געווען, האָט ער אים באַהערשט און באַפֿוילן וואָס ער האָט גע־וואָלט. ער האָט מיט פֿײַער געטויט פֿון דער ווײַטנס, ווען און ווען ער האָט געוואָלט.

דאָס אײַזן האָט ער באַהערשט און לויט זײַן ווילן געבויגן, ווי מען בייגט אַ ווייך גרין טשערעטל בײַם ברעג טײַך. האָט ער פֿונעם אײַזן זיך געמאַכט שוצן איבער דעם קאָפּ און דעם קערפּער — די ווײַסע האָבן עס גערופֿן קאַסקעס און פּאַנצערס — אַזוי אַרום אַז די פֿײַלן און שטיינערנע שפּיזן וואָס אונדזערע גוואַראַנגיער קריגסלײַט האָבן קעגן זיי געשלײַדערט האָבן זיך אָנגעשטויסן אין די שוצן און נישט גורם געווען קיין שאָדן.

אָ, די גבֿורה און הערשאַפֿט פֿונעם ווײַסן באַרדיקן מאַן!

פֿאַרוווּנדיקט, דערשראָקן און דערשטוינט, זײַנען זיך די שבֿטים צעלאָפֿן און געפֿאַלן פֿאַר די פֿיס פֿון דעם ווײַסהויטיקן; טיפֿער אין די וועלדער האָבן זיי זיך פֿאַררוקט און זייערע בײַדלעך געפּרוּווט אויפֿצושטעלן ווײַט פֿונעם וועג און פֿונעם טײַכברעג. און די אימה פֿאַרן ווונדער־כּוח פֿונעם אומבאַזיגלעכן ווײַסהויטיקן האָט זיי אויך דאָרטן, אין דער וועלדער־געדיכטעניש, נאָכגעיאָגט.

אויך דעם שבֿט פֿון די אַביפּאַנעס האָט דער בשותּפֿותדיקער גורל נישט אויסגעמיטן: ווײַטערע שבֿטים, געפֿירטע דורך אַנדערע קאַציקן, האָבן ביטער געקעמפֿט קעגן דעם ווײַסהויטיקן, און באַהי דער אַכזריותדיקער האָט זיך באַצײַטנס מכין געווען צו דער מלחמה.

דער ווײַסהויטיקער מענטש האָט לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן אויף זיך. באַהיס אַביפּאַנעס האָבן אים אין גיכן דערזען, אַ באַשיצטן מיט אײַזן און מיט דער מוראדיקער קראַפֿט פֿון די פֿײַער־שטעקנס. אַן אָפּטיילונג פֿונעם שבֿט, וואָס דעם קאַציקס יורש איוואַלע האָט אַליין מיט איר אָנגעפֿירט, האָט די ערשטע זיי באַמערקט בײַם טײַכ־

ברעג. זיי זײַנען ניט געווען קיין סך. צו וואָס די צאָל, אַז אויך אַזוי זײַנען זיי שטאַרק? צען, אַן ערך. צען מענטשן געקליידטע אין אײַזן און באַוואָפֿנטע מיט פֿײַער־שטעקנס וואָס אָטעמען מיט בליצן. ווען דאָס וואָלטן געווען ניט זיי, נאָר טשאַרוואַס, וואָלט איוואַלע קיין לאַנגע מערכות ניט געמאַכט און גלײַך זיי באַפֿאַלן. פּופּציק מענטשן, יונגע אויסדערוויילטע קריגסלײַט, האָט ער געהאַט אַרום זיך — וואָלט ער די טשאַרוואַס געוויס געווען פֿאַרטיליקט. אָבער מיטן ווײַס־הויטיקן מענטשן, וואָס באַהערשט דעם דונער און שיקט דעם בליץ אויף זײַן פֿאַרלאַנג, דאַרף מען זײַן אָפּגעהיטן, ווײַל די פֿײַלן און וואַרפֿשטיינער זײַנען אָנמאַכטיק קעגן זײַן אײַזנשוץ. האָט איוואַלע זיך באַנוצט ניט מיט קיין אָפֿענער דרייסטקייט, נאָר מיט פֿאַרבאָר־גענער כיטרעקייט.

אין דער שטילקייט פֿון דער נאַכט, האָבן פּופּציק געדיכטע בערגלעך גראָז גענומען פֿון דער ווײַטנס פּויזען, פֿון אַלע פֿיר זײַטן אַרום דעם לאַגער פֿון די ווײַסהויטיקע. פּאַמעלעך האָבן די בערגלעך גראָז זיך גערוקט האַרט בײַ דער ערד און אין דער פֿינצטער זיך דערנענטערט צום לאַגער. די וואַך אַרום האָט גאָר ניט געזען, ניט חושד געווען און ניט באַמערקט: נאָר וואַלד און געדיכטע גראָזן אין דער שטילער אומבאַוועגלעכער רויִקייט.

פּופּציק בערגלעך גראָז רוקן זיך טריט בײַ טריט צום לאַגער פֿון צען ווײַסהויטיקע קריגסלײַט. וועכטער, שפּיץ־אָן דײַן אויער! שטרענג־אָן דײַן אויג, שפּאַלט די נאַכט־פֿינצטערניש! ווײַל קלוג און דורכגעטריבן איז איוואַלע, דער זון פֿון דעם אַכזריותדיקן באַהיִ! אומזיסט!

ווער וועט זיך אײַנקוקן אונטער דער געדיכטקייט פֿונעם גראָז־טעפּעך, וואָס באַדעקט די פֿרײַע שטחימלעך אין וואַלד. ניט געזען האָבן די ווײַסהויטיקע שומרים די סכנה, וואָס לויערט אויף זיי פֿון הינטער די פּופּציק בערגלעך גראָז וואָס האָבן זיך אין דער שטאָק פֿינצטערניש גערוקט צום שײַטער פֿון זייער נאַכטפֿײַער. און ווען זיי האָבן יאָ באַמערקט, איז שוין צו שפּעט געווען!

דער אָנפֿאַל האָט זיך אײַנגעגעבן. די שלויקייט האָט געזיגט איבער דער אָפֿענער גבֿורה. האַרט לעבן דעם לאַגער פֿון די ווײַס־הויטיקע זײַנען פּופּציק קרעפּטיקע אַביפּאָנעס אַרויסגעשפּרונגען פֿון די פּופּציק בערגלעך גראָז און פּלוצלינג, ווי אַ דונער, אַרויפֿגעפֿאַלן אויפֿן לאַגער. איידער די ווײַסע האָבן באַוויזן צו זיך צו קומען פֿון דער איבערראַשונג, זײַנען זיי אַלע געפֿאַלן טויט פֿון די פֿאַרגיפֿטיקטע פֿײַלן פֿון די אַביפּאָנעס.

אַלע — אַחוץ איינער, אַ פֿרוי, וואָס איז על־פּי־נס לעבן געבליבן.

*

מען האָט דאָס שיינע, ווײַסע, צאַרט־יונגע מיידל, די טאָכטער פֿונעם עלטסטן פֿון די געפֿאַלענע ווײַסהויטיקע, געבראַכט צו איוואַלען.

איר שיינקייט האָט אים ווי פֿאַרבלענדט; ער איז אַ רגע געבליבן ווי פֿאַרגליווערט פֿון איר ווײַסן, כּישופֿדיקן אויסזען. ווי נאָר ער איז צו זיך געקומען, האָט ער אויסגעשריִען:

— פּאַטי־מאָראָטאַ!! — וואָס אויף גוואַראַני־לשון מיינט עס „ווײַסע בלום״, און אַזוי איז שוין דער נאָמען פֿון דער געפֿאַנגענער יונגפֿרוי געבליבן צווישן די גוואַראַניִער.

איוואַלע האָט אַוועקגעפֿירט די שיינע מלחמה־געפֿאַנגענע צו זיך אין די בײַדלעך. ער האָט זי איבערגעגעבן אונטערן אויפֿזע פֿון אַן אַלטער וואָרזאָגערין, אַ פֿאַרבליבענע אין אייביקער מיידלשאַפֿט, וועלכער ער האָט אָנגעזאָגט מען זאָל די געפֿאַנגענע גוט אָפּהיטן, זי צוזען און זי מיט קיין זאַך ניט שטערן.

אַזוי זײַנען אַריבער צוויי פֿולע לבֿנות. די געטין יאַסי האָט צוויי מאָל דורכגעמאַכט איר קרײַז איבערן הימל און דער צויבער פֿון פּאַטי־מאָראָטאַ׳ס געשטאַלט איז ניט פֿאַרשוווּנדן פֿון איוואַלעס אויגן, נאָר האָט שטאַרקער זיך אײַנגעפּרעסט אין זיי און האָט באַהערשט זײַן געזונטע נשמה.

איוואַלע פֿלעגט זײַן געפֿאַנגענע באַזוכן אין דעם בײַדל פֿון דער אַלטער קוניאַטאַ. ער האָט געפֿילט, אַז אָן איר קאָן ער נישט לעבן, אַז ווען ער זעט זי ניט, איז דער טאָג פֿאַר אים טונקל, מעג די זון שטיין אין מיטן הימל.

פֿלעגט ער צו איר טאָג איין טאָג אויס קומען, מיט איר ריידן, כאָטש זי האָט זײַן לשון ניט פֿאַרשטאַנען. מיט צייכנס פֿלעגט ער איר געבן צו פֿאַרשטיין ווי שטאַרק ער האָט זי ליב. צאַרט און מילד פֿלעגט ער זיך צו איר באַציִען. ביז בײַם געפֿאַנגענעם מיידל אין די אויגן האָבן אויסגעטריקנט די טרערן איבערן טויט פֿון אירע נאָענטע, און זי האָט ביסלעכווײַז אים גענומען פֿאַרשטיין און ניט ווילנדיק באַמערקט אַז אויך איר איז דער שיינער און דרייסטער זון פֿון די אָביפֿאַנעס ניט דערווידער.

נאָך צוויי פֿולע לבֿנות זײַנען אַריבער, ביז איוואַלע האָט זיך איבערגעצײַגט, אַז זײַן פֿאַטי־מאָראָטאַ איז טאַקע זײַנע און האָט אים ליב. האָט ער באַשלאָסן פֿאַר איר חתונה צו האָבן לויטן מנהג פֿונעם שבֿט: זי נעמען פֿאַר אַ ווײַב און זי ברענגען ווי אַ האַרינטע צו זיך אין בײַדל.

און שענער האָט די זון געלויכטן פֿאַרן יורש פֿון דעם קאַציק: פֿאַטי־מאָראָטאַ וועט זײַן ווײַב זײַן.

*

אָנגעכמורעט, פֿאַרצאָרנט, ברומענדיק ווי אַ פֿאַרוווּנדיקטע זשאַגואַרטע, איז דער אַלטער קאַציק באַהי אַרומגעגאַנגען זינט זײַן זון האָט אין די בײַדלעך פֿונעם שבֿט געבראַכט די ווײַסהויטיקע געפֿאַנגענע, די ווײַסע בלום. ער האָט אָבער הויך קיין וואָרט ניט געזאָגט; פֿאַרביסן די גראָבע ליפּן און געשוויגן.

נאָר פֿינצטערער ווי דער וואַלד אין אַ ווינטערנאַכט, ווען די געטין יאַסי פֿאַרבאָרגט איר געזיכט אונטער געדיכטע שוואַרצע וואָלקנס, איז געווען דאָס פּנים פֿון באַהי דעם אַלטן.

צי איז דאָס געווען קנאה צו דער גליקלעכער ליבע פֿון זײַן יורש?

צי איז דאָס געווען שׂנאה צו דער שיינער יונגפֿרוי פֿון די אומבאַקאַנטע ווײַסהויטיקע, וואָס הרגענען אויס די גוואַראַני׳ער שבֿטים און צעשטערן זייערע בײַדלעך?

טיף אין דער בראַנדזענער ברוסט ליגט דאָס האַרץ פֿונעם מאַכ־טיקן קאַציק פֿאַרבאָרגן. ווער זשע וועט פֿאַרשטיין דעם סוד פֿון זײַן שטײַף אײַנגעהאַלטענעם אַכזריותדיקן צאָרן? אַנגעכמורעט און פֿאַר־שוויגן איז ער אַרומגעגאַנגען.

בלויז איין מאָל האָט ער געפּרוווט אָפּצוווענדן זײַן זון, ער זאָל נישט נעמען די פּאַטי־מאָראָטאַי. בלויז איין מאָל:

— איוואַלע דער מוטיקער — האָט ער צו אים געזאָגט — אָט די ווײַסע פֿרוי איז אַ קינד פֿון די שׂונאים פֿון די אַביפּאָנעס. זי טאָר ניט ווערן די פֿרוי פֿון באַהיס אַ זון. פּאַטי־מאָראָטאַי איז אַ מלחמה־געפֿאַנגענע; אַזאַ פֿרוי דאַרף שטאַרבן אַ פֿאַרפּײַניקטע און אויף שטיקלעך צעשניטן, אָדער אַ נאַקעטע, פֿון רויטע מוראַשקעס אויפֿ־געפֿרעסן, ווײַט פֿון די בײַדלעך. זי טאָר ניט זײַן איוואַלעס פֿרוי; טופּאַ דערלויבט ניט אַזאַ באַהעפֿטונג.

— פּאַטי־מאָראָטאַי וועט אָבער יאָ זײַן איוואַלעס פֿרוי — האָט איוואַלע אַרויסגערעדט שטיל אָבער האַרט, מיט צונויפֿגעפּרעסטע ציינער — פּאַטי־מאָראָטאַי איז די ווײַסטע פֿון די בלומען, די צאַרט־סטע פֿון די פֿרויען. ווי איז צו דעם, וואָס וועט מאַכן פֿאַלן אַ טרער פֿון איר אויג.

באַהי האָט געקענט זײַן זון. ער האָט פֿאַרשטאַנען — נאָך זיך אפֿשר? — די שטאַרקייט פֿון דער לײַדנשאַפֿט, און האָט פֿאַרזיכטיק אָפּגעשוויגן.

מער ווי איין מאָל האָט ער אים ניט געוואָרנט, ווײַל ער האָט געוווּסט אַז ס׳איז געפֿערלעך. אָבער זײַן געזיכט איז ניט אויסגע־לײַטערט געוואָרן.

און זײַן צאָרן איז ניט מילדער געוואָרן, הגם ער האָט אים נאָך טיפֿער אין זיך פֿאַרבאַהאַלטן.

*

די חתונה איז דורכגעפירט געוואָרן.

איין מאָל אין אָוונט איז פּאַטי־מאָראָטאַי פאַרשוווּנדן געוואָרן פון איר בײַדל. ווי דער מנהג איז בײַם שבט פון די אַביפּאָנעס, האָט איר חתן אויפגעבראָכן די וואַנט פון צווײַגן און שטעקנס און האָט זי אַרויסגעגנבֿעט. די נאַכט איז זײַנע: דאָס איז די נאַכט פונעם יונגן פּאָרפאָלק. ערשט אויף צו מאָרגנס וועט אָט דער באַזיץ גע־הייליקט ווערן דורך דער חתונה.

באַהי, ווי דער פּאָטער פונעם חתן וואָס האָט מיט אַ נאַכט פריִער אַרויסגעגנבֿעט די כּלה, האָט צוגערופן די ווײַסהויטיקע פרוי און האָט צו איר אַזוי געזאָגט:

— פּאַטי־מאָראָטאַי, דו האָסט זיך פאַראייניקט מיט אַ מאַן. גיי דיר מיט אים. זײַן ווײַב ביסטו, זײַן דינסט און שקלאַפין. דו מוזסט אים טרײַ זײַן, אים ליב האָבן. דײַן חובֿ פאַר טופּאַן איז גע־האָרכיק צו זײַן דײַן מאַן, דײַן האַר און הערשער, דײַן באַפעלער אויף טויט און אויף לעבן. קינדער זאָלסטו אים געווינען, און דאַרפסט זיי לערנען הייליק צו האַלטן אונדזערע אָבֿות. אויב דו וועסט דאָס אַלץ ניט אויספאָלגן, פּאַטי־מאָראָטאַי, וועט מען דיך באַשטראָפן.

דערנאָך האָט דער רוביטשאַ, דער גײַסטלעכער פונעם שבט, צעריסן אויף צוויי שטיקער דאָס לײַוונט, אין וועלכן די כּלה איז געווען אײַנגעהילט. איין שטיק האָט ער אַ וואָרף געטאָן צו מזרח און דאָס צווייטע — צו מערבֿ. די קוניאַטאַי האָט גענומען די צוויי שטיקער לײַוונט און זיי באַגראָבן לעבן דער כּלהס פיס.

די מענער האָבן גענומען טאַנצן אַרום איר אין אַ קרײַז, אײַנ־געהילטע אינעם דופּטיקן רויך וואָס האָט זיך געדיכט געהויבן אי־בערן פײַער, צו וועלכן מען האָט אַלע מאָל צוגעוואָרפן שמעקעדיקע גראָזן און טאַבאַק־בלעטער. טאַנצנדיק וואָס ווײַטער אַלץ האַסטיקער און אימפּעטיקער, אין מיטן דעם רויך וואָס איז וואָס אַ מאָל גע־דיכטער געוואָרן, האָבן די מענער געשריִען און געליאַרעמט כּדי צו פאַרטרײַבן פון דער כּלה די שלעכטע גײַסטער, וואָס לויערן אויף איר אינעם מעת־לעת פון דער חתונה:

— אַניאַ! אַניאַ! אַניאַ!

און שפּעטער איז די קוניאַטאַ גערעקומען. זי האָט מיטגעבראַכט אַ יונגן פּעקאָרי און איז צוגעגאַנגען צום חתן, ווייזנדיק אים אויפן קרבן. דער חתן האָט מיט איין שניט אים אויפגעעפנט אויף צווייען; מיט די הענט האָט ער אַרויסגעריסן דאָס האַרץ פונעם באַשעפעניש און עס איבערגעגעבן דער אַלטער וואָרזאָגערין. זי באַקוקט דאָס האַרץ פונעם ערשט געשאָכטענעם קרבן און לייענט פון דעם אַרויס דאָס קומענדיקע לעבן פונעם פּאָרפאָלק: גליק אָדער אומגליק, אַ לאַנג לעבן אָדער אַ גיכע צעשיידונג, רײַכע יאַגד אָדער דערטרונקען ווערן אין די וואַסערן פונעם שטורמישן טײַך.

דער טאַנץ ווערט שטילער, די אָטעמס — אײַנגעהאַלטן. דער קרײַז אַרום חתן־כּלה ווערט ענגער און בלײַבט אומבאַוועגלעך. נאָר דער שמעקנדיקער רויך איבער דעם צעברענטן פײַער הילט־אײַן אין דער נאַכט־טונקלקייט דאָס פּאָרל, לעבן וועלכן די בתולה, די קוניאַטאַ, קלײַבט זיך פאָרויסצוזאָגן די צוקונפט פאַר איוואַלע און פאַר זײַן אויסדערוויילטער פּאַטי־מאַראָטאַ.

און די קוניאַטאַ זאָגט איצט פאָרויס בייזע ווערטער; פון איר מויל פליסטערן קללות און אומגליק.

— ניט קיין גליק וועט דיר ברענגען דײַן ווײַב און באַדינערין, די טאָכטער פון די ווײַסע, איוואַלע! די געטער צאָרענען, אַניאַ ברומט פון פאַרדראָס. די טאָכטער פון די ווײַסהויטיקע וואָס זוכן אונדזער פאַרלענדונג זאָל ניט טיילן דאָס געלעגער און יאַגדשפּײַז מיטן קאַציקס זון — אַזוי זאָגט אַניאַ, און טופּאַ שווײַגט. ניט קיין גליק זאָגט מיר פאָרויס די געטין יאַסי, נאָר בלוט און אומגליק, ברענענדיקע תּאווה און טויט.

און זי איז געפאַלן ווי פאַרטײַעט פון פּחד.

ווי אַ שווער פאַרווונדיקטער זשאַגוואַרעטע האָט איוואַלע אַ ברום געטאָן. ער האָט פעסטער צוגעהאַלטן זײַן פאַרשפּיצטע פּיקע און ענגער אָנגעצויגן זײַן פײַל־און־בויגן, ווי ער וואָלט וועלן עזותדיק וואַרפן אַן אַרויסרוף אַניאַן, דעם גאָט פון אַל דאָס בייז.

— אַניאַ! אַניאַ! אַוועק! פּאַטי־מאָראָטאַי איז מײַן לעבן. מיט איר איז געלעבט, אָן איר איז טויט, פֿינצטערניש. איוואַלע איז מוטיק. פּאַטי־מאָראָטאַי! איז אַ געטרײַ ווײַב.

און דער טאַנץ איז באַנײַט געוואָרן, נאָך שטאַרקער און התּ־להבֿותדיקער.

געשווינדער, געשווינדער האָט זיך געדרייט דער קרײַז פֿון די האַלב שיכּורע מענער, וועלכע דער שמעקנדיקער רויך פֿון קאַאַ־גראָז און פֿון טאַבאַק־בלעטער האָט נאָך מער אָנגעשיכּורט. די שאַרפֿע קוקורוזע־משקה, וואָס מען האָט צווישן איין טאַנץ און דעם צווייטן געטרונקען, האָט פֿאַרענדיקט דאָס, וואָס דער טאַנץ אין מיטן דעם פֿאַרטומלענדיקן שמעקנדיקן רויך האָט געהאַט אָנגעהויבן.

ווען די בלייך־פּנימדיקע יאָסי האָט זיך איבערן וואַלד באַוויזן, מיט איר פּנים וואָס איז אַזוי ענלעך געווען צו דער ווײַסהויטיקער בלום האָט זי באַלויכטן די שיכּורע, אַנידערגעפֿאַלענע, שנאָרכנדיקע יונגען פֿונעם אַבֿיפּאָנעס־שבֿט, און פּאַטי־מאָראָטאַי, אַ בלייכע און אַ דערשראָקענע אין די אָרעמס פֿון איר מוטיקן, פֿאַרליבטן איוואַלע.

*

די שוץ און ליבשאַפֿט פֿון טופּאַ דעם אַלמאַכטיקן האָבן ניט לאַנג געפֿלאַטערט איבער דעם הייס פֿאַרליבטן פּאָרפֿאָלק.

דער בייזער גײַסט פֿון אַניאַ האָט ניט געדרימלט און אין דער שטיל געוועבט פֿאַר זיי אַ געוועב פֿון צרות און פּײַן. אַזוי דין, נאָך דינער ווי דער דינסטער געוועב פֿון אַ ניאַנדוטי וואָס קומט פֿון די וועלדער, בײַ די ברעגן פֿון ברוינעם פּאַראַגווײַ.

די ווײַסהויטיקע לײַט זײַנען טיפֿער אַרײַנגעדרונגען אינעם לאַנד פֿון די גוואַראַני׳ער. פֿון דעם גרויסן טײַך, דעם פֿאָטער פֿון די וואַסערן, זײַנען זיי געקומען. פֿון דרום ביז צפֿון און פֿון זונאויפֿגאַנג ביז שקיעה־זײַט זײַנען די באַוואָפֿנטע און אין אײַזן געקליידטע ווײַ־סע מענטשן געגאַנגען אַלץ טיפֿער אין אונדזערע וועלדער.

צו ערשט האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף די שבֿטים פֿון די

טשאַרואַס, די בייזע מענטשנפרעסערס. ווי שטאַרק זיי זײַנען נישט געווען, האָבן זיי פּאָרט געמוזט אָפּטרעטן און מאַכן פּליטה פאַרן אומבאַזיגלעכן פייער־ און אײַזן־כּוח פון דעם ווײַסהויטיקן.

אָפּטרעטנדיק, אַנטלויפנדיק, זײַנען די טשאַרואַס אַרײַן טיפער אין לאַנד, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען און ווי אַ היישעריק געגומען באַפאַלן די הערשאַפטן פונעם אַביפּאָנעס־שבט. עס האָט געהאַלטן דערבײַ אַז זיי זאָלן צעשטערן און פאַרברענען אַלע בײַדלעך, אויס־מאָרדן און אויפפרעסן די מלחמה־געפאַנגענע און די טויטע און פאַר־כאַפּן פאַר זיך, פאַר נוצן און הנאה, די ווײַבער און טעכטער.

האָט אַ געשריי פון מלחמה און נקמה זיך פאַרשפּרייט איבערן שבט פון די אַביפּאָנעס פון בײַדל צו בײַדל, ביז עס איז דערגאַנגען צום קאַציק באַהי.

— איוואַלע, מוטיק קינד, פיר דײַנע יונגע פאָרויס צו פאַר־טרײַבן די נאַכט־חיות, די שמוציקע טויטן־פרעסערס, די טשאַרואַס. פיר דו, ווײַל איך בין אַלט און קראַנק.

צוויי הונדערט אויסדערוויילטע בחורים, די געזונטסטע און שענסטע וואָס זײַנען אינעם שבט געווען, האָט איוואַלע גענומען און איז מיט זיי אַוועק אין וואַלד צו די טשאַרואַס, זיי צו פאַרטיליקן און פאַרטרײַבן.

נאָר די זקנים און קינדער, די פרויען און מיידלעך, זײַנען אין די בײַדלעך געבליבן. און אויך דער אַלטער קאַציק באַהי איז פאַר־בליבן. אַ פּלוצלינגדיקע קראַנקייט האָט אים באַהערשט, ער האָט זיך פון בײַדל נישט געקאָנט רירן און איז ניט געגאַנגען צוזאַמען מיט זײַן זון אין דער מלחמה קעגן די טשאַרואַס.

*

ניט גרינג איז געווען דער קאַמף קעגן אַזאַ שונא ווי די קינ־דער פון טשאַרואַס. זיי קוקן מיט ביטול אויפן טויט און שאַצן ניט דאָס לעבן. זיי שלאָגן זיך ווי די זשאַגואַרעטעס און וואַרפן זיך אין שלאַכט אַרײַן ווי פאַרווונדיקטע פּעקאָריס.

זיבן טעג און זיבן נעכט האָט איוואַלע דער מוטיקער געפֿירט די שלאַכטן. פֿיל פֿון זײַנע געזונטע שיינע יונגען זײַנען געבליבן טויטע אין וואַלד און אויף די צווײַגן פֿון די הויכע ביימער געפֿו־נען זייער רו אויף אייביק.

אָבער ער האָט געזיגט, די טשאַרוואָס צעשלאָגן און זיי צוריק־געטריבן צום ברעג פֿונעם גרויסן טײַך, ווו ס׳האָבן זיי אָפּגעוואַרט די טויטנדיקע פֿײַער־שטעקנס פֿון די ווײַסע.

אַ נצחונדיקער, מיטן רעשט פֿון זײַן חייל, איז איוואַלע צוריק־געגאַנגען, טראַכטנדיק וועגן דער ליבער פּאַטי־מאָראָטאַ׳ וואָס וואַרט אויף אים געטרײַ אין זייער בײַדל.

— איר געזיכט האָט געשוועבט פֿאַר זײַנע אויגן און האָט אים צוגעגעבן מוט בעת די שלאַכטן; איר ליבע וואַרט אויף אים ווי אַ שׂכר פֿאַרן נצחון.

פּאַטי־מאָראָטאַ׳ — די ווײַסטע פֿון די בלומען, די שענסטע פֿון די טעכטער צווישן די ווײַסהויטיקע!



אין וועג איז איוואַלען אַנטקעגנגעקומען אַן אַנטלאָפֿענע געפֿאַנ־גענע פֿון די מאַקאַרעטאָס וואָס האָט אים יאָרן טרײַ געדינט. זי האָט אים די ביטערע בשׂורה אָנגעזאָגט:

— נישטאָ מער פּאַטי־מאָראָטאַ׳.

און זי האָט אים דערציילט אַ שרעקלעכע געשיכטע וועגן דער תּאווה פֿון זײַן פֿאָטער, דעם אַלטן אַכזריותדיקן באַהי:

— ער איז ניט געווען קראַנק; ער האָט נאָר געמאַכט דעם אָנ־שטעל — האָט די מאַקאַרעטאַער געפֿאַנגענע דערציילט — און ווי נאָר דו ביסט אַוועק מיט די יונגען אין שלאַכט איז ער אַרויס פֿון בײַדל, צוגעקומען צו פּאַטי־מאָראָטאַ׳ און געוואָלט זי נעמען. ער האָט זי געפּרוּווט מפֿתּה צו זײַן מיט גוטן, סטראַשען מיט בייזן, שלאָגן, פּײַניקן. פֿאַרבלענדט פֿון תּאווה צום ווײַסן צאַרטן קערפּער, האָט ער אָן טופּאָס געבאָט פֿאַרגעסן און ניט געוואָלט וויסן, אַז די

פֿרוי וואָס טיילט זײַן זונס גלעגער קאָן זײַנע ניט ווערן. ער האָט אַלע גוטע און שלעכטע מיטלען באַנוצט צו צווינגען פּאַטי־מאַראָטאַין, אָבער זי, די ווײַסע, איז דיר טרײַ געבליבן ביזן סוף.

— ווו איז זי איצט? וואָס איז מיט איר געוואָרן? — האָט איוואַלע ניט מיט זײַן קול געברומט.

— דײַן פֿאָטער האָט זיך אין איר נוקם געווען דערפֿאַר וואָס זי איז געווען ביטולדיק צו אים און געטרײַ דיר. ער האָט זי אַוועקגעלייגט אַ געבונדענע אויפֿן פֿעלדזיקן ברעג פֿון אורוגווײַ, ווו זי ליגט אָן שפּײַז און אָן וואַסער שוין עטלעכע טעג, אַ פֿאַרמשפּטע צום טויט, ווי דער דין פֿון די מלחמה־געפֿאַנגענע.

— נקמה! — האָט איוואַלע גערופֿן צו די איבערגעבליבענע פֿון זײַנע בראַווע יונגען.

ער האָט גלײַך זיך אַליין אויסגערופֿן ווי אַ קאַציק און איז באַפֿאַלן די בײַדלעך פֿון די זקנים פֿונעם שבֿט, וואָס האָבן געהאַלטן מיט זײַן טאַטן און געלאָזט פֿאַרמשפּטן פּאַטי־מאַראָטאַין ווי אַ מלחמה־געפֿאַנגענע.

ער האָט צעשלאָגן די רעשטן פֿון די אַלטע און זײַן פֿאָטער באַהי איז פֿאַר צאָרן, חרפּה און פֿאַרדראָס טיף אין וואַלד אַנטלאָפֿן.

אָבער דער זון האָט אים ניט נאָכגעיאָגט. ס'האָט אים ניט געאַרט ווײַטער צו דערפֿירן די נקמה אין זײַן טאַטן. ער האָט געאײַלט צום ברעג פֿון אורוגווײַ ווו זײַן געליבטע טרײַע ווײַסע בלום איז געלעגן אַ צוגעבונדענע צום פֿעלדז, אַ פֿאַרצערטע פֿון הונגער, צום טויט אַ פֿאַרמשפּטע.

צו שפּעט, איוואַלע!

ווען ער איז צוגעקומען, האָט ער זי שוין געטראָפֿן אַ טויטע. פֿון הונגער פֿאַרצערט, פֿון דער זון פֿאַרברענט, פֿון דאָרשט דערגאַנגען, אַ צוגעבונדענע צום פֿעלדזיקן ברעג.

ער האָט זי אַרומגענומען, זיך פֿעסט אײַנגעקלאַמערט אין איר קאַלטן שיינעם קערפּער, וואָס די זון האָט שוין ניט געקאָנט אָנוואַ־

רעמען. און אַרומגענומען אַרום איר קערפּער האָט ער זיך נישט דאָס לעבן, נאָר דעם טויט גענומען.

און זייערעביידע אַרומגעאָרעמטע קערפּערס זײַנען אַזוי געבליבן אויפֿן פֿעלדזיקן ברעג; פֿאַרגליווערט זײַנען זיי געוואָרן און דורכן ווילן פֿון טופּאַ זײַנען זיי צונויפֿגעוואַקסן געוואָרן מיטן פֿעלדז ווי אַ שטיינערן פּאָרפֿאָלק.

אָט אַזוי ווי זיי האָבן דעם טויט געפֿונען, פֿאַרבלײַבן זיי אויף אייביק ווי די פֿעלדזן איבער דעם וואַסער.

איוואַלע און פּאַטי־מאָראָטאַ! — דאָס פֿאַרשטיינערטע פּאָרפֿאָלק.

*

און דער אַכזריותדיקער באַהי, דער בוגדישער פֿאָטער, וואָס האָט ניט געוואָלט שוינען זײַן זונס געלעגער און איז אַנטלאָפֿן — אַ פֿאַרטריבענער פֿונעם שבֿט — אין די טיפֿענישן פֿון וואַלד, איז ניט אונמגעקומען פֿאַר זײַן זינד.

זײַן שטראָף איז אַ שווערערע, אַ שרעקלעכערע פֿאַרן טויט, ווײַל זײַן זינד האָט ניט געהאַט איר גלײַכן.

ער וואַנדערט אייביק אום איבער די געדיכטע וועלדער וואָס ציִען זיך פֿאַזע דעם טײַך ביזן ווײַטן הייסן צפֿון. ער איז נע־ונד, דער בייזער באַהי, און ברומט ווי אַ פֿאַרשאָלטענער לעמפּערט. אַ מאָל איז עס אַ ברומען פֿון חרטה אויף זײַן גרויסער זינד, אַ מאָל איז עס אַ ברומען פֿון ווײַ איבער דער ניט־באַפֿרידיקטער תּאווה, וואָס ברענט אים ווי די נאָכמיטאָג־זון אין דער געזאַלצענער וויסטע.

צײַטנווײַז ווערט ער מגולגל אין אַ נאַכטיקן שטורעמווינט, דורך אַניאַס שדים געטריבן אין אַווירבל־געיעג פֿון די וואַלד־טיפֿענישן ביז צו די פֿעלדזיקע ברעגן פֿון אורוגווײַ. אַ ווײַלע פֿאַרהאַלט ער זיך אין דער שטורמישער פֿינצטערניש בײַ די ברעג־פֿעלדזן, ווי ער וואָלט געוואָלט דערקענען דאָס פּאָרפֿאָלק, די שטיינערנע געשטאַלט פֿון די קרבנות פֿון זײַן תּאווה. דאָ האַלט דער שטורעם אײַן אַ רגע בלויז זײַן אָטעם און וואַרפֿט זיך דערנאָך אַרײַן

מיט פֿאַרדראָס און כּעס אין דעם אויפֿגעברויזטן, אין כוואַליעס צע־שניטענעם טײַך, ווי דער פֿאַרשאָלטענער גײַסט פֿונעם אַכזריותדיקן קאַציק זאָל וועלן אין טײַך זיך דערטרינקען און אַ סוף מאַכן צו די יסורים פֿון זײַן אייביקער פֿאַרוואָגלעניש.

אומזיסט.

מיטן פֿרימאָרגן, פֿאַרן זונאויפֿגאַנג, שפּײַען אים ווידער אויס די כוואַליעס פֿונעם אורוגווײַ, צופֿונסנס דעם פֿעלדזן־פֿאַרפֿאָלק.

און אויף די פֿליגל פֿונעם ווינט ווערט ער ווידער צו דער גע־דיכטעניש פֿון די וועלדער געטריבן. אַ גאַנצן טאָג יאָגט ער אום און מיט דער בין־השמשות־טונקלקייט, געטריבן פֿון טויזנטער רו־חות — אַניאַס שליחים — טראָגט ער זיך איבער טאָלן און פֿעלדזן, ביימער און גראָזן, אַ וואָיענדיקער, אַ פֿאַרשאָלטענער אויף אייביק, ביז צום ברענג פֿון אורוגווײַ, כּדי צו פֿוסנס פֿון דעם פֿעלדזן־פֿאַר־פֿאָלק ווידער געוואָרפֿן צו ווערן אין די שוימיקע ברויזנדיקע אָרעמס פֿונעם אורוגווײַס גרויע כוואַליעס.

ווען איר פֿאָרט אין אַ פֿינצטערער נאַכט איבערן אורוגווײַ און הערט דאָס וואָיען פֿונעם שטורעם בײַם פֿעלדזיקן ברעג, וויסן זאָלט איר אַז דאָס פּלאָגט זיך און יאָגט זיך באַהי דער אַכזריותדיקער, אַ פֿאַרשאָלטענער, געטריבן פֿון אַניאַן צום פֿעלדז מאָקאָי־יואַיו.

# קאַאַ — דאָס גראָז פון די געטער

מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איידער די שפּאַנישע קאָנקיס־טאַדאָרן און גאָלדזוכערס זײַנען אַרײַנגעדרונגען אין אונדזערע געדיכטע וועלדער, וואָס דער ברוינער טײַך פּאַראַגווײַ און זײַן פּאָטער דער מאַכטיקער פּאַראַנאַ באַוואַשן, האָבן אויך אונדזערע שבֿטים געוווּסט ווי זיך צו באַנוצן מיטן הייליקן טײַערן גראָז קאַאַ.

דאָס איז געווען אַ סוד וואָס טופּאַ אַליין האָט מגלה געווען איינעם פֿון די עלטסטע קאַראַי־פּאַיע אין חלום. דער אַלטער מכשף האָט אַ פּאָר נעכט געהיילט אַ יונגן בראַוון מלחמה־מאַן וואָס איז פֿאַרווונדיקט געוואָרן פֿון דעם שׂונאס אַ פֿאַרסמטער פֿײַל. האָט מען אים געבראַכט צווישן אייגענע, אַוועקגעלייגט אויף דעם פּלאַץ ווו די זקנים פֿון שבֿט פֿאַרזאַמלען זיך און אַרויסגערופֿן צו אים דעם עלטסטן פֿון די מכשפֿים, ווײַל טײַער איז געווען פֿאַר אַלעמען דאָס לעבן פֿונעם יונגן בראַוון גוואַראַנגי־ער. ער פֿלעגט פֿירן די מחנות אין מלחמה מיט געזאַנג און מיט אימפּעט און אַלע מאָל צום נצחון. אַלע האָבן געוווּסט אַז אָן אים וועלן די גוואַראַנגי־ער צעשלאָגן ווערן ווי אַ סטאַדע אָן אַ פּאַסטעך.

טײַער איז געווען זײַן לעבן, האָט מען דערפֿאַר געבעטן און געוויינט פֿאַר דעם קאַראַי־פּאַיע, ער זאָל אים דורכן רוח פֿון זײַן כּישוף ראַטעווען און אָפּטרײַבן פֿון זײַן בלוט דעם סם, וואָס דער שפּיץ פֿון אַ פֿײַנטלעכער פֿײַל האָט דאָרטן אַרײַנגעלאָזט.

אומזיסט זײַנען אָבער געווען די השבעות און שפּרוכן. אומזיסט איז געווען דאָס רופֿן צום גאָט טופּאַ, דאָס וויינען פֿאַרן בייזן אַניאַ ער זאָל אָפּרופֿן די בייזע גײַסטער, וואָס רײַסן דאָס לײַב פֿונעם

פֿאַרוואונדיקטן יונגן זשאַגוואַרעטע צווישן די בחורים פֿון גוואַראַני׳ער שבֿטים.

דער מוטיקער מלחמה־מאַן איז געלעגן אין היץ, אָן באַוווסטזײַן. זײַן כּוח איז וואָס ווײַטער אַלץ ווייניקער געוואָרן, זײַן לעבן איז פֿאַרגאַנגען פּאַמעלעך, ווי די זון וואָס איז זיך אײַן אַ ווינטערטאָג טובֿל אין די קאַלטע וואַסערן פֿון אונדזער טײַך.

צוויי טעג און איין נאַכט האָבן געדויערט די השבֿעות, שפּרוכן און רפֿואות. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס לעבן פֿונעם פֿאַרוואונדיקטן איז פֿאַרלוירן.

אויף דער צווייטער נאַכט האָט דער קאַראַי־פּאַיע, צוזאַמען מיט אַלע קוניאַטאַיס פֿון אונדזער שבֿט, געטאַנצט אין אַ גרויסן קרײַז אַרום דעם קראַנקן. געטאַנצט ביז נאָכן לבֿנה־פֿאַרגאַנג. זיבן און זיבעציק מאָל געטאַנצט, ביז די פֿינגער האָט אים פֿון מויל אַרויסגעזעצט און זײַן מאַכטיקער קאָפּ, ווי פֿון רויטן קעבראַטשאָ־בוים אַ געהאַקטער, האָט זיך אים פֿאַרדרייט, און ער איז געפֿאַלן אין עקסטאַז, אָן כּוחות, לעבן דעם גוססדיקן מלחמה־מאַן.

אַזוי ווי ער איז געלעגן אין הייליקער מידקייט, האָט טופּאַ צו אים זיך אין חלום באַוויזן און צו אים אַזוי געזאָגט:

— גיי, טרײַער דינער מײַנער, אין וואַלד, אַ שעה איידער עס קרייען די הענער. צייל־אָפּ זיבן הונדערט גרויסע שפּאַן, גלײַך פֿונעם בערגל בײַם ברעג, ווו דער ערשטער בוים וואַקסט. זאָלסט זיך נישט אָפּנייגן, נישט רעכטס און נישט לינקס, נישט מזרח, נישט מערבֿ, נאָר גלײַך זאָלסטו גיין, און דאָרטן וועסטו געפֿינען אַזאַ גראָז, וואָס קאַאַ איז זײַן נאָמען. געדענק און זאָלסט קיינעם דעם סוד נית מגלה זײַן, ווײַל הייליק איז דאָס גראָז. פֿאַר זינדיקע מענטשן, אין בלוט פֿון מלחמות פֿאַרפֿלעקטע, איז זײַן באַנוץ דורך מיר פֿאַרווערט, און עס איז גיפֿטיק, גיפֿטיקער ווי די פֿאַרסמטסטע פֿײַלן פֿון די טשאַרואַס.

זאָלסט פֿונעם גראָז אַ פֿולן הויפֿן אָנרײַסן און, איידער דער מאָרגנשטערן וועט אויפֿגיין, זאָלסטו דאָס אַהערברענגען. וועסט עס

טריקענען און דעמפּן אויף אַ קליין פײַער, וועט דער סם־המוות פֿון די בלעטער זיך אויסדעמפּן און אַ בײזער ווינט וועט אים פֿאַרטראָגן אין וואַלד אַרײַן. קאָך דערנאָך אין וואַסער די געטריקנטע גראָזן און גיב עס צו טרינקען דעם חולה הייסערהייט, ווען דער דאַמף איז נאָך אין דעם דאָ. זיבן מאָל זיבן זאָלסטו אים געבן צו זופּן פֿון דער דאָזיקער הייסער משקה, וועט ער גענעזן ווערן. קיינעם זאָלסטו אָט דעם סוד ניט אַנטפּלעקן, און אויך דו אַליין זאָלסט אין אים פֿאַרגעסן, ווײַל הייליק איז פֿאַר מיר דאָס דאָזיקע גראָז און זײַן גרויסע סגולה.

אַזוי האָט טופּאַ זיך אַנטפּלעקט צום אַלטן קאַראַי־פּאַיע אין חלום. און אַזוי ווי ער האָט געזאָגט איז עס געשען.

דער אַלטער מכשף איז פֿון שלאָף אויפֿגעשפּרונגען, צום ברעג געלאָפֿן, די טריט זײַנע געציילט. ער האָט אָנגעריסן גראָז און אַליין, ביחידות, עס צוגעגרייט, קיינער זאָל חלילה דעם סוד פֿון דעם הייליקן קאַאַ־גראָז ניט געוווּיר ווערן. ער האָט מיט דעם אָנגעטרונקען דעם חולה, ווי טופּאַ האָט געהייסן, און דער קריגער איז גענעזן געוואָרן.

אָבער דער קאַראַי־פּאַיע אַליין איז אין עטלעכע טעג אַרום געשטאָרבן, און האָט מיט זיך מיטגענומען אין קבֿר דעם סוד, ווו דאָס גראָז צו געפֿינען און ווי אַרויסצוציִען פֿון דעם דאָס גיפֿט, כּדי דאָס זאָל אָנשטאָט טויט ברענגען געזונט און לעבן פֿאַר די מענטשן־קינדער.

פֿאַר וואָס איז דער קאַראַי־פּאַיע געשטאָרבן? ווער קאָן אַרײַנדרינגען אין די סודות פֿון דעם אַלמאַכטיקן טופּאַ און פֿון זײַן ווילן? אפֿשר האָט ער די שבֿועה פֿאַרבראָכן און אַליין געוואָלט טועם זײַן פֿונעם געטראַנק וואָס איז פֿון די געטער פֿאַרבאָטן?

אַזוי האָט געוואָלט טופּאַ: דורות לאַנג זאָל נאָך פֿאַר אונדז מענטשן זײַן פֿאַרהוילן דער סוד פֿון אָט די גראָזן, וואָס אַליין זײַנען זיי פֿאַרסמט, אָבער קאָנען ברענגען געזונט, לעבן, אָדער שטילן דעם הונגער און דעם דאָרשט און צוגעבן מונטערקייט די פֿאַרמאַטערטע.

קאַאַ, דאָס אײדלסטע פֿון די גראָזן. איר, די װײַסהױטיקע, פֿלאַנצט עס איצט און איר ניצט עס כּסדר, און רופֿט דאָס אויף אײַער פּאַלשן לשון „זשערבאַ״. אין אַ קירבעסשאָל גרייט איר עס צו און דורך אַ זילבערנעם ראָר ציט איר דעם שמעקנדיקן הייסן געטראַנק. קאַאַ, דאָס הייליקסטע גראָז, וואָס טופּאַ האָט דורות לאַנג אויסבאַהאַלטן פֿון מענטשלעכן באַנוץ.



דורות זײַנען פֿאַריבער, און אונדזערע שבֿטים האָבן ניט גע־ ווּסט פֿונעם הייליקן גראָז. מען האָט נאָר דערציילט וועגן דעם נס פֿון פֿאַר צײַטן, וואָס איז געשען מיטן מלחמה־מאַן און מיטן קאַראַי־ פּאַיע. און מענטשן וואָלטן אפֿשר אויך ביז איצט ניט געוווּסט וועגן דעם כּוח פֿון דעם גראָז קאַאַ, ווי זיי ווייסן נאָך עד־היום ניט פֿון דעם פֿאַרהוילענעם כּוח פֿון אַנדערע גראָזן, וואָס די געטער האַלטן בסוד און ווילן ניט אַנטפּלעקן פֿאַר אונדז שטערבלעכע.

און מענטשן וואָלטן איצט די שמעקנדיקע משקה פֿונעם קאַאַ־ גראָז ניט געטרונקען, ווען ניט די גוטע, ליבע געטין יאַסי, וואָס איר געשטאַלט לײַכט אונדז, ווײַס און מילד, יעדע נאַכט, פֿון אָנהייב ביז אין מיטן חודש.

בײַנאַכט איז די זיסע געטין יאַסי איינזאַם. מיט אירע באַדי־ נערינס די אַראַי שפּאַצירט זי אַרום, נאַכט אײַן נאַכט אויס, איבערן הימל. זי היט־אָפּ דעם שלאָף פֿון די שבֿטים און די וואַכיקייט פֿון די גוטע חיות. עס טרעפֿט אָבער אַז איר ווערט לאַנגווײַליק און נמאס דער שפּאַציר איבערן הימל, און ס׳פֿאַרווילט זיך איר אויף דער ערד זיך אַראָפּצולאָזן.

פֿאַרשטעלט זי זיך דאַן אין דער געשטאַלט פֿון אַ שיינער בלאָנ־ דער יונגפֿרוי, ווײַסער ווי די ווײַסטע פֿון די ווײַסהויטיקע מיידלעך, און זי לאָזט זיך אויף דער ערד אַראָפּ. אין וואַלד, אין מיטן דער נאַכט, שפּאַצירט זי אַליין, אָדער צוזאַמען מיט איינער פֿון אירע אַראַיער.

דעמאָלט פֿאַרשווינדט די געטין יאַסי פֿון הימל, און אַ שטאָק פֿינצטערע נאַכט צעשפּרייט זיך איבער דער ערד, איבער וואַלד און טײַך. מענטשן וואַגן נישט אַרויסצוגיין אין אַזעלכע נעכט אויף פֿיש־פֿאַנג אָדער אויף יאַגד.

אַ מאָל פֿאַרבלײַבט יאַסי אויף דער ערד אַ קורצע צײַט; אַ מאָל — כמעט אַ נאַכט אַ גאַנצע. איין מאָל אין פֿופֿצן, אַכצן נעכט, נעמט זי אַראָפּנידערן אויף דער ערד. זי פֿאַרשווינדט פֿון הימל און שפּאַצירט אין וואַלד מיט איינעם פֿון אירע וואָלקנדלעך. און אַז זי קערט זיך אום פֿון איר שפּאַציר צוריק אויפֿן הימל, איז זי שענער, העלער, מילדער און ברייטער. יינגער און זיסער איז איר ליכט, די נאַכט־ליכטיקייט פֿון דער געטין יאַסי.

איז געשען אַ מאָל אַז די געטין יאַסי, אין דער פֿיגור פֿון אַ שיינער בלאָנדער יונגפֿרוי, האָט מיט אירער אַ חבֿרטע, איינע פֿון די אַראַי, אויך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ גאָר ווײַס יונג מיידל, שפּאַצירט בײַ נאַכט איבערן וואַלד. זי האָט אײַנגעאָטעמט דעם דופֿט פֿון די ביימער, דעם ריח פֿון די גראָזן און וואַלד־בלימעלעך. שטאָק פֿינצטער איז געווען, ווײַל דאָס נאַכטליכט פֿאַרשווינדט דאָך פֿון הימל ווען יאַסי איז נישטאָ. פּלוצלינג איז פֿון דער געדיכטעניש אַרויסגעשפּרונגען אַ מוראדיקער ווילדער זשאַגואַרעטע, מיט אַ צעעפֿנט מויל, אויסגעשטשירעטע ציינער און אויגן וואָס האָבן ווי צוויי פֿײַער־קוילן אין דער נאַכט געברענט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די צוויי שוואַכע יונגפֿרויען.

דערשראָקן, בלייך, נאָך בלייכער ווי זי איז, איז יאַסי געבליבן שטיין ווי פֿאַרגליווערט, און אַראַי האָט שטיל געשעפּטשעט אַ תּפֿילה צו טופּאַן, ציילנדיק די לעצטע רגעס, ווײַל כאָטש יאַסי איז אַ געטין, האָט זי אָבער נישט קיין געטלעכן כּוח ווען זי ווערט מגולגל אין אַ מענטשן־טאָכטער. זיי האָבן ביידע געטראַכט, אַז ווען דער זשאַגואַרעטע וועט יאַסין און איר חבֿרטע פֿאַרצוקן און אויפֿפֿרעסן, וועלן הימל און ערד אויף אייביקע אייביקייטן פֿאַרבלײַבן אָן נאַכטליכט און אָן לײַכטע ווײַסע וואָלקנדלעך וואָס טוען שוועבן איבערן הימל.

וואָס וואָלט דאַן פֿון אונדז געוואָרן?

און דער זשאַגוואַרעטע שטייט גרייט צו פֿאַרצוקן: ער האָט שוין די פֿאָדערשטע לאַפּעס אויפֿגעהויבן, דעם מאַכטיקן קאָפּ אַ טרייסל געטאָן און אין דער גאַנצער לענג זיך אַ ציִ געטאָן, גרייט צו מאַכן דעם שרעקלעכן שפּרונג.

פּלוצלינג האָט דער שאַרפֿער פֿײַף פֿון אַ פֿײַל דורכגעשניטן די שטילקייט פֿון דער פֿינצטערער נאַכטלופֿט. די פֿײַל, וואָס אַ פֿעסטע האַנט האָט געשלײַדערט, האָט זיך אַרײַנגעשטאָכן גלײַך אין דער ריפּ פֿון דער מוראדיקער חיה, אונטערן האַרצן. דאָס האָט אַן אַל־טער גוואַראַניִער, וועמען די פֿינצטערניש האָט נישט אָפּגעהאַלטן פֿון גיין אויף יאַגד, געהאַט געזען ווי די חיה דערנענטערט זיך, און ער האָט זי מיט דער פֿײַל פֿון זײַן שטאַרק געשפּאַנטן בויגן טיף פֿאַר־ווונדיקט.

ברומענדיק פֿון שווערן ווייטיק, האָט זיך דער זשאַגוואַרעטע אָפּ־געווענדט פֿון די פֿרויען און מיט ווילדער צערייצטקייט זיך גע־וואָרפֿן אויף זײַן פֿאַרוווּנדיקער. דער יעגער איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט אים אויסצומײַדן און ווידער אָנצוציִען דעם בויגן. עס איז אים אָבער נישט געראָטן. די צערייצטע חיה האָט אים קיין צײַט ניט געגעבן. אָבער דער אַלטער גוואַראַניִער איז געווען אַ דערפֿאַ־רענער זשאַגוואַרעטע־יעגער, האָט ער זיך אײַנגעבויגן ווען די חיה האָט דעם שפּרונג געטאָן, און פּונקט ווען זי איז געווען איבער זײַן קאָפּ האָט ער, מיט פֿלינקייט און כּוח, איר אַרײַנגעשטאָכן די פֿײַל אין סאַמע מיטן האַרצן. די בייזע חיה, וואָס האָט שיִער די לבֿנה און די וואָלקנס ניט פֿאַרצוקט, איז געפֿאַלן טויט, ווי פֿון אַ דונער דער־שלאָגן.

אַזוי האָט דער אַלטער גוואַראַניִער, ניט וויסנדיק אַליין, געראַ־טעוועט די נאַכטגעטין און די לײַכטע ווײַסע וואָלקנדלעך, פֿאַרהיטנ־דיק די ערד פֿון אייביקער נאַכט־פֿינצטערניש.

צי קאָן זײַן נאָך אַ גרעסערער פֿאַרדינסט פֿאַר מענטשן און פֿאַר געטער?

יאָסי און אַראַי האָבן צײַט געהאַט זיך צו ראַטעווען: אין דער רגע ווען דער זשאַגוואַרעטע האָט זיך אָפּגעקערט צום אַלטן פֿײַלן־וואַרפֿער, האָבן זיי צוריק אָנגענומען זייער געטלעכע צורה און באַקומען זייערע אמתדיקע געשטאַלטן פֿון אַ לבֿנה און אַ לײַכט שוועבנדיק וואָלקנדל.

פֿון הימל האָט ווידער אַראָפּגעשײַנט די שטילע זיסע ליכטיקייט פֿון דער נאַכטגעטין, אַרומגערינגלט פֿון דער מענגע באַדינערינס, אירע ווײַסע וואָלקנדלעך. דער אַלטער גוואַראַני־ער האָט זיך אַפֿילו געחידושט, וואָס איבערן וואַלד איז מיט אַ מאָל ליכטיק געוואָרן, אָבער לאַנג צו טראַכטן איבער דעם האָט ער קיין צײַט ניט געהאַט. דער טויטער זשאַגוואַרעטע איז געלעגן ווי אַ שווערע משׂא בײַ זײַנע פֿיס. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, געוומען זוכן די צוויי פֿרויען וואָס ער האָט געראַטעוועט, אָבער זיי זײַנען פֿאַרשווונדן געוואָרן. האָט ער געמיינט, אַז זיי זײַנען פֿון שרעק אַנטלאָפֿן.

ער האָט זיך גענומען צום געהרגעטן זשאַגוואַרעטע. אָפּגעשונדן פֿון דעם די פֿעל, זי אויפֿגעהאַנגען אויף פֿעסטע צווײַגן פֿון אַ בוים און אַליין אויך אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוים, איבערצושלאָפֿן דאָרט ביז זונאויפֿגאַנג.

אין חלום זײַנען צו אים געקומען ביידע געראַטעוועטע געטינס: יאָסי און אַראַי. זיי האָבן אים מגלה געווען ווער זיי זײַנען און גלײַך אים אָנגעזאָגט וואָס פֿאַר אַ שׂכר ער וועט באַקומען:

עס וועט הײַנטיקע נאַכט אויסוואַקסן אַ גראָז אַ נײַס, אַ געטלעך גראָז, וואָס טופּאַ דער אַלמאַכטיקער האָט אים שוין מיט דורות צוריק איין מאָל געגעבן צו מענטשן און עס צוריק צוגענומען. קאַאַ איז דער נאָמען פֿון דעם דאָזיקן היילִיקן און גיפֿטיקן גראָז. מען דאַרף אָבער וויסן, ווי דאָס צוצוגרייטן, כּדי זײַן סם אויסצודעמפֿן און פֿון אים צוגרייטן פֿאַר מענטשן אַ געשמאַקע, אַ היילִיקע משקה.

און יאַסי האָט איר רעטער אין חלום מגלה געווען דעם סוד, וואָס טופּאַ האָט דעם קאַראַי־פּאָיע מיט דורות צוריק שוין איין מאָל

געהאַט אויפֿגעדעקט: ווי מען גרייט צו דאָס קאַא־גראָז, אַז דאָס זאָל זײַן אַ ברכה פֿאַרן מענטשלעכן געזונט.

ווען דער פֿײַלן־וואַרפֿער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, האָט ער געמיינט אַז דאָס איז נאָר אַ חלום. אָבער בײַ דער רויטער ליכ־טיקייט פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון האָט ער דערזען, אויפֿן אָרט וואָס די געטין יאַסי האָט אים אין חלום אָנגעוויזן, אין דער גע־דיכטעניש פֿון די אַלטע גראָזן, אַ נײַ גראָז וואָס איז איבער נאַכט אויפֿגעוואַקסן, אַ גראָז וואָס קיינער האָט דאָס ביז יענעם זונאויפֿ־גאַנג ניט געהאַט געזען.

*

פֿון יענעם טאָג אָן, וואַקסט דאָס קאַא־גראָז און עס ווערט באַניצט: דאָס גוטע, באַשיצנדיקע גראָז וואָס אַ מענטש האָט באַקו־מען ווי אַ שׂכר, דערפֿאַר וואָס ער האָט אײַנגעשטעלט דאָס לעבן כּדי צו ראַטעווען פֿון טויט־סכּנה צוויי שוצלאָזע, אומבאַקאַנטע פֿרויען.

און דאָס פֿאַרשפּרייט דופֿטן, און די הייסע מחיידיקע משקה שטיצט דעם געפֿאַלענעם, טרייסט דעם פֿאַרצווייפֿלטן, שטאַרקט דעם קראַנקן, מוטיקט און גיט נײַעם כּוח דעם פֿאַרמאַטערטן און מאַכט ענגער און פֿעסטער די פֿרײַנדשאַפֿט צווישן די מענטשן וואָס האָבן זיך אויף אַן אמת ליב.

וואָרעם וויסן זאָלט איר, אַז פּונקט ווי ס׳זײַנען פֿאַראַן מענטשן און חיות מיט כיטרע נשמות, בייזוויליקע און שלעכטע, אַזוי זײַנען אויך פֿאַראַן רשעותדיקע ביימער און גראָזן. און פּונקט ווי ס׳טרעפֿן זיך גוטע מענטשן און אויך גוטע חיות, אַזוי זײַנען פֿאַראַן אין וואַלד און אין פֿלייך ביימער און גראָזן וואָס טופּאַ האָט זיי באַשאַפֿן גוטס צו טאָן. און די נשמה פֿון דעם קאַא־גראָז, וואָס איז צום מענטשן אַנטפּלעקט געוואָרן אין אַ שלעכטער גיפֿטיקער שאָלעכץ, האָט זיך פֿאַר גוטע מענטשן אַרויסגעוויזן גראָד ווי אַ גוטע און אַ גוטס־ברענגענדיקע.

# ווידאַ לאַקאַ — דער שוואַרצער שוואַן

דער שוואַרצער שוואַן...

צי האָט איר שוין אַ מאָל געזען אַ שוואַרצן שוואַן?

שוואַנען זײַנען ווײַס. זיי זײַנען די פֿאַרקערפּערונג פֿון ריינ־קייט, פֿון אומבאַפֿלעקטקייט, פֿון צאַרטער, וואַרעמער, ווײַסער פֿרייד. שוואַנען זײַנען פֿייגל פֿון לעבן, און לעבן איז ווײַס. שוואַרץ איז טויט, טרויער. שוואַרץ איז פּונקט אַזוי דער היפּוך פֿון ווײַס, ווי טרויער איז דאָס פֿאַרקערטע פֿון פֿרייד.

אַ שוואַרצער שוואַן — ווי איז דאָס מעגלעך?

און דאָך שווימען פֿיל שוואַרצע שוואַנען אום איבער די זײַטיקע טײַכן און טײַכלעך וואָס טרײַבן רויִק און פֿאַרשלאָפֿן זייערע וואַסערן צום גרויסן טײַך צו.

די טײַכלעך פֿליסן זיך איבער אַ פֿלאַכן גרונט: קוים וואָס די וואַסערן רירן זיך. דערפֿאַר זעען זיי גיכער אויס ווי שמאָלע אָזע־רעס צווישן די לאַנגע ברעגן וואָס זײַנען באַוואַקסן מיט געדיכטן טשערעט, נידעריקע ביימלעך און הויכע גראָזן. און שוואַנען שווי־מען אַרום איבער די דאָזיקע געמיטלעכע טײַכלעך...

דאָס איז אַ מערקווערדיקער שוואַן: לאַנג איז זײַן האַלדז ווי בײַ די פֿײַנסטע ווײַסע שוואַנען, וואָס האָבן מיט זייער שיינקייט באַגײַס־טערט דיכטערס פֿון אַלע צײַטן. שיין געטאָקט איז זײַן קערפּער; זײַן שנאָבל — אידל, און זײַנע פֿעדערן גלאַטע און גלאַנציקע, אָבער מיט דער גלאַנציקייט פֿון סמאָלע, און די טראָפּנס וואַסער וואָס פֿאַרבלײַבן אויף זײַנע פֿעדערן גלאַנצן שוואַרץ קעגן די זונ־שטראַלן וואָס זיפּן זיך איבערן טײַכל.

אַ מערקווערדיקער שוואַן. און נאָך טשיקאַווער איז דער נאָמען, מיט וועלכן די אײַנוווינערס פֿון יענעם קאַנט האָבן דעם שוואַרצן שוואַן געקרוינט:

— ווידאַ לאָקאַ — משוגענע אַלמנה, דאָס איז זײַן פּשוטער נאָמען. אַלע ווייסן אַז ווידאַ לאָקאַ מיינט דער שוואַרצער שוואַן וואָס שווימט־אַרום אומרויִק איבער די שטילע טײַכלעך פֿון דער צפֿון־געגנט. און מאָדנע איז ער, ניט נאָר מחמת דעם קאָליר פֿון זײַנע פֿעדערן, נאָר דאָס אומרויִקע האַלטן זיך זײַנס, ווי ער דרייט זיך כּסדר און וואַרפֿט זיך אַלע מאָל פֿון איין אָרט אויפֿן צווייטן, איז אויסטערליש.

ווי באַהערשט פֿון אַ געהיים, אומפֿאַרשטענדלעך נאָגעניש, ציט ער אַלע ווײַלע אויס דעם לאַנגן, שוואַרצן, געדרייטן האַלדז און הייבט־אויף איבערן וואַסער דעם שיינעם קאָפּ. מיט קײַלעכדיקע גרויסע אויגן, פֿולע מיט קומער און אַנגסט, קוקט דער שוואַן אין דער ווײַטקייט אַרײַן, גלײַך ווי ער וואָלט עפּעס וועלן געפֿינען, אויסזוכן אויפֿן גלאַטן, שטיל פֿליסנדיקן שטח.

אין אַ רגע אַרום — ווידער זיך אונטערגעטונקען, פֿאַרשוווּנדן אין דער גאַנצער אומרויִקער שוואַרצקייט אונטערן וואַסער, און ווי־דער אַרויסגעשווומען אויף דער אייבערפֿלאַך. עטלעכע שפּאַן ווײַ־טער — און ווידער זיך אומרויִק געדרייט, ווידער אומרויִק אויס־געצויגן האַלבבויגנדיק דעם לאַנגן שוואַרצן האַלדז, ווידער זיך טרויִ־עריק אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט איבערן וואַסער געזוכט דאָס, וואָס ער האָט נאָר וואָס געזוכט אונטערן וואַסער — געזוכט און ניט געפֿונען.

אָן אַ סוף איז זײַן אומרו; אָן אַ סוף זײַן טרויער! אָן אַ סוף דאָס אונטערטינקען זיך און אַרויפֿשווימען און ווידער זיך אונטער־טינקען. אָן אַ סוף איז דאָס זוכן עפּעס איבער דער וואַסערפֿלאַך און אונטערן וואַסער.

וואָס זוכט ער, דער מערקווערדיקער שוואַרצער שוואַן? אַז מען זעט זײַן שטומען אומרויִקייט, דעם זוכנדיקן בליק, דעם כּסדרדיקן

אַנגסט, ווערט מען אַליין פֿון אים אָנגעשטעקט מיט אַן אומגעמיט־לעך, פּחדימדיק נאָגעניש.

וואָס זוכט ער, וואָס וויל ער געפֿינען, דער שוואַרצער שוואַן?

ווידאַ לאָקאַ איז דער נאָמען וואָס די אײַנוווינערס פֿון יענעם קאַנט האָבן אים געגעבן. און מען שמועסט, אַז אין שוואַרצן טרויער־קאַליר איז דער שוואַן באַפֿעדערט ווי אַן אַלמנה, וואָס טראָגט שוואַרצע מלבושים און טרויערט נאָך איר ליבסטן, וועמען זי האָט פֿאַרלוירן.

און זי, די אַלמנה וואָס איז אין שוואַרצן טרויער געהילט, איז אומרויִק אין איר משוגענער עצבֿות. משוגע איז איר שטילער אַנגסט, און משוגענערווײַז זוכט זי אויפֿן וואַסער און אונטערן וואַסער.

און שיין ווי ער איז אין זײַן שוואַרצער, טרויעריקער שיינקייט, זעט דער שוואַרצער שוואַן אויס ווי אים וואָלט באַהערשט אַ געהייַמער כּוח — דער כּוח פֿון טירוף — כּסדר צו זוכן און צו זוכן.

ווידאַ לאָקאַ — וואָס זוכט דער שוואַרצער שוואַן?

*

דאָס איז אַן אַלמנה וואָס זוכט איר ליבסטן, וועמען זי האָט פֿאַרלוירן מחמת איר לײַכטזיניקייט, מחמת איר נאַרישער גאווה.

אַזוי איז דער ווילן געווען פֿון דעם מאַכטיקן אי־יאַראַ, דער הערשער פֿון די וואַסערן, דער גאָט פֿון די טײַכן, אָזערעס און וואַ־סערפֿאַלן.

אין די קאַנטן ווו די שוואַרצע שוואַנען שווימען־אום, ווייסן אַלטע לײַט צו דערציילן אַ וווּנדער־מעשׂה וואָס זיי האָבן געהערט פֿון זייערע זיידעס און עלטערזיידעס, און יענע פֿון זייערע, און די גאָר אַלטע פֿון נאָך עלטערע. זיי דערציילן אַז דאָס איז געשען פֿיל צײַט פֿריִער איידער דער בלייכהויטיקער מענטש האָט די געגנטן באַטראָטן.

הערט זשע די וווּנדער־מעשׂה — און גלייבט זי.

*

די שוואַרצע אַלמנה איז אין די גאָר אַלטע צײַטן ניט געווען שוואַרץ און ניט גענוען, ווי איצט, אַ שוואַן. אַ מענטשנקינד איז זי געווען, אַ יונג שיין מיידל. שלאַנק ווי אַ לינדנבוים, ווײַס ווי דער צוויט פֿון ווײַנשל אין טיפֿן פֿרילינג. בלויע אויגן, אַ ווײַס לײַב, בלאָנדע האָר. אויך און בייגעוודיק ווי דער „כונקאָ“ בײַם ברעג פֿון מאַכטיקן פּאַראַנאַ, דעם פֿאָטער פֿון די טײַכן. און זי איז געווען די טאָכטער פֿון אַ קאַציק וואָס האָט אויף טויט און לעבן געוועלטיקט איבער איינעם פֿון די שטאַרקסטע שבֿטים.

אַ ווײַסע, אַ בלאַנדע, מיט בלויע אויגן; ווי קומט עס צווישן די ברוינע, פֿון דער זון אָפּגעברענטע טעכטער פֿון די גוואַראַניער?

פֿרעגט די געטער אויף דעם וווּנדער, וואָס קיינער האָט ניט פֿאַרשטאַנען. זי איז געווען די איינציקע אין שבֿט, און דערפֿאַר האָט זי באַקומען אַ חן־נאָמען: מאָראָטי — די ווײַסהויטיקע צווישן די ברוינע; די בלויאויגיקע צווישן די, וואָס זייערע אויגן זײַנען טונקל ווי אַ נאַכט אין וואַלד, ווען די נאַכטגעטין יאַסי פֿאַרבאָרגט איר בלאַסן געזיכט, אײַן נאַכט אין פֿיר וואָכן.

קוניאַטאַיס פֿלעגן זאָגן אַז איר מוטער, וועלכע איז געשטאָרבן ווען זי האָט מאָראָטין אויף דער וועלט געבראַכט, איז געבענטשט געוואָרן פֿון דער געטין יאַסי אַליין.

און וווּנדער אַלטע דאַרף מען גלייבן
און צו טופּאַס נאָמען אַ שבֿח דערהייבן,
דען אָנסופֿיק איז די מאַכט
פֿון הערשער איבער טאָג און נאַכט.



מאָראָטי איז געווען די שענסטע פֿון די פֿרויען. זי איז געווען דעם קאַציקס גאווה, און ווען זי איז אַלט געווען פֿופֿצן יאָר האָבן די שטאַרקסטע און די שענסטע זין פֿונעם שבֿט זי ליב געהאַט. און זי האָט ליב געהאַט איינעם; זי האָט אים באַטראַכט פֿאַר איר באַ־שערטן, ווײַל דאָס איז געווען דער העלד, דער גיבור פֿון די מלחמ־

מות וואָס דער שבֿט האָט געפֿירט מיט די פֿינצטערע, בלוטדאָרשטי־קע טשאַרואַס, די מענטשנפֿרעסערישע שבֿטים אויפֿן מזרח־ברעג פֿונעם טײַך אורוגווײַ.

דער קאַציק האָט אים גערעכנט פֿאַר זײַן יורש און די עלטסטע פֿונעם שבֿט פֿלעגן זיך אין מלחמה־ענינים צוהערן צו זײַן קלוג און באַזאַכט וואָרט, כאָטש ער איז נאָך יונג געווען.

מאַראַטי האָט אים ליב געהאַט ווי דאָס לעבן; זי איז אָבער צו־ליב איר שיינקייט געווען צו שטאָלץ און צו לײַכטזיניק אין איר געמיט.

דער אַלמאַכטיקער טופּאַ האָט זי מיט אַלע גנאָדן באַשאָנקען, מיט מעלות אָן אַ שיעור. האָט זי אָבער אויך אַניאַ, דער גײַסט פֿון אַל דאָס בייז, מיט אַ שלעכטער מתּנה באַשאָנקען: אַ געמיט האָט זי געהאַט אַ קאַפּריזנעם, אַ פֿאַרעקשנטן; אייגנליבע האָט זי פֿאַרמאָגט מער ווי דאָס איז נייטיק כּדי נאָר גוטע מעשׂים צו טאָן. און זי האָט ליב געהאַט צו זען אַז איר באַפֿעל ווערט תּמיד דערפֿילט, און ווי די בראַווסטע יונגען פֿון שבֿט שטעלן אײַן זייער לעבן אויף אירן אַ ווונק, צוליב אירן אַ שמייכל. און דעם גרעסטן פֿאַרגעניגן האָט זי געהאַט, ווען זי האָט געזען אַז

איר געבאָט און קאַפּריזנעם ווילן
און איר יעדער וואָרט
איז מען גרייט גלײַך צו דערפֿילן
תּיכּף אויפֿן אָרט.



מיידלשע קאַפּריזן. אַז ס'איז איר אַ מאָל אײַנגעפֿאַלן אַ ווילד־קייט, האָט זי זיך ניט באַרויִקט ביז זי האָט עס געזען אויסגעפֿירט...

איין מאָל, פֿאַר נאַכט, איז זי מיט איר חתן אַרויס צום ברעג טײַך שפּאַצירן. די שיינע מאַראַטי איז געשטאַנען בײַם ברעג און פֿון אַ הויך בערגל אַראָפּגעקוקט אין דעם שפּיגל וואַסער ווו איר

פּנים און איר געליבטנס האָבן זיך געוויגט און געזיפצט, און דיניג־קע כוואַליעלעך האָבן זיי געגרונצלט...

איז איר פלוצלינג אײַנגעפאַלן: זי וויל זען ווי איר געליבטער שפּרינגט אין וואַסער אַרײַן אַן אָנגעטועגער אין זײַן פּעלן יאַגד־קליידּ. צוליב איר, אויף איר בקשה. אויפן ווײַזפינגער פון דער רעכטער האַנט האָט זי געטראָגן אַ בלײַען קמיע־פּינגערל, מיט היי־ליקע גראָזן אַרומגעפלאָכטן, וואָס אַן אַלטע קוניאַטאַי, אַ געאַכפּער־טע וואָרזאָגערין, האָט איר געהאַט געגעבן ווי אַ סגולה פאַר גליק. האָט זי עס אַראָפּגענומען און אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך. דאָס רינגעלע איז געפאַלן צום גרונט.

— ציִ מיר מײַן קמיע פון וואַסער אַרויס — האָט זי האַרט פאַראָרדנט איר ליבסטן.

קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, איז ער אין וואַסער געשפּרונגען, גלײַך פונעם שפּיץ פון הויכן בערגל אין טײַך אַרײַן.

און איז שוין מער קיין מאָל ניט אַרויפגעשווומען.



זי האָט געוואַרט אַ מינוט, און צוויי, און דרײַ.

די זון האָט זיך געזעצט, דער טאָג איז פאַרבײַ, און איר ליב־סטער האָט זיך פון וואַסער ניט באַוויזן צוריק.

ווי אַ פאַרווונדיקטע זשאַגוואַרעטע האָט זי פאַר ווייטיק גע־ברומט. זי האָט אויף זיך די קליידער צעריסן, און צעביסן די פינ־גער ביז בלוט, ביז מען האָט זי אַ האַלב טויטע און אַ דולע אָוועקגע־נומען פון ברעג.

פון דאַן אָן איז אין איר בליק געווען נאָר אַנגסט און טרויער.

שפּעט בײַ נאַכט איז שוין געווען ווען איר פאָטער דער קאַציק האָט זי געבראַכט אין בײַדל אַ פאַרחלשטע, אַן אײַנגעשמירטע אין בלוט און שטויב און מיט צעפּאַטלטע האָר.

מאַראָטי איז קראַנק געוואָרן, געפיבערט. די היילגראָזן פון די קוניאַטאַיס האָבן באַוויזן זי צו ראַטעווען פון טויט, אָבער דעם זי־

נען וואָס זי האָט ביים ברעג טײַך פֿאַרלוירן, האָט זי צוריק ניט באַקומען.

זי האָט זיך אָנגעטאָן אין שוואַרצן. מאַראָטי, די ווײַסע טאָכ־טער פֿון דער לבֿנה־געטין יאַסי, האָט זיך אין שוואַרצן אײַנגעהילט, פונקט ווי די נאַכט ווען יאַסי באַהאַלט זיך.

אין שוואַרצן געהילט האָט דאָס שיינע, שלאַנקע, בלאָנדע מיידל אַרומגעבלאָנקעט דול ביים ברעג פֿון טײַך, זיך געזעצט אויפֿן בערגל פֿון וואַנען זי האָט איר חתן געשיקט אויף אייביק אינעם קעניגרײַך פֿון אי־יאַראַ.

זי פֿלעגט דאָרטן זיצן און מיט אַנגסטיקע בליקן אויסקוקן אויף דער וואַסערפֿלאַך. אומרויִק און אומגעדולדיק פֿלעגט זי יעדע ווײַלע אויסציִען איר הויכן שיינעם האַלדז איבערן וואַסער, זיך אומקוקן ווײַט־ווײַט איבערן שטילן פֿליסנדיקן שפּיגל.

אפֿשר וועט זיך איר ליבסטער באַווײַזן?

ער איז אָבער אויף אייביק פֿאַרלוירן. און די אין טרויער גע־הילטע אַלמנה־כּלה האָט דאָס געזאַנג אין גאַנצן אָנגעוווירן, און מיט אַן אויסדרוק פֿון באַגער פֿלעגט זי אים רופֿן. איר ווײַס פּנים איז פֿאַרשווענקט געוואָרן מיט טרערן.

ביז דער גאָט פֿון טײַך און וואַסער
אי־יאַראַ דער נאַסער,
האָט זיך אויף איר דערבאַרעמט
און אין געשטאַלט פֿון אַ ריזן
ווילדן האָן זיך באַוויזן
צו מאַראָטין, וואָס אויף איר
האָט אַניאַ געצאָרנט.

*

— דו זוכסט דײַן חתן — האָט דער פֿאַרשטעלטער וואַסערגאָט געזאָגט צו דער משוגענער כּלה־אַלמנה — ער איז דאָ לעבן דיר, אונטערן וואַסער, אָבער זען קאָנסטו אים ניט, ביז דו וועסט זיך ניט

אונטערטינקען, אַזוי ווי דו שטייסט און גייסט, אין טרויערקלייד אָנגעטאָן. קום צו מיר אין מײַן פּאַלאַץ. דאָרטן וואַרט אויף דיר דער חתן דײַנער, וואָס דו האָסט אים צו מיר געשיקט. ער איז שיין און נאָך שענער ווי געווען; ער וואַרט אויף דיר, איז גרייט דיך אַרומצונעמען מיט זײַנע פֿעסטע אָרעמס. אָבער אַרויפֿשווימען קאָן ער נישט; נאָר אונטערן וואַסער ווערסטו דײַן ליבסטן צוריק דערזען.

אין אי־יאַראַס רייד האָט זי געהערט דאָס קול פֿון איר חתן. מיט פֿאַרמאַכטע אויגן איז זי אים נאָכגעגאַנגען אין וואַסער, פֿריִער ביז צו די קנעכלעך.

— ווײַטער, ווײַטער — האָט דער ריזיקער וואַסערהאָן זי גע־רופֿן מיט דעם קול פֿון איר ליבסטן.

און זי איז געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער, מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, ביז דאָס וואַסער האָט איר צו די ברוסטן דערגרייכט.

— טיפֿער, טיפֿער — האָט אי־יאַראַ געפֿליסטערט

מיט דער שטים פֿון איר חתן,
און דאָס וואַסער איז שוין העכער
פֿון מאַראַטין געפֿלאָסן.
אָבער נאָר אויף אַ מינוט
האָט זי דאָס וואַסער גוט
פֿאַרעדקט איבערן קאָפּ.
ביז אי־יאַראַ האָט געטאָן אַ רוק־אָפּ
פֿון איר זײַן בליק,
איז זי אַרויפֿגעשווומען צוריק
אין געשטאַלט פֿון אַ שוואַן אַ שיינעם
אַ שוואַרץ טרויעריקן און אַ ריינעם.

*

און פֿון דאַן אָן שווימט זי אַרום, די ווידאַ לאָקאַ, די שוואַרצע אַלמנה, איבער די צפֿונדיקע טײַכן, געפֿינט קיין רו נישט און זוכט כּסדר אַרום מיט יאוש איר פֿאַרשווונדענעם חתן.

וויודאַ לאָקאַ — דער שוואַרצער שוואַן.
און אַז אַ וווּנדער וועט געשען
און זי וועט אים אַ מאָל דערזען,
וועט פֿון דעם שוואַן אַ יונגפֿרוי ווערן
און זי וועט צו אַ בראַוון מאַן געהערן.

# דער אָדלער און די פלעדערמויז

גלייבט מיר, אַז די דאָזיקע מעשׂה האָב איך ניט אויסגעטראַכט. איך האָב זי ערגעץ געלייענט און געדענק ניט ווו, געדענק ניט בײַ וועמען. כ׳קאָן זיך נישט דערמאָנען ווער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זי פֿאַרצייכנט, נאָך דעם ווי ער האָט זי געהערט דערציילן, וואָרעם געוויס איז דאָס ניט פֿון די זאַכן, וואָס שרײַבערס מיט אַ רײַכער פֿאַנטאַזיע זײַנען מסוגל זיי אויסצוטראַכטן... דאָס האָט אַוודאי דערציילט אַן אינדיאַנער, איינער פֿון די לעצטע פֿאַרבליבענע פֿונעם שבֿט פֿון די גוויַקורוער, וואָס האָבן אויפֿמערקיקער ווי אַנדערע זיך צוגעקוקט צום לעבן פֿון די חיות און עופֿות און פֿאַרשטאַנען דורך שיינע מעשׂיות צו פֿאַרציילן און באַשיידן אַלע דערשײַנונגען, וואָס זײַנען פֿאַר אַנדערע מענטשן אומפֿאַרשטענדלעך.

אַן אַלטער גוויַקורוער מיט אַ צעאַקערט געזיכט ווי די קאָרע פֿון אַן אַלטן אַלגאַראָבאָ־בוים, האָט מסתּמא די דאָזיקע מעשׂה דערציילט ערגעץ אין אַ שטעטל פֿון צפֿון, לעבן אַ שענקל, און אפֿשר האָט ער זיך נאָך דערבײַ צוגעשפּילט אויף זײַן אַלטער גיטאַרע. האָבן יונג און אַלט, אַרום אים פֿאַרזאַמלט, געהערט די שיינע מעשׂה, און עמעצער האָט זיך דאָרטן געוויס געפֿונען וואָס האָט די קלוגע רייד פֿונעם אַלטן אינדיער פֿאַרצייכנט, טאַקע אַזוי ווי ער האָט זיי געהערט: פּשוט, גלײַך און אָן איבעריקער באַפּוצונג. האָט ער דאָס פֿאַרצייכנטע אַוועקגעשיקט אין שטאָט און דאָרטן האָט מען עס געדרוקט אין אַ צײַטונג, צי אין אַ זשורנאַל, צי אפֿשר אין אַ בוך. איך האָב עס, פּונקט ווי אַנדערע, געלייענט און — פֿאַרגעסן, וואָרעם ווער קאָן זיך עס אָנגעדענקען אַלץ וואָס ער האָט געלייענט?

הײַנט, אין אָט דעם קאַלטן סומנעם טאָג, ווען אין האַרצן נאָגט עפּעס, איך ווייס ניט וואָס, און דאָס געמיט איז מיר באַטריבט, איך ווייס ניט איבער וואָס, איז מיר פּלוצלינג אויפֿגעשווומען אין זכּרון אָט דאָס אינדיאַנישע מעשׂהלע. און אַ שטאַרקער חשק האָט מיך מיט אַ מאָל באַהערשט עס אויפֿצושרײַבן, איבערדערציילן עס פֿאַר אײַך אין ייִדיש, אַקוראַט ווי עס איז אויפֿגעשריבן בײַ מיר אין זכּרון.

אַוודאי וועט איר ניט פֿילן אין דעם יענעם געשמאַקן טעם פֿון איינפֿאַכקייט און פּרימיטיווקייט, וואָס איך האָב געפֿילט ווען איך האָב דאָס מעשׂהלע ערגעץ ווו געלייענט, דערציילט מיט דער פּשטות פֿון אַן אַלטן אינדיאַנער. אָבער גלייבט מיר, אַז מײַן העכסטער און הייסטער ווונטש אין לעבן וואָלט געווען עס צו קענען דערציילן וואָס פּשוטער, אַזוי נאָענט ווי מעגלעך צום אופֿן ווי יענער אַלטער גווײַקורועור האָט עס געוווּסט צו דערציילן...

און אַז נישט — דערצייל איך עס נאָכן זכּרון, אַזוי ווי איך קען און געדענק עס... און איר, פֿרײַנד מײַנע, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, פֿאַרלירט עטלעכע מינוט און לייענט איבער דאָס אויפֿגעצייכנטע: עס וועט אײַך נישט באַנג טאָן, וואָרעם ווי שלעכט דאָס איז דערציילט, וועט איר נאָך אַלץ דורך דעם געוויר ווערן פֿאַר וואָס פֿלעדערמײַז שלאָפֿן בײַ טאָג הענגענדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ און פֿאַר וואָס זיי פֿליִען אַרויס, ווי נאָר די נאַכט קומט־אָן, אין דער נאַכט־פֿינצטערניש, און באַוועגן זיך אין איר אָן מורא און גאַנץ געררוים.

אַ קלייניקייט, און דאָך שאַט ניט, אַז מען ווייס עס. אפֿשר וועט איר אויך פֿון דעם עפּעס לערנען...

*

אַז טופּאַ, דער אַלמאַכטיקער האַר, האָט באַשאַפֿן די וועלט, האָט ער מיט אַ כּיוון באַשאַפֿן דעם אָדלער שטאַרקער, העכער און שענער פֿון די אַלע פֿייגל אויף דער ערד. ער האָט אים פֿון דער באַשאַפֿונג אָן באַשטימט צו זײַן דער מלך איבער דעם גאַנצן קיניגרײַך

פֿון די באַפֿליגלטע. אַזוי איז באַשטימט געוואָרן אין די ערשטע טעג פֿון בראשית; אַזוי איז עס נאָך ביז היינט צו טאָג און פֿיל יאָרן וועט ער נאָך מסתּמא פֿאַרבלײַבן דער קעניג פֿון אַלע פֿליִענדיקע באַשעפֿענישן.

ווען דער אָדלער הייבט זיך אויף מיטן כּוח פֿון זײַנע פֿילגלען ביז דער העכסטער הייך, העכער פֿון אַלע פֿייגל, ווערט ער וואָס ווײַטער אַלץ קלענער פֿאַר די, וואָס קוקן אויף אים פֿון אונטן; אַלץ קלענער און קלענער, ביז עס דאַכט זיך, אַז ער איז ניט מער ווי אַ קליין שוואַרץ פּינטעלע וואָס סטײַעט ניט מער, ווערט באַלד צערונען און צעשווומען אין דער בלויקייט פֿון הימל. און אַז ער האָט זיך אין די הייכן נאָר אָפּגערוט אַ ווײַלע אויף די מאַכטיקע פֿליגלען, הײַבט ער אָן זיך אַראָפּלאָזן נידעריקער. אין גרויסע קרײַזן פֿליט ער אַרום מאַיעסטעטיש, כּמעט אומבאַוועגלעך, האַלט זיך אויף מיטן כּוח פֿון די ברייטע פֿליגלען. ער פֿאָרשט און נישטערט מיטן שאַרפֿן ווײַט־דערלאַנגענדיקן בליק זײַנעם צו געפֿינען אויף דער ערד לעבעדיק לײַב, פֿלייש און בלוט, פֿאַר זײַן טעגלעכער מלכותדיקער סעודה.

אין הויכע רעגלמעסיקע קרײַזן פֿליט ער דאָן אַרום איבער דער ערד אין דער הויכקייט פֿון ריינעם, בלויען הימל. די רמשים וואָס פּויזען־אום אויף דער ערד אַנטלויפֿן ווי נאָר זיי באַמערקן דעם קעניגס שוועבן, און זיי באַהאַלטן זיך אין די שפּאַרונעס ווו זייער היים איז געוויינטלעך. די פֿייגל פֿאַרבאָרגן זיך אין דער געדיכטעניש פֿון די וועלדער פֿאַר זײַן שאַרפֿן בליק. אַ גרויסער כּבֿוד טאַקע, אויסגעקליבן צו ווערן דורך דעם מלך; אָבער יעדער פֿליִענדיק באַשעפֿעניש וואָס ווייס מיט וואָס דאָס שמעקט, איז מוחל דעם כּבֿוד און זוכט אַנטרינען צו ווערן פֿון אונטער זײַן בליק...

די קליינע קראַליקלעך וואָס זײַנען אין די וועלדער פֿון צווישן גראָז אַרויסגעקראָכן אויסצוואַרעמען זייערע ווייכע יונגינקע בייַנדעלעך אין דעם ביסעלע זון, אַנטלויפֿן גיך אין דער טיפּסטער טיפֿעניש פֿון די גראָז־געדיכטקייטן, ווי נאָר זיי דערזעען ווי דער קע־

ניג פֿון די פֿייגל שנײַדט־דורך די לופֿט: זיי ווייסן פֿון דער דער־פֿאַרונג פֿון פֿריִערדיקע טעג, פֿון זייערע שוועסטערס און ברידער, אַז דעם מלך שמעקט באַזונדערס זייער יונג צאַרט פֿלייש, און זיי ווילן אים דאָס ליב ניט אָנטאָן...

אַז דער אָדלער האָט שוין יאָ באַמערקט עפּעס וואָס ס׳איז ווערט מיט דעם צו שטילן זײַן קיניגלעכן אַפּעטיט, לאָזט ער זיך געשווינד פֿון דער העכסטער הייך אַראָפּ, שווער ווי בלײַ, גלײַך אויפֿן אויס־געקליבענעם קרבן. ער קלאַמערט זיך אײַן אין דער הויט און פֿעל פֿון דעם אומגליקלעכן באַשעפֿעניש און מיט דער קראַפֿט פֿון זײַנע פֿליגל פֿאַרשלעפּט ער עס ערגעץ אויף אַ הויכן פֿעלדז, וווּ זײַן נעסט איז געבויט.

דאָס ערשטע מאָל וואָס אַ פֿויזנדיק באַשעפֿעניש הערט־אויף צו קריכן און הייבט זיך אויף אין דער לופֿטן. נאָר אַזוי קאָן אַ באַשע־פֿעניש וואָס איז ניט קיין אָדלער זיך אויפֿהייבן אַזוי הויך ווי דער אָדלער אַליין. אָבער ווי טײַער דאָס באַצאָלט פֿאַר אַזאַ איינמאָליקן אויפֿשטײַג... מיט לײַב און לעבן באַצאָלט עס פֿאַר דעם.

אַז דער אָדלער פֿאַרענדיקט זײַן טעגלעכע מלכותדיקע סעודה און רײַבט־אָפּ דעם פֿאַרבלוטיקטן שנאָבל און די פֿעסטע נעגל אינעם פֿעלדז וואָס האָט אים געדינט פֿאַר אַ טיש, פֿליט ער ווידער אַ מאָל, נאָך העכער ווי פֿריִער. ווי פֿאַרשיכורט פֿון ליכטיקייט, בלויקייט און זאַטקייט, וואַרפֿט ער זיך אינעם אין־סוף, און זײַנע ריזיקע פֿליגלען שנײַדן די שטילע בלויקייט ווי די נאָז פֿון אַ פּיראַגוואַ־שיפֿל שנײַדט די שטילע וואַסערן פֿון דער אײַנגעדרימלטער אָזערע.

צו דער זון פֿליט ער! גלײַך צו דער זון. זײַן גרוילעך שוואַר־צער שאָטן באַוועגט זיך ווי אַ גרויסער פֿלעק איבער דעם אומבאַ־שפּרענקלטן ים פֿון ליכטיקייט. און ער פֿליט גלײַך צו דער זון, פּונקט ווי איר היץ און פֿלאַם וואָלטן אים ניט אָפּגעשראָקן. ניט אַנדערש, נאָר ער וויל זיך טובֿל זײַן אין איר פֿלאַם, בלינד אַרײַנ־פֿאַלן אין איר אָנסופֿיקן אייביקן פֿײַער־ים, ווייסנדיק פֿון פֿאָרויס אויף זיכער אַז ער וועט דאָרטן ניט פֿאַרברענט ווערן, נאָר וועט

אַרויסקומען אַ באַנײַטער, אַ געשטאַרקטער מיט מער כּוח און גע־וואַגטקייט...

דער אָדלער... פֿאַר וואָס איז ער אַזוי שטאַרק? פֿאַר וואָס איז ער אַזוי מאַיעסטעטיש?

ווײַל ווען טופֿאַ האָט די וועלט באַשאַפֿן, איז ער אַליין פֿונעם גאָרניט אַרויסגעקומען, לכתחילה, אין דער געשטאַלט פֿון אַ גרויסן אָדלער, און ווי אַן אָדלער האָט ער אַרומגעשוועבט. דערפֿאַר האָט ער, ווען פֿון דעם גאָרניט האָט אָנגעהויבן אַרויסקומען אַ וועלט מיט באַשעפֿענישן, געוואָלט זיך אַליין פֿאַרקערפּערן, זײַן אייגענע שטאַר־קייט און מאַכטיקייט, זײַן געשטאַלט און זײַן פֿורעם. אַזוי האָט ער דעם אָדלער באַשאַפֿן נאָך דער געשטאַלט פֿון דעם ערשטן גרויסן אָדלער, וואָס האָט אַלץ באַשאַפֿן און קיניגט איבער אַלעמען.

— איר גלייבט ניט? גלייבט, זאָג איך אײַך. דאָס איז אַ קבלה בײַ די אַלטע וואָרזאָגערס פֿונעם שבֿט פֿון די גווײַקורוער. דאָס האָבן זיי געהערט פֿון די, וואָס זײַנען געווען מיט דורות פֿאַר זיי: אַן אמת וואָס קיינער קאָן ניט אָפּפֿרעגן.

שפּעטער האָט טופֿאַ אַליין אָנגענומען אַן אַנדער אָנבליק, פֿאַר־שיידענע אָנבליקן. אָבער זײַן ערשטע געשטאַלט, מיט וועלכער ער האָט זיך אָנגעטאָן ווען ער האָט פֿונעם גאָרניט באַשאַפֿן וואַלד, חיה, פֿויגל, ים, טײַך און מענטש, איז פֿון אַ גרויסן אָדלער געווען, און דערפֿאַר האָט ער דעם אָדלער באַשאַפֿן, זײַן אייגענעם אויסזען אין פֿאַרבלײַבעניש צו פֿאַראייביקן.

דערפֿאַר איז דער אָדלער דער קעניג און ער וועט עס ווײַטער זײַן, מעגן חיות און עופֿות ניט וועלן און אָפּט טאָן ווידערשפּעניקן קעגן זײַן כּבֿוד און מאַכט. זייערע מרידות זײַנען פֿאָרויס באַשטימט צום דורכפֿאַל. אַזוי איז דער ווילן פֿונעם אַלמאַכטיקן טופֿאַ, און אַזוי וועט תּמיד זײַן: דער וואָס האָט שטאַרקע פֿילגלען צו פֿלי:ען גלײַך צו דער זון און האָט קיין מורא נישט זיך אָפּצובר:ען מיט איר אומענדלעך פֿײַער, יענער געוועלטיקט אַלע מאָל איבער די וואָס פֿויזען, וואָס קריכן, און וואָס ווען זיי פֿלי:ען שוין יאָ אַפֿילו, טוען

זיי עס מיט ציטער, מיט מורא, אַן גאַוואַגטקייט און אָן כּוח. אַ פֿלי, אַ נידעריקער — און אַראָפּ צוריק אויף דער ערד. דאָס איז ווי גע־קראָכן. קיין אָדלער ווערט מען נישט מיט אַזאַ פֿליִען. עס קלעקט נאָר צו מאָל כּוח און רצון מורד צו זײַן קעגן דעם אָדלער — אַ מרידה וואָס קאָן ניט אַנדערש ווי דורכפֿאַלן, ווײַל: אויב פֿליִען, איז הויך און מאַכטיק, אָן מורא, ווי אַן אָדלער...

אָט וועגן אַזאַ מרידה קעגן דעם אָדלער און זײַן מאַכט, און וועגן דעם וואָס האָט זיך פֿון איר אויסגעלאָזט, וועלן דאָ ווײַטער קומען די רייד.

*

די נידעריקסטע און שוואַכסטע באַשעפֿענישן פֿון דער באַפֿליגל־טער מלוכה, די וואָס פֿליִען זעלטן הויך און האַלטן זיך בדרך־כּלל בײַ דער ערד, קריכנדיק מער ווי פֿליִענדיק, האָבן די ערשטע אָנ־געהויבן אַ מורמלערײַ קעגן דעם אָדלערס מאַכט און זײַן הויכן פֿלי.

די נאַרישסטע און מיאוסטע פלאַפּלערס פֿון צווישן די מיט פֿליגל באַשאַפֿענע האָבן זיי גלײַך נאָכגערעדט, און אויך געטומלט און פּראָטעסטירט קעגן דעם אָדלערס כּוח. די ווילדע גענדז די נאַ־רישסטע, און די ווילדע קאַטשקעס; די סאָווע און די אַלעלעקע; דער גיך שפּרינגענדיקער וואָראָבייטשיק און די סאָראָקע, די פלאַפּלער־קע און גנבֿטע, וואָס שפּײַזט זיך ניט פֿון דעם וואָס זי געפֿינט אויף הפֿקר, נאָר פֿון דעם וואָס זי לקחנט אַוועק פֿון אונטער די הענט; די קורצזיכטיקע פֿלעדערמײַז, וועמען עס בלענדט די פֿאַרהאַסטע ליכטיקייט פֿון העלן טאָג. אויך די קלייניקע „טעראַ־טעראָס" און די פֿײַניקע שוואַלבן זײַנען צוגעצויגן געוואָרן צו דער פֿאַרשווערונג, הגם פֿון אָנהייב האָבן זיי קיין חשק ניט געהאַט צו זײַן צווישן די וואָס טוען - ווידערשפּעניקן אין דער מאַכט פֿונעם קעניג אָדלער. דערנאָך זײַנען צוגעשטאַנען אַלע קלענערע און גרעסערע פֿייגל.

אָבער די ערשטע, די וואָס האָבן אײַנגערעדט און איבערגערעדט, צוגערעדט און צוגעשטאַנען צו די אַנדערע, די וואָס האָבן די ער־שטע דעם טומל פֿון דער געפּלאַנעוועטער מרידה אויפֿגעהויבן, זײַ־

נען געווען די שוואַכסטע און די מיאוסטע צווישן די עופֿות: די וואָס האָבן אַליין קיין כּוח ניט רעכט אַ פֿלי צו טאָן, רעכט זיך אויפֿצו־הייבן איבער דער ערד און ברייט און שטאַרק אַ קלאַפּ צו טאָן מיט די פֿליגל. זייער קנאה צום אָדלער איז געווען שטאַרקער ווי די קנאה פֿון די וואָס קענען יאָ פֿליִען, כאָטש ניט אַזוי האַסטיק און הפֿקרדיק געוואָגט ווי ער...

אַזוי טרעפֿט עס אַלע מאָל: די וואָס האָבן נישט קיין אייגענעם כּוח, קיין מעלות, און קריכן צום נידעריקסטן איבער דער ערד, זײַנען די גרעסטע אין זייער קנאה צו די שטאַרקע; די פֿאַרביסנסטע אין זייער שׂנאה צו יענע וואָס זײַנען שטאַרק אין ווילן, אין כּוח און אין דרייסטקייט.

מער ווי בײַ אַלעמען האָט די קנאה געברענט בײַ די פֿלעדער־מײַז, די „מבאַפּיס“, ווי מען רופֿט זיי אויפֿן אַלטן לשון פֿון די גווײַ־קורוער שבֿטים.

זיי זײַנען קורצזיכטיקער אַפֿילו ווי די סאָוועס; די ליכטיקייט פֿון העלן טאָג פֿאַרשעמט זיי; זיי פֿליִען קוים די הייך פֿון אַ ניט־הויכן בוים און ווײַל זיי זעען ניט ווערן זיי אויף טריט און שריט גע־שטרויכלט — פֿאַרגינען זיי ניט דעם אָדלער זײַן פּראַכט און זײַן געוואַגטן חוזק איבער דער צוגעבונדנקייט צו דער ערד.

זיי קומט שווער אָן ביז זיי געפֿינען אין דער נאַכט־פֿינצטער־ניש אַ קליניקייט צו נעמען אין מויל אַרײַן — קאָנען זיי ניט לײַדן וואָס דער אָדלער דערלאַנגט מיט זײַן שאַרפֿן בליק פֿון סאַמע הימל ביז צום טיפֿסטן טאָל און געפֿינט גלײַך פֿרישע צאַפּלדיקע שפּײַזן פֿאַר זײַן טעגלעכן טיש...

האָבן זיי פֿלעדערמויזיק געשיפּעט און געריפּעט, געכליפּעט און געזשיפּעט, און די ערשטע פֿאַרטראַכט די מרידה קעגן אים צו מאַכן.

די נאַרישע ווילדע גאַנדז האָט צוגעגאָגעט; די קאַטשקעס האָבן אויף יאָ צוגעקוואָקעט; און די גנבֿטע, די סאָראָקע, וואָס האָט נאָך געפּילט אין פּיסק דעם טעם פֿון דעם לעצטן אָוועקגעלקחנטן ביסן, איז אַרומגעשפּרונגען און אַרומגעפֿלויגן פֿון איין כּנופֿיה פֿייגל צו

דער צווייטער, האָט דאָ שעלמיש מסכּים געווען, דאָרט געפּלאָפּלט מיט איר נאַריש אָבער געשליפֿן צינגל, אונטערכאַפּנדיק דעמס אַ וואָרט, אַ צווייטנס אַ קוואָרט, און מאַכנדיק פֿאַר יעדער נאַרישקייט אַן אָרט.

*

און די טענות זײַנען געווען:

— ניט גערעכט איז דער בלויער שטח פֿאַרטיילט. פֿאַר וואָס קומט דעם אָדלער אַזוי הויך צו פֿליִען און אונדז בײַ דער ערד צו קריכן, קוים אויף אַ רגע זיך טאָן אַ הייב, און גלײַך צוריק אויף דער ערד אַראָפּ? — האָט די ווילדע גאַנדז געזאָגט.

— גלײַכקייט דאַרף הערשן צווישן די פֿייגל למיניהם — האָבן די פֿלעדערמײַז געשטאַמלט אויף זייער קוים פֿאַרשטענדלעך לשון — פֿאַר וואָס קומט דעם אָדלער זיך צו דערהייבן העכער פֿאַר אונדז ביז צו די בערגשפּיצן, ביז פֿון יענער זײַט פֿון די וואָלקן־גרענעצן, וווּ ס׳איז אַ סבֿרה אַז עס טאָגט כּסדר און ס׳איז דאָרטן בלוי און ליכטיק און דורכזיכטיק? פֿאַר וואָס האָט ער יעדן טאָג פֿריש עסן, און מיר דאַרפֿן זיך שפּײַזן מיט אַ נישטיקייט, אַז אַ קליין ווערעמל צו פּאַקן איז אונדזער העכסטער ווונטש?

— לאָמיר רופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג — האָט פֿאָרגעלייגט די אײַלעוו־דיקע סאָראָקע, וואָס אָנערקענט ניט קיין פּריוואַט־אייגנטום — אַלע באַפֿליגלטע זאָלן זיך פֿאַרזאַמלען און זיך האַלטן אַן עצה וואָס צו טאָן קעגן דעם אָדלער, דעם הויך־פֿליִענדיקן טיראַן.

— לאָמיר אָננעמען אַ שטעלונג קעגן אים, אַ שטעלונג — האָט דאָס קלייניקע טעראָ־טעראָ אויסגעטעראָטערעט מיטן חנוודיקן פּיסקל. כאָטש ס׳האָט אַליין נאָך נישט געוווּסט גענוי וועגן וואָס דאָ גייט.

— מיר וועלן אויסאַרבעטן פּלענער קעגן דעם אָדלער אים אין גאַנצן צו פֿאַרלענדן, אָט דעם אָפּגעזונדערטן, וואָס ווייס נאָר זיך צו האַלטן הויך בעת ער דריקט־אונטער און פֿאַרצוקט אונדזערע ברי־דער — האָט אָנגעהויבן זײַן פֿלאַם־פֿײַערדיקע דרשה דער שייך־ און גלאַט־רעדנער צווישן די פֿייגל, דער פּאָראַגווײַער פּאָפּוגײַ. דאָס האָט

ער נאָר געמאַכט רעפעטיציע פֿאַר דער גרויסער דרשה, וואָס ער האָט זיך געקליבן צו האַלטן אויף דער פֿאַרזאַמלונג...

און אַזוי האָט מען באַשלאָסן:

— אַ מרידה קעגן אָדלער! — האָט אין וואַלד פֿון בוים צו בוים זיך פֿאַרשפּרייט אַ צוויטשעריַי.

— אַראָפּוואַרפֿן בײַם אָדלער זײַן קרוין! — האָט זיך געטראָגן די לאָזונג פֿון די געסט, וואָס זײַנען פֿון נעסט צו נעסט געפֿלויגן איבערצוגעבן די בשׂורה דעם רעשט פֿון די פֿייגל.

— אַ מרידה קעגן דעם אָדלער, דעם שטאַרקן? און ווער וועט זי מאַכן? כאַ־כאַ־כאַ! אפֿשר די קורצזיכטיקע פֿלעדערמויז אָדער גאָר די סאָראָקע די פּלאַפּלערקע מיט דעם קלעפּיקן שנאָבל? — האָבן די מער באַזאַכטע און יוסטע פֿייגל פֿון וואַלד געשאָקלט מיט די קעפּלעך און מיט אַ חוזק־צוויטשעריַי צוגעגעבן:

— איין בליק פֿונעם אָדלער וועט אײַך צעטרײַבן, אַזוי אַז ער וועט אַפֿילו פֿאַרשפּאָרן אײַך צו צערײַבן מיט זײַנע פֿליגל און נעגל.

*

און געקומען איז דער טאָג פֿון דער גרויסער מרידה־פֿאַרזאַמלונג וואָס מען האָט צוגעגרייט אין וואַלד, לעבן אַן אָזערע, כּדי אויך קאַטשקעס און שוואַנען זאָלן אין איר טאָן אַרײַנשפּאַנען.

טומלדיק איז די פֿאַרזאַמלונג געווען. טומלדיק און רעשיק, ווי בײַ מענטשן להבֿדיל. אין דעם טיילן זיך די פֿייגל ניט אָפּ פֿון די צווייפֿיסיקע וואָס קענען ניט פֿליִען...

מ׳האָט געדאַרפֿט באַשטימען און אָפּשטימען און באַשטעטיקן וואָס צו טאָן קעגן דעם אָדלער, כּדי ניט נאָר אים אַראָפּצוזעצן פֿון זײַן גדולה, נאָר אין גאַנצן אים אומצוברענגען פֿון דער וועלט.

— צו וואָס דאַרף מען גאָר דעם אָדלער אויף דער וועלט? אַז מיר קענען הויך ניט פֿליִען, זאָל קיינער ניט וואַגן אונדז איבערצושטײַגן — האָט אָפּגעפּסקנט אַ פֿלעדערמויז.

און דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, דער ניאַקורוטו —

מען האָט אים פֿאַר דעם אַמט באַשטימט, ווײַל ער איז בטבֿע אַ שוויַגער, אַן ערנסטער, מיט אַן אויסזען פֿון חכמה, הגם מיט אַ פּוסטן קאָפּ — האָט צוגעבאָמקעט ערנסט און שאַרפֿזיניק:

— גערעכט, חבֿר פֿלעדערמויז. צו וואָס דאַרף מען אַן אָדלער אויף דער וועלט, ווען דו, פֿלעדערמויז, ביסט פֿאַראַן?...

און פֿאָרזיכטיק איז מען אויך געווען: דער אָדלער זאָל חלילה פּלוצלינג ניט דערזען די פֿאַרזאַמלונג און צו איר מאַכן אַ סוף איי־דער מען וועט אָננעמען די נייטיקע שטעלונג, האָט מען ווײַט אין וואַלד אַוועקגעשטעלט אַ וואַך — אַ גאַנצע מחנה טעראָ־טעראָס. זיי האָבן אין דער פֿאַרזאַמלונג קיין אָנטייל ניט גענומען, נאָר געדאַרפֿט אַכטונג געבן, קוקן אין דער הייך, טאָמער האָט עמעצער אַ בוגד דערציילט דעם אָדלער וועגן דער מרידה וואָס גרייט זיך צו, און ער קומט און פֿאַלט אומגעריכט אַרויף אויף דער גאַנצער מחנה, האָבן זיי געדאַרפֿט באַצײַטנס מודיע זײַן.

און גלײַך בײַם אָנהייב, ווי נאָר דער ערנסטער ניאַקורוטו האָט די פֿאַרזאַמלונג דערעפֿנט, איז אַנטשטאַנען אַן ערנסטער סיכסוך: דער מיושבֿדיקער קוקו האָט גאָר פֿאָרגעלייגט, אַז מען זאָל די סאָראָקע ניט צולאָזן צו דער באַראַטונג — דווקא די סאָראָקע, וועלכע האָט לכתּחילה מער ווי אַנדערע גערודערט און זיך געקהלט אַרום דער מרידה קעגן דעם אָדלער.

— פֿאַר וואָס? — האָבן זיך דערהערט געשרייען און צוויטשע־רײַען, און טרעלן, אַרויסגעפּוזשעטע און אַרויסגעזונגענע אויף אַלערליי שטימען.

— ווײַל זי איז אַ חרפּה פֿאַר דער פֿייגל־משפּחה — האָט דער קוקו אַרויסגעקוקעט — זי האָט ניט קיין אייגנס, וואָלט דאָס קיין חרפּה ניט געווען; נעמט זי אָבער פֿרעמדס. אַ גנבֿטע איז זי; זי האָט־רעוועט נישט צו געפֿינען איר שפּײַז, נאָר זי גנבֿעט אַפֿילו פֿון אונ־טערן שנאָבל דאָס וואָס אַנדערע האָבן מיט זייער מי צוגעגרייט. זי האָט אַ קלעפּיקן שנאָבל און שלעפּט און נעמט וואָס זי דאַרף ניט — אַזעלכע דאַרפֿן אויסגעשלאָסן ווערן פֿונעם ציבור פֿון די באַפֿליגלטע.

זי האָט ניט וואָס צו טומלען און צו פֿאָדערן גערעכטיקייט בײַם אײַנטיילן זיך מיט דער לופֿט צו פֿליִען, ווען זי איז אַליין אַן אומגערעכטע.

דער טומל מיט דער צוויטשערײַ זײַנען גרעסער געוואָרן. דער פּאָפּוגײַ האָט געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה צו פֿאַרטיידיקן די רעכט פֿון דער סאָראָקע. עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן: דער פֿאָרזיצער האָט געשלאָסן די לאַנגע ריידענישן און דורך אַ גרויסער מערהײַט האָט מען די סאָראָקע אויסגעשלאָסן פֿון דער רעזאָלוציע־פֿאַרזאַמלונג.

מיט געשריי און געפּילדער איז זי אַוועק, סטראַשענדיק די פֿאַרזאַמלטע פֿאַרן בזיון וואָס מען האָט איר אָנגעטאָן. נאָך איר האָט פֿאַרלאָזט די פֿאַרזאַמלונג אויך דער פּאַראַגווײַער פּאָפּוגײַ, אַ בייזער וואָס זײַן שעהען לאַנג ריידן האָט ניט באַוויזן איבערצוצײַגן דעם באַפֿליגלטן עולם.

נאָר די פֿלעדערמויז, אַ קריכערין, ווי תּמיד, האָט ניט געוואָלט נאָכטאָן די צוויי באַליידיקטע באַריידעוודיקע עופֿות, כאָטש זי האָט געהאַלטן צוזאַמען מיט זיי אין דער דעה. אַ פֿלעדערמויז בלײַבט תּמיד אַ פֿלעדערמויז. זי קריכט און זאָגט, אַז זי פֿליט; זי זעט דאַן ווען קיינער זעט ניט און ווען אַלעמען איז ליכטיק — איז איר פֿינצטער. און דאָך איז זי אַלע מאָל מקנא דעם אָדלער און וואָלט וועלן זען ווי מען וואַרפֿט אים אַראָפּ פֿון זײַן הייך און פֿון זײַן כּוח...

*

ערשט נאָך דער שפּאַלטונג איז די פֿאַרזאַמלונג אַריבער צום ענין, צוליב וועלכן זי איז פֿאַררופֿן געוואָרן. דער ניאַקורוטו האָט ווײַטער אָנגעפֿירט מיט די פֿאַרהאַנדלונגען מיט דער ערנסטקייט פֿון זײַן לײדיקן פֿייגלשן קאָפּ.

מען האָט געהאַלטן פֿלאַם־פֿײַערדיקע רעדעס קעגן דער מאַכט פֿונעם קעניג אָדלער; מען האָט אַפֿילו פּראָטעסטירט קעגן דער אומרעכט וואָס טופּאַ אַליין איז באַגאַנגען מיטן איבערגעבן די גאַנצע מאַכט און אַלע מעלות נאָר דעם אָדלער אַליין.

אַ דערשראָקענער פֿאַר דער געוואַגטקייט פֿון אייניקע פֿון די באַפֿליגלטע דרשנים, האָט דער פֿאָרזיצער זיי געמוזט אויסריידן און צו מאָל אַפֿילו צונעמען דאָס וואָרט, דערמאָנענדיק אַז די פֿאַרזאַמ־לונג קעגן דער אָדלער־מאַכט איז נישט קעגן דעם אַלמאַכטיקן טופֿאַ.

דאָס, וואָס דער פֿאַראַגוויַיער פּאָפּוגיַי און די סאָראָקע זיַינען פֿון דער פֿאַרזאַמלונג פֿאַרטריבן געוואָרן, מיינט נאָך נישט אַז עס האָבן געפֿעלט בעלנים צו נעמען „אַ וואָרט“ און אָנריידן אַ קוואָרט, און ניט איין מאָל, נאָר צען מאָל. רעדנערס האָבן גערעדט, און אַלע אַזוי הויך באַפֿליגלט, אַזוי שיין באַפֿעדערט, אַז אָפֿט מאָל האָבן זיי פֿאַרגעסן וועגן וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן און אַז זיי דאַרפֿן אַ מאָל ענדיקן.

קיינער האָט אָבער ניט געהאַט קיין ספֿקות וועגן דעם עצם פּלאַן פֿון דער מרידה, וועגן דער גערעכטיקייט פֿון דער זאַך. אַלע האָבן פּה־אחד מסכּים געווען אַז דעם אָדלער דאַרף מען פֿאַרטיליקן, אָפּ־ווישן פֿון צווישן די בעלי־כּנף, און זיַין נאָמען דאַרף אָפּגעמעקט ווערן פֿון דעם באַפֿליגלטן ציבור. וועגן וואָס די קריגעריַיען זיַינען געווען איז וועגן די מיטלען, וועגן די אופֿנים ווי אַרום דורכצופֿירן דעם פּלאַן פֿון דער מרידה.

יעדערער פֿון די פֿאַרזאַמלטע האָט זיך געהאַט זיַין פּלאַן וואָס ער האָט פֿאָרגעלייגט, און מען האָט דעם פּלאַן דיסקוטירט און באַ־טראַכט. און אַזוי ווי פּלענער און מיטלען האָט מען פֿאָרגעלייגט אַ סך, און וועגן יעדן באַזונדער האָט מען גערעדט, האָט די פֿאַר־זאַמלונג זיך געצויגן און געצויגן אָן אַ סוף, און זי וואָלט זיך ערשט געווען פֿאַרצויגן מי־יודע ווי לאַנג, און וואָלט זיך געווען געענדיקט ווער ווייס ווען און ווי אַזוי — ווען נישט... ווען מען וואָלט זי פּלוצ־לינג ניט געהאַט איבערגעריסן. הערט וואָס עס איז געשען:

*

די סאָראָקע און דער פֿאַראַגוויַיער פּאָפּוגיַי האָבן ניט געקאָנט מוחל זיַין די עוולה וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן דער ערשטער,

וואָס מען האָט זי פֿאַרטריבן פֿון דער פֿאַרזאַמלונג וועלכע איז כּמעט אויף איר פֿאַרלאַנג זיך צוזאַמענגעקומען.

די נקמה־גײַציקע באַשעפֿעניש האָט, צוזאַמען מיט איר נאַרישן חבֿר, באַשלאָסן צו פֿאַרמסרן אַלע פֿייגל וואָס האָבן זיך פֿאַרזאַמלט: אַליין דעם אָדלער אַלץ אויסדערציילן און זאָל דער קעניג פֿון זיי נקמה נעמען.

איז זי אַוועק אָפּזוכן דעם אָדלערס נעסט, און דער פֿאַראַגווײַער פּאָפּוגײַ האָט זיך הינטער איר נאָכגעשלעפּט, מער קריכנדיק ווי פֿליִענדיק, און אײַנחזרנדיק אין וועג אַ רעדע וואָס ער וועט האַלטן פֿאַרן אָדלער וועגן זײַן גרויסקייט און מאַכטיקייט, וואָס זאָל דויערן אויף אייביקע אייביקייטן.

אַ פֿאַראַגווײַער פּאָפּוגײַ, אַ נאַרישער פֿויגל און דערצו אַ פּלאַפּ־לער — וואָס קאָן מען פֿון אים דערוואַרטן? און אַ סאָראָקע אָדער „אָוראַקאַ“, אַ פֿויגל אַ ניט־פֿאַרגינער, וואָס איז דען אַנדערש צו דערוואַרטן פֿון אים?

זיי זײַנען אַוועק זוכן דעם אָדלער. ניט אַזוי גרינג קומט־אָן דער סאָראָקע אַרויפֿצוקלעטערן ביז צו דער הייך פֿון אַן אָדלער־נעסט. און ווער ווייס צי זי וואָלט עס געקאָנט באַווײַזן אַפֿילו איין מאָל, ווען נישט דאָס ב׳יז פֿון קנאה־שׂנאה, דאָס געפֿיל פֿון נקמה און פֿון פֿאַרראַט, וואָס האָט איר געגעבן כּוח אין די פֿליגל זיך צו הייבן הויך און העכער.

אַז זי איז ביז צום שפּיץ פֿעלדז דערפֿלויגן (דער פּאָפּוגײַ האָט זיך ווײַט נידעריקער פֿון איר פֿאַמעלעך געהויבן צו דער הייך), האָט זי דעם קעניג געטראָפֿן אָפּרוענדיק נאָך אַ פֿעטן מאָלצײַט מיט אַ פֿריש וואַלד־קיניגל. זײַן שאַרפֿער בליק האָט געשניטן די לופֿט אונ־טער זײַנע פֿיס...

די סאָראָקע האָט אויף גיך דעם אָדלער אַלץ דערציילט, און נאָר פֿאַרגעסן צו דערמאָנען אַז זי און איר פֿרײַנד דער פּאָפּוגײַ זײַ־נען געווען פֿון די ערשטע אין דער פֿאַרשווערונג...

זי האָט דערציילט וועגן דער מרידה־פֿאַרזאַמלונג וואָס כּמעט

אַלע פֿייגל האַלטן איצט אָפּ אין וואַלד בײַ דער אָזערע, און וועגן די פּלענער צו טייטן אים, דעם קעניג, זאָל לאַנגע יאָרן לעבן און הערשן. און דער פֿאַראַגווײַער פּאָפּוגײַ, וואָס איז דערווײַל אונטער־געקומען, האָט דאָס אַלץ אויף זײַן פּאָפּוגײַישער נאמנות באַשטע־טיקט.

*

דער אָדלער האָט אויסגעהערט און — זיך צעלאַכט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט עס אָפּגעהילכט אין דעם ווידערקול צווישן די פֿעלדזן־שפּאַלטן — זיי, אָט די קליינע נידעריקע ברואים־לעך, ווילן מיך פֿאַרטיליקן. גוט. מיר'ן גיין צו זיי, זיי פּאַקן בעת דער פֿאַרזאַמלונג און הנאה האָבן פֿון דעם וואָס וועט פֿאָרקומען, ווי זיי וועלן זיך אַלע צעלויפֿן אין איין שרעק ווי נאָר זיי וועלן דערזען מײַן שאָטן איבערן וואַלד.

און נעמענדיק אויף זײַנע פֿליגלען די סאַראָקע מיטן פּאָפּוגײַ, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן פֿון דער העכסטער פֿעלדזנהייך צום וואַלד אַראָפּ. ער איז געפֿלויגן געשווינד און געשווינדער ווי אַלע מאָל: דער צאָרן און דער ביטול האָבן פֿאַרטאָפּלט די מאַכט פֿון זײַנע פֿליגלען.

בײַ די צוויי מוסרים האָט אין די פּוסטע קעפּ גענומען שווינדלען פֿון דער גיכקייט און האַסטיקייט פֿונעם פֿלי.

דער קעניג אָדלער שנײַדט־דורך די לופֿט ווי מיט אַ שאַרפֿן מעסער אַ דינע פֿעל. ער וויל גיך צופֿליִען צו דער אָזערע אין וואַלד, כּדי די פֿאַרזאַמלטע צו פֿאַרכאַפּן נאָך דאָרטן...

אָבער ווי גיך ער איז געפֿלויגן איז זײַן ווונטש דאָך ניט דער־פֿילט געוואָרן. ער האָט די פֿאַרזאַמלונג שוין ניט געטראָפֿן. די וואַך פֿון די טעראָ־טעראָ פֿייגל האָט איר אויפֿגאַבע דורכגעפֿירט בשלמות: זיי האָבן באַצײַטנס אָנגעזאָגט די געפֿאַר, און ווען דער אָדלער איז אָנגעקומען איז שוין געווען נאָך אַלעמען...

די פֿייגל זײַנען זיך אין שרעק צעפֿלויגן; זייער גאַנצער מרידה־גײַסט איז צערונען געוואָרן. אין מורא פֿאַר דעם אָדלערס שנאָבל

און פֿאַר זײַנע נעגל האָבן זיי זיך אַלע באַהאַלטן: ווער אין אַ נעסט און ווער אין וואַלד, איינער אין וואַסער און אַ צווייטער אין גראָז... נאָר די קורצזיכטיקע פֿלעדערמויז איז געבליבן, ניט פֿאַר העלדיש־קייט, נאָר פֿאַר דערשראָקנקייט און בלינדקייט. זי האָט ניט באַוויזן צו אַנטלויפֿן.

— הענג זיך אויף אויף אַ בוים — האָט צו איר דאָס מויערער־פֿייגעלע אויסגערופֿן פֿון זײַן נעסט — וועסטו זיך ראַטעווען. דער אָדלער פּיקט ניט קיין טויטע באַשעפֿענישן, נאָר לעבעדיקע, און אַז דו וועסט הענגען מיטן קאָפּ אַראָפּ, וועט ער מיינען אַז דו ביסט טויט.

און אַזוי האָט די פֿלעדערמויז געטאָן: זי איז געבליבן הענגען אויף אַ צווײַג מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פֿיסלעך אַרויף, כּדי דער אָדלער זאָל זי ניט טשעפּען. און אַזוי הענגט זי אַ גאַנצן טאָג, ביז די זון פֿאַרגייט. ווען עס ווערט טונקל און זי איז זיכער אַז דער אָד־לער וועט זי ניט זען, לאָזט זי זיך אין דער פֿינצטערניש פֿליִען...

דערפֿאַר פֿליִען פֿלעדערמײַז אַרום נאָר בײַנאַכט, און זיי אַנט־לויפֿן פֿון זונשײַן.

דער אָדלער אָבער ווייס אַז די פֿלעדערמויז לעבט, נאָר וואָס אַרט עס אַן אָדלער, אַז אַ פֿלעדערמויז לעבט? ער פּיקט ניט קיין לעבעדיקע פּגירה, אַזוי גוט ווי ער רירט זיך ניט צו צו קיין טויטער פּגירה... דער אָדלער קוקט זיך נישט אום אויף קיין פֿלעדערמײַז. ער פֿליט צו דער זון, ער רײַסט זיך צו איר הייך. ער וויל זיך טובֿל זײַן אין איר אייביקן פֿלאַם, ווען ער זאָל אַפֿילו וויסן אַז ער וועט אין אים פֿאַרברענט ווערן.

און — אויפֿן וועג צו דער זון קוקט מען זיך אויף קיין פֿלע־דערמײַז ניט אום.

## פאַר וואָס בלומען זיינען ניט נאָר ווייסע

אין דער ווײַט־ווײַטער און ברייט־ברייטער פּאַמפּאַ, וואָס שפּרייט זיך אומענדלעך ווי די געגנאָד פֿון דעם אַלמאַכטיקן גײַסט הועקואַווו, פֿון די אַנדן־בערג וואָס רײַסן אויפֿן רוקן פֿון דער וועלט ביז דעם בלויען און קאַלטן ים, צו פֿוסנס די אַנדן־בערג, כּמעט אין זייער ריזיקן שאָטן, האָט געלעבט אַ שטאַרקער, מאַכטיקער שבֿט פֿון אַראַוקאַנער.

הויכע, שטאַרקע, שלאַנקע, איינס בײַ איינס געקליבענע און בראַווע מלחמה־לײַט זײַנען זיי געווען. און אַ קאַציק האָבן זיי געהאַט — אַן אַלטן מאַן, אָבער טאַקע אַן אַלטן: אפֿשר הונדערט יאָר, אויב נישט מער.

כּמעט בלינד פֿון אַלטקייט, זאַט מיט יאָרן, האָט זיך אָבער זײַן שטאַרקער אָרעם נאָך ניט געבויגן. זײַנע פֿיס, פֿלינקע ווי דער ווינט, האָבן נאָך גרינג געטראָגן דעם לאַנגן דאַרן קערפּער, און ער האָט נאָך אַלץ געפֿירט די בראַווע יוגנט פֿונעם שבֿט צום זיג איבער די שונאים.

לבֿנות זײַנען אַריבער איינע נאָך דער צווייטער; אַזוי פֿיל, אַז זיי אָנצוציילן וואָלט מען געדאַרפֿט איין מאָל און נאָך אַ מאָל און נאָך פֿיל מאָל איבערציילן די פֿינגער פֿון די הענט און פֿון די פֿיס פֿון אַ גאַנצער מחנה מלחמה־לײַט. און דער אַלטער, טיפֿער זקן, דער קאַציק, האָט אַלץ ניט געוואָלט איבערגעבן די מאַכט קיין ייִנ־גערן פֿאַר אים, כאָטש אין שבֿט האָבן די זקנים ניט נאָר געמורמלט אין דער שטיל, נאָר מער ווי איין מאָל צו אים געזאָגט:

— האַר און הערשער! הועקואַווו פֿאַרשפּרייט זײַן גנאָד אויף

דיר און היט דיך אין זײַן שויס. דער ווינט פֿון דער נאַכט ווייעט איבער דײַן צעאַקערט געזיכט. נאָך אַזוי פֿיל זונען און לבֿנות, קומט דיר דײַן פֿאַרדינטע רו. גיב איבער די מאַכט דעם, וועמען דו אַליין וועסט אויסקלײַבן ווי דײַן נאָכפֿאָלגער, וועסטו ברענגען רויִקייט און זיכערקייט אין שבֿט און שלום פֿאַר דײַן געמיט און פֿאַר דײַן גוף.

דעם אַלטן קאַציק האָט אָבער ניט געגלוסט זיך אָפּצוזאָגן פֿון דער מאַכט און בלײַבן זיצן ווי אַ פֿרוי אין געצעלט אונטער דער וואַרעמקייט פֿון די פֿייגל־פֿעדערן. האָט ער אַזוי געענטפֿערט זײַנע זקנים און יועצים:

— שלום צו אײַך, מײַנע העלפֿערס און בעלי־יועצים. הועקוואַוו האָט מיך ניט געבענטשט מיט קיין יורש אַ בן־זכר, וועמען איך זאָל רויִק קאָנען אָנטרויען אײַער עתיד. ער האָט מיך אָבער באַשאָנקען מיט אַ טאָכטער ווי דער ווײַסער שניי אויף די שפּיצן פֿון אונדזערע בערג, אַ טאָכטער וואָס איז ווערט ווי טויזנט פֿון די שענסטע פֿרויען פֿון אונדזער שבֿט, און דערפֿאַר האָב איך זי אָנגערופֿן הואַראַנקאַ. איך וועל מײַן טאָכטער אויסגעבן פֿאַרן מאַן וואָס איר האַרץ וועט אויסקלײַבן, און ער וועט פֿאַרנעמען מײַן פּלאַץ און דעם אויבנאָן פֿונעם זקנים־ראָט פֿון אונדזער שבֿט.

— קלוג זײַנען דײַנע ווערטער, אַזוי קלוג ווי שטאַרק עס איז געווען דײַן אָרעם. געמאָסטן זײַנען דײַנע רייד, ווי ס'פֿלעגן זײַן דײַנע באַוועגונגען אין מלחמה־צײַט — האָבן די אַלטע געענטפֿערט, — דער גײַסט פֿונעם אַלמאַכטיקן הועקוואַוו רעדט פֿון דײַן מויל. זאָל זײַן ווילן און דײַנער דערפֿילט ווערן.

*

אין די גאָר אַלטע צײַטן, זײַנען די בלומען אין אַלע לאַנדווײַטן געווען דורכויס ווײַסע, ווײַסע ווי דער שניי אויף די שפּיצן פֿון די בערג וואָס באַראַנדן דאָס נידערלאַנד.

פֿון קיין אַנדער קאָליר האָט מען קיין בלומען ניט געזען, נאָר ווײַסע און ווײַסערע ווי ווײַס. פֿאַר וואָס?

אַזוי האָט געוואָלט און באַפוילן דער אַלמאַכטיקער גײַסט פֿון הועקואַווו. און ווען די שײַנע יונגפֿרויען פֿלעגן בויגיק און פֿלינק קלעטערן אויף די בערשפּיצן אָנצורײַסן אָט די בלימלעך, פֿון וועלכע זיי פֿלעגן פֿלעכטן לאַנגע ווײַסע קראַנצן אַרומצונעמען זייער האַלדז ביז צום שפּיץ ברוסט, פֿלעגן זיי זיך טרויעריק באַקלאָגן, הלמאי עס איז צווישן די בלומען נישט פֿאַראַן קיין איינע קיין שוואַרצע, קיין רויטע, וואָס וואָלט זיך אַזוי שיין אַרויסגעזען צווישן דער ווײַסקייט פֿון די אַנדערע. דערויף פֿלעגן די אַלטע וואָרזאָגערינס פֿונעם שבֿט האָבן אַ גרייטן באַשייד פֿאַר הועקואַווס ווילן:

— די בלומען זײַנען ווײַס ווײַל זיי שפּײַזן זיך מיטן זאַפֿט פֿון שניי, מיט וועלכן דער אַלמאַכטיקער גײַסט האָט געטאָן אויסבעטן דעם האַרטן פֿעלדז און די באַרג־הויכקייטן. פֿון שניי זײַנען זייערע צאַרטע וואָרצעלעך און מיט שניי שטילן זיי דעם דאָרשט אויפֿן האַרטן פֿעלדז — זײַנען זיי אַלע ווײַס צוליב דעם. אַנדערש קאָן זייער קאָליר נישט זײַן: באַרגבלומען מוזן זײַן ווײַס, אומבאַפֿלעקט ווי אַ יונגפֿרוי וואָס האָט פֿון קיין מענערישן באַריר נִיט געוווּסט.

— זײַנען טאַקע קיין אַנדערע בלימלעך ווי די ווײַסע אין ער־געץ נישטאָ? — האָט פֿאַרבענקט געפֿרעגט די שיינע יונגפֿרוי הואַ־ראַנקאַ, דעם קאַציקס איינציקע טאָכטער — ווי שיין דאָס וואָלט גע־ווען, ווען ס׳זאָלן ערגעץ ווו זײַן בלומען מיט קאָלירן, ניט ווי דער קאַלטער שניי, נאָר שוואַרצע ווי די אויגן פֿון אונדזערע מלחמה־לײַט ווען זיי ברענען מיטן שוואַרצן פֿלאַם פֿון שׂנאה צום פֿײַנד. און ווי שיין עס דאַרף אויסזען אַ בלום, אַ רויטע ווי דאָס בלוט וואָס שלאָגט פֿון אַ באַרגלייב ווען מען שנײַדט־אויף זײַן פֿעל, נאָך דעם ווי אַ שאַרפֿע פֿײַל האָט אים אין האַרצן געטראָפֿן. ווי שיין דאָס וואָלט געווען, ווען די ווײַסע קאַלטקייט וואָלט מיט שוואַרץ און רויט באַפֿאַרבט געוואָרן אין אונדזער מיידלשן בלומען־האַלדזבאַנד.

— אפֿשר זײַנען ערגעץ יאָ פֿאַראַן אַנדערע בלומען ווי די ווײַסע — האָט די מאַטשי, די אַלטע וואָרזאָגערין, געענטפֿערט דער טאָכ־טער פֿונעם קאַציק — ווער ווייס וואָס עס טוט זיך פֿון יענער זײַט,

הינטער דעם לאַנד פֿון אונדזערע שׂונאים די פּאַמפּאַס. אפֿשר זײַנען דאָרטן דאָ בלומען מיט דער פֿאַרב פֿון דער נאַכט אָדער פֿונעם וואַסער וואָס פֿליסט אונטער אונדזער הויט; אָדער גאָר קאָלירטע ווי די זון, ווען זי באַהאַלט זיך הינטער דער ווײַסשנייִקער הויכקייט. בײַ אונדז, אַראַוקאַנער, איז אַזעלכעס נישטאָ, און אַ יונגפֿרוי וואָס דאַרף צו אַ מאַן געהערן טאָר ניט וועלן דאָס וואָס מען קאָן ניט דערגרייכן, דאָס וואָס הועקואַוווּ דערלויבט ניט...

און פֿאַרבענקט האָט געקלונגען דאָס קול פֿון דער אַלטער וואָרזאָגערין, וואָס האָט אין דער יוגנט געהייליקט איר מיידלשאַפֿט דעם גײַסט פֿון הועקואַוווּ און קיין קוש פֿון אַ מאַנסביל האָט ניט באַהויכט איר מויל.

— איך וויל אָבער פֿאָרט אויך שוואַרצע בלומען, רויטע בלומען אויסגעמישט מיט די ווײַסע אין מײַן מיידלשן האַלדזבאַנד — האָט עקשנותדיק געטענהט הואַראַנקאַ — ווײַס איז שיין, ווײַס איז ריין, אָבער שענער איז עס מיט רויטן און שוואַרצן געמישט. און נאָר דער וועט מיך נעמען, ווער ס׳וועט מיר ברענגען פֿאַר מײַן האַלדזבאַנד אַ שוואַרצע בלום.. .

— דו ווידערשפּעניקסט הועקואַוווס וואָרט — האָט די מאַטשי זיך פֿאַרשטעלט די אויערן. — דו ווילסט דאָס וואָס איז נישטאָ, וואָרעם ס׳זײַנען ניט פֿאַראַן קיין אַנדערע בלומען אויף דער וועלט, ווי די וואָס שפּײַזן זיך מיטן זאַפֿט פֿון שניי.

אָבער די טאָכטער פֿונעם אַלטן קאַציק האָט זיך פֿאַרביסן געהאַלטן בײַ איר נדר.

— וועסט ברענגען אַן אומגליק אויף זיך און אויפֿן שבֿט — האָט די מאַטשי געוואָרנט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ — אַ יונגפֿרוי ווי דו, באַנוגן זיך מיט די ווײַסע בלומען, ווי אַלע טעכטער פֿונעם שבֿט.

— איך בין נישט ווי אַלע! אַ שוואַרצע בלום וועט צווישן מײַנע בריסט רוען: אַנדערש וועט קיין מאַנסביל מײַן ווײַסקייט ניט באַרירן. ערגעץ ווו מוזן דאָך וואַקסן שוואַרצע בלומען, און אויך רויטע,

וואָס שפּײַזן זיך ניט פֿון דעם קאַלטן זאַפּט פֿון שניי, נײַערט פֿון דער הייסער גלוסטיקייט פֿון בלוט, פֿון הייסע שוואַרץ־אויגיקע בליקן און פֿון דער טונקלקייט פֿון אַ נאַכט אָן לבֿנה — וויל איך אַזאַ שוואַרצע בלום האָבן אין מײַן ווײַסבלומיקן מיידל־האַלדזבאַנד. דער מאַן וואָס וועט מיר וועלן נעמען אין זײַן קאַציק־געצעלט, זאָל פֿריִער מיר ברענגען אָט די מתּנה פֿאַר מײַן מיידלשאַפֿט.

*

אומזיסט זײַנען געוועזן די וואָרענונגען פֿון די מיושבֿדיקע זקנות. הואַראַנקאַ האָט פֿון זיך געטריבן אַלע יונגע לײַט פֿונעם שבֿט וואָס זײַנען איר נאָכגעגאַנגען פֿוסטריט, ווי דאָרשטיקע הירשן איבערן שטעג וואָס פֿירט צום טײַך.

— קיינער פֿון אײַך וועט מיך ניט האָבן ביז ער וועט מיר ניט ברענגען קיין שוואַרצע בלום ווי אַ געשאַנק פֿאַר מײַן מיידלשאַפֿט.

— טאָכטער! — האָט דער אַלטער קאַציק מיט איר געטענהט

— ביסט ווערט מער ווי טויזנט פֿרויען צוליב דײַן שיינקייט און חן. דו פֿאָדערסט אָבער אַ זאַך וואָס קאָן ניט זײַן. ניט פֿאַראַן קיין אַנ־דערע בלומען ווי ווײַסע. די וואָרזאָגערס און מאַטשיס וואָס זײַנען באַשאָנקען מיט גאָטס גײַסט ווייסן דאָס און זיי האָבן עס געזאָגט.

— זיי ווייסן גאָר ניט און ריידן פֿאַלש, פֿאָטער. ערגעץ ווו מוזן זײַן שוואַרצע בלומען, און איך האָב שוין מײַן שבֿועה פֿאַר הועקואַוווּ געגעבן, אַז פֿאַר אַ ווײַב וועט מיך נעמען נאָר דער, וואָס וועט מיר ברענגען אַ שוואַרצע בלום.

— טאָכטער! — איך ווער אַלט און מיד. די זקנים ווילן איך זאָל באַשטימען אַ יורש; דער שבֿט קאָן אָן אַ קאַציק ניט זײַן. קלײַב־אויס דעם שענסטן און אויסגעצייכנטסטן בחור פֿון שבֿט פֿאַר אַ מאַן. ער וועט ווערן קאַציק און הועקואַוווּס גענאָד וועט באַהויכן מײַן עלטער. אָט שטייען אין דרויסן פֿאַר דײַן געצעלט די צוויי שטאַרק־סטע און שענסטע: נאַיטו און קעטשעיע. זיי ברענגען צו טראָגן אַ סך פֿעלן פֿון באַרגלייבן — דאָס רויב פֿון יאָגד — פֿאַר דיר, טאָכטער

מײַנע, וואָס דו ביסט מער ווי טויזנט פּרויען ווערט. קלײַב־אויס איינעם פֿון זיי און ווער זײַן ווײַב.

— פֿאָטער! — ניט קיין פֿעלן פֿון באַרגלייבן אָדער פליינהירשן גייען מיר איצט אָן; איך האָב זיי גענוג בײַ דיר. אַ שוואַרצע בלום וויל איך פֿאַר די ווײַסע פֿון מײַן האַלדזבאַנד. ווער פֿון זיי עס וועט זי מיר פֿריִער ברענגען, דער זאָל מײַן מיידלשאָפֿט אין זײַן געצעלט געניסן!

אָנגעלענט אויף איר טאַטנס אָרעם, איז די שיינע הואַראַנקאַ אַרויס צו די צוויי יונגען און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— וואַרפֿט די לייבן־פֿעלן און די הירשן־הערנער פֿאַר אײַערע פֿיס. ניט דאָס איז הואַראַנקאַס באַגער! וואַרפֿט אויף דער ערד אַוועק די שטרויס־פֿעדערן, נאַיטו דער שיינער און קעטשעיע דער מילדער. איך האָב פֿון דעם אַלעמען אַ שלל. איין קליינע שוואַרצע בלום פֿאַר הואַראַנקאַס האַלדזבאַנד, ווו נאָר ווײַסע בלומען זײַנען פֿאַראַן; אָט דאָס איז מײַן באַגער!

— ווער פֿון אײַך עס איז גענוג שטאַרק און מוטיק מיר אויס־צוזוכן אַזאַ בלום אין די פֿעלדער און צווישן די בערג, פֿון דער זײַט און פֿון יענער זײַט פֿון די מחנות פּאַמפּאַס, און זי מיר צו ברענגען, דער וועט האָבן מײַן לײַב און ליבע אין זײַן געצעלט און די הער־שאַפֿט איבער דער וועלט. הואַראַנקאַס ליבע, וואָס איז ווערט מער ווי די ליבע פֿון טויזנט פֿרויען, פֿאַר איין שוואַרצער בלום אַ גע־שאַנק!

די צוויי דרייסטע יונגען: נאַיטו דער שלאַנקער און גוטער, קע־טשעיע דער מילדער און כיטרער, האָבן די פֿעלן און די פֿעדערן צו די פֿיס פֿון זייער געליבטער אַ וואָרף געטאָן.

— דײַן ווונטש וועט מקוים ווערן, שיינע הואַראַנקאַ; ווען ניט, וועל איך ניט צוריקקומען קיין לעבעדיקער — האָט נאַיטו געזאָגט — אַ שוואַרצע בלום וועט באַצירן דײַן האַלדזבאַנד דעם טאָג, ווען דו וועסט מײַנע ווערן.

— ווער עס וועט פֿריִער דיר ברענגען די שוואַרצע בלום,

דעם ווערסטו געהערן — האָט שטיל און ווי פֿאַר זיך צוגעגעבן קע־טשעיע.

און זיי זײַנען אַוועק אין דעם ברייטן פֿליק, אין דער ווײַטקייט וווּ עס האָבן געלאַגערט די פּאַמפּאַס־שבֿטים, זוכן אַ שוואַרצע בלום פֿאַר דעם שיינעם האַלדז פֿון אַ יונגפֿרוי.

*

דער מוטיקער נאַיטו האָט געוווּסט אַז ער וועט דאַרפֿן ברענ־גען אַן אַ שיִעור קרבנות, שטעלן מער ווי איין מאָל זײַן לעבן אין סכּנה, איידער עס וועט זיך אים אײַנגעבן צו קומען צו דער געגנט פֿון די ברייטע טײַכן און אומענדלעכע פֿליינען, וווּ ער וועט אפֿשר געפֿינען אַ שוואַרץ בלימל, אַ מתּנה פֿאַר זײַן געליבטער יונגפֿרוי. פֿון אַן אַלטן מאַן פֿון די פּאַמפּאַס־שבֿטים וואָס האָט זיך געהאַט אײַנגעלעבט מיט די אַראַוקאַנער האָט ער געהערט אַז דאָרטן וואַקסט צו מאָל, כאָטש אויך זייער זעלטן, אַ שוואַרץ בלימל.

ער האָט געוווּסט, אַז ער וועט דאַרפֿן דורך נעכט זיך שלײַכן לײַכט און פֿאַרזיכטיק צווישן דעם געצעלטן־געזעמל פֿון פֿײַנדלעכע שבֿטים, וואָס וואָלטן פֿון אים אַ לעבעדיקן די הויט אָפּגעשונדן, ווען זיי באַמערקן אים נאָר. און בײַ טאָג וועט אים אויסקומען זיך צו באַהאַלטן צווישן די הויכע גראָזן, שיטערע וועלדלעך און בײַ די ברעגן פֿון די טײַכלעך, ווי אַ קליין פֿליינפֿיקסל, וואָס דאָס איז אים געווען דערווידער. ער האָט אָבער בײַ זיך געפּועלט אַלץ צו טאָן, אַלץ איבערצוקומען, אַלע שטערונגען מנצח צו זײַן, פֿאַר הואַראַנקאַן, די פֿרוי וואָס איז מער ווי טויזנט ווערט. און ער האָט גיך און אָן מורא זיך געלאָזט אין וועג.

דער צווייטער, קעטשעיע, האָט פֿון קיין דרייסטקייט ניט געוווּסט. ער האָט אַפֿילו ניט געטראַכט זײַן לעבן אײַנצושטעלן צוליב דער ליבע פֿון דער שוואַרץ־אויגיקער יונגפֿרוי: זײַן האַרץ האָט מער געלעכצט נאָך דער מאַכט פֿונעם קאַציק, ווי נאָך איר. זײַן קאָפּ, וואָס איז געווען פֿול מיט כיטרע המצאות, האָט שוין געהאַט גע־

פֿאַסט אַ פּלאַן ווי אַרום צו באַקומען די בלום אָן געפֿאַר און אָן איינשטעלעניש.

— ווי אַזוי?

— איר אומגעדולדיקע יונגע לײַט, וואַרט אַ ווײַלע: לאָזט דעם אַלטן וואָס דערציילט פֿאַר אײַך מעשׂיות פֿון אַמאָל אַ ביסל אָפּרוען אינעם שאָטן פֿון געצעלט.

באַלד וועט איר הערן ווי בייזקייט און ערמה
ווילן באַזיגן דעם דרייסטן און וואָרן,
און כאָטש זיי זיגן אין אָנהייב
דערגרייכט זיי לסוף הועקוואַווס צאָרן.



די צוויי יונגע קריגערס זײַנען אַוועק, אין דער ברייטער פּאַמפּאַ אַוועק. פֿריִער נאַיטו דער שיינער, דער מוטיקער, דער וואָס האָט באמת געזוכט אַ שוואַרץ בלימל פֿאַר זײַן געליבטער יונגפֿרוי. נאָך אים, דער צערייצטער און פֿאַלשער קעטשעיע.

קעטשעיע איז געגאַנגען אַ ווײַטע שטרעקע הינטער דעם בראַוון נאַיטון, האָט זײַנע טריט נאָכגעשפּירט פֿון ווײַטן, כדי יענער זאָל אים ניט זען און זאָל מיינען אַז ער איז אַוועק אין אַ צווייטער געגנט.

ווען נאַיטו איז פֿאַרשוווּנדן אין די ברייטע פּליינען, צווישן די געגנטן וווּ די פֿײַנדלעכע פּאַמפּאַס לאַגערן און גרייטן זיך צו מלחמה, איז קעטשעיע ניט געגאַנגען ווײַטער: ער האָט זיך פֿאַרבאַהאַלטן צו וואַרטן ביז וואַנען נאַיטו וועט צוריקגיין, מסתמא שוין מיט דער שוואַרצער בלום אין האַנט, צוגעדריקט צום האַרצן. דאַן וועט קעטשעיע שוין וויסן וואָס ער האָט צו טאָן כדי צו געווינען דעם פֿאַרמעסט, מעג זײַן ניט אויף קיין ערלעכן און מוטיקן וועג.

האָט ער אַזוי געוואַרט אין זײַן באַהעלטעניש. ניט איין טאָג, ניט צוויי, ניט דרײַ נאָר אַ סך און אַ סך מאָל צו דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט ער געוואַרט אַז נאַיטו זאָל זיך צוריקקערן פֿון יענער

זײַט פֿונעם לאַנד פֿון די פּאַמפּאַס, ווו מען זאָגט אַז עס בליִען בלו־מען מיט אַלע קאָלירן.

לבֿנות אַ סך זײַנען אַוועק, און נײַע זײַנען געקומען און ווידער פֿאַרשוווּנדן. די טײַכלעך אין די פֿליינען האָבן שוין געגומען טרי־קענען און נאַיטו איז נאָך אַלץ ניט צוריקגעקומען. קעטשעיע וואַרט און וואַרט אין זײַן באַהעלטעניש, און עס ווערט אים ניט נמאס צו וואַרטן.

וואָס איז געוואָרן דאָרטן אין דער פֿרעמדער ווײַטקייט מיט דעם בראַוון נאַיטו? צי האָבן אים די פֿײַנדלעכע שבֿטים געפֿאַנגען ווען ער האָט זיך צווישן זיי אין דער נאַכט־פֿינצטערניש דורכגעגנבֿעט? און אפֿשר האָט אים אַ באַרגלייב פֿאַרצוקט ווען ער האָט אויסגעקוקט אַ שוואַרץ בלימל צווישן די אָפּגרונטן?

— ניין! נאַיטו האָט טאַקע געמוזט מנצח זײַן אַ סך סכּנות, אײ־בער אַ סך שווערקייטן זיך קליגן, מיט דער קאַלטער נאַכט־פֿינצ־טערניש זיך באַשיצן און דערבײַ אַרומנעמען בערג, פֿליינען און טײַכן מיט זײַן אָדלערבליק, זוכנדיק דאָס שוואַרצע בלימל פֿאַרן ווײַסן האַלדזבאַנד פֿון הואַראַנקאַ דער שיינער.

לבֿנות און נאָך לבֿנות זײַנען אַוועק און צו נאַיטוס וואַנדערונגען נעמט ניט קיין עק. בלומען זײַנען פֿאַראַן אומעטום אַ שלל, אָבער קיין איינע קיין שוואַרצע. פֿול מיט יאוש, האָט נאַיטו געפֿילט אַז ער פֿאַרלירט די ליבע פֿון דעם קאַציקס טאָכטער — אָבער אָן אַ שוואַר־צער בלום האָט ער ניט געוואָלט זיך צוריקקערן צום שבֿט.

האָט ער תּפֿילה געטאָן צום גײַסט פֿון הועקואַווו אַזוי צו זאָגן:

— דו, וואָס דו ביסט אויבן און אומעטום, און אַלע מאָל דאָ און דאָרט פֿאַראַן! באַגליק מײַנע טריט, פֿיר מײַנע שריט צום ריכטיקן אָרט, איך זאָל דאָרטן כאָטש איין שוואַרץ בלימל באַקומען.

און הועקואַווו האָט דאָס געבעט פֿאַרנומען, און האָט געפֿירט נאַיטוס טריט אין אַ בערגיקער געגנט. דאָרט, צווישן אָפּגרונטן און בערגשטראָמען, ווו נאָר בערגיקע קעץ און לייבן קאָנען אָנשפּאַרן, האָט ער געזען וואַקסן אַ שלל מיט שוואַרצע בלומען, שוואַרצערע

ווי די נאַכט אָן דער לבֿנה און ווי דאָס האַרץ בײַם פֿאַלשן קעטשעיע, וואָס לויערט דאָרט אין באַהעלטעניש אויף זײַן קומען.

*

אַ שפּרונג און אַ ריס, אַ ריס און אַ פֿליק — און נאַיטו איז שוין דאָ צוריק. אין דער האַנט, צוגעדריקט צום האַרצן, האַלט ער אַ שוואַרץ בלימל: אין גאַנצן שוואַרץ, פֿונעם וואָרצעלע ביזן קעפּל. פֿון אַ הייל איבערן אָפּגרונט בײַ וועלכן דאָס בלימל איז געוואַקסן איז אַרויס אַ באַרגלייב און האָט זיך געוואָרפֿן אויף נאַיטון: די שוואַרצע בלום איז זײַנע, ניט קיינעמס, און וויי צו דעם וואָס וועט זי אויסרײַסן. דער לייב וועט אים צעבײַסן, פֿאַרצוקן, צערײַסן אויף שטיקלעך. נאַיטו האָט אָבער איינס און צוויי מיט אַ פֿײַל פֿון זײַן בויגן לײַכט דורכגעשלאָגן דעם לייב די אויגן. מיט אַ האַרץ פֿול מיט פֿרייד ביז איבער די ברעגן, האָט נאַיטו דאַן געהויבן זײַנע שפּאַנען גיך און גיכער, און גייענדיק האָט ער געזונגען:

— הואַראַנקאַ די שיינע: מײַנע וועט זי זײַן!

נאַיטון טראָגן די טריט לײַכט ווי דער ווינט צווישן טשערעט פֿון ברעג טײַך, גלײַך איבער די שטעגן וואָס פֿירן צוריק צום אַראַו־קאַנער שבֿט, ווו די יונגפֿרוי וועט אים אויפֿנעמען מיט אָפֿענע אָרעמס.

און ער זעט ניט און הערט ניט ווי דער אָפּנאַר און די בגידה זײַנען אַרויס פֿון זייער באַהעלטעניש. זיי האָבן עס באַוואָפֿנט קע־טשעיעס האַנט מיט אַ גיפֿטיקער פֿײַל, מיט אַ מעסער אַ שאַרפֿן.

ווי אַ רויב־חיה איז ער אָנגעפֿאַלן אויף זײַן פֿרײַנד און האָט אים אַרײַנגעשטאָכן אין רוקן די פֿאַרגיפֿטיקטע פֿײַל, נאַיטוס האַרץ דורכגעשטאָכן.

אַ זיכערער מיט זײַן זיג, האָט קעטשעיע אַרויסגענומען די שוואַרצע בלום פֿון נאַיטוס טויטער האַנט און האָט זײַן חבֿרס גוף אין אַ הייל פֿאַרשלעפּט, באַהאַלטן. אַליין איז ער אָן זאָרגן אַוועק

צו זײַן שבֿט: דאָרטן וואַרט הואַראַנקאַ די שיינע נאָר אויף אים, און זי וועט נאָר זײַנע זײַן.

וואַרט נאָר וואַרט, דו בוגד איינער:
מיין ניט, ס'וועט ניט וויסן קיינער.
די שוואַרצע בלום האָסטו צוגענומען:
דורך איר וועסטו דײַן שטראָף באַקומען.

און קעטשעיע איז געלאָפן פלינק און געשווינד, טראָגנדיק אין האַנט די שוואַרצע בלום און אין געדאַנק — די הערשאַפט איבערן שבֿט. ער איז צוגעלאָפן גלײַך צום קאַציקס געצעלט און אים איבערגעגעבן די שוואַרצע בלום, די מתנה פאַר זײַן טאָכטער הואַראַנקאַ. דערבײַ האָט ער דערציילט וויפל שווערע געפעכטן אים איז אויסגעקומען אָפּצוהאַלטן מיט חיות און מיט פײַנד ביז ער האָט די דאָזיקע בלום, די טײַערע באַקומען.

*

דער אַלטער קאַציק האָט אָנערקענט קעטשעיעס זיג און זײַן רעכט איבער זײַן טאָכטער און איבער דער הערשאַפט.

— דעם וואָס האָט אַזוינס געקאָנט דערווײַזן: דורך בערג און איינער אַליין זיך דורכשלאָגן אַ וועג, באַזיגנדיק אַלע פלאָגן, און ברענגען אַ זעלטענע שוואַרצע בלום, אַ מתנה פון גאָט, פאַר הואַראַנקאַן — נאָר אַזאַ איינעם און מער קיינעם דאַרף מען איבערגעבן די מאַכט איבערן שבֿט אין דעם טאָג ווען ער וועט נעמען פאַר אַ ווײַב מײַן טאָכטער, די יונגפרוי וואָס איז מער ווי טויזנט ווערט. נאָר אַזאַ איינער פאַרדינט צו ווערן קאַציק נאָך דעם, ווי ער וועט זיך מיט הואַראַנקאַן איינִיקן, און ער וועט וויסן צו פירן דעם שבֿט ווי תּמיד, מיט אַ זינען: אַ מאָל דורך גבֿורה און קראַפט, אַ מאָל דורך אײַנפאַלן און המצאות.

אַזוי האָט געזאָגט דער אַלטער קאַציק און ער האָט פֿײַערלעך גענומען גרייטן די חתונה, בעת וועלכער קעטשעיע דער אויסדער־

ווײלטער וועט הוראַנקאַן דערלאַנגען די שוואַרצע בלום, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט האָבן און אויף איר געוואַרט אַזוי לאַנג.

*

הוראַנקאַ די שײנע איז געזעסן אין איר געצעלט, אַרומגע־רינגלט מיט די יונגפֿרויען פֿונעם שבֿט. זי איז געזעסן אַ פֿאַרפּוצטע, אַ באַחנטע, געצירט אין די שענסטע פֿעלן און פֿעדערן פֿון איר גאַב, און געוואַרט אויף קעטשעיען, וועלכער איז געקומען באַגלײט פֿון אַלע מלחמה־לײַט איר צו דערלאַנגען די שוואַרצע בלום. מלחמה־יובל, קולות פֿון נצחון און ווײ־געשרײען האָבן פֿאַרהילכט די לופֿט דרײַ מײַלן אַרום און אַרום דעם וועג וואָס האָט געפֿירט פֿון חתנס געצעלט צום געצעלט פֿון זײַן באַשערטער כּלה.

דאָס האָבן געשרײַען דעם חתנס באַגלײטערס, די בראַווע יונגען פֿונעם שבֿט וועמען קעטשעיע וועט שוין ווײַטער פֿירן אַלע מאָל אין מלחמה קעגן די פֿײַנדלעכע שבֿטים.

און פֿון דעם מײדלשן געצעלט אַרויס זײַנען זײ אַנטקעגנגעקו־מען אויפֿן וועג קולות און פֿרײלעכע געזאַנגען פֿון די יונגפֿרויען לכּבֿוד דער גליקלעכער הוראַנקאַן.

און די מלחמה־געשרײען און געזאַנגען האָבן זיך צוזאַמענגע־מישט מיט טענץ אין קאַראַהאָדן פֿון אַלט און יונג.

קעטשעיע האָט מיט די יונגען פֿון שבֿט זיך דערנענטערט צו הוראַנקאַס געצעלט. זי האָט אים אָפּגעוואַרט בײַם שוועל, אַרומ־גערינגלט מיט אירע חבֿרטעס. לעבן איר, רעכטס, איז געשטאַנען איר אַלטער טאַטע, דער קאַציק, וואָס איז פֿון חתנס צד אַריבער צו זײַן טאָכטער אײדער קעטשעיע איז צו צום געצעלט. לינקס לעבן הוראַנקאַן איז געשטאַנען די אַלטע מאַטשי, וואָס האָט פֿון קײן מאַן ניט געוווּסט און דערפֿאַר האָט אויף איר גערוט דער גײַסט פֿון הוע־קאַוווּ און פֿאַר איר אַנטפּלעקט זאַכן וואָס זײַנען פֿאַר אַנדערע פֿאַרהוילן.

מען איז געשטאַנען און מען האָט געוואַרט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן

אָטעם. אַלע האָבן געוואָלט זען דאָס קליינע בלימל וואָס איז ניט ווײַס, נאָר דווקא שוואַרץ.

קעטשעיע האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר הואַראַנקאַן; מיטן אָרעם האָט ער דעם שטערן באַרירט און האָט זיך מיט זײַן גאַנצער שלאַנקער הייך פֿאַרנייגט פֿאַר הואַראַנקאַן. ער האָט צו איר אויסגעשטרעקט די האַנט כּדי דאָס שוואַרצע בלימל איר צו דערלאַנגען און איר זאָגן אַז איר ווונטש איז דערפֿילט. אירע רויטע ליפּן האָבן זיך צעעפֿנט מיט אַ שמייכל פֿון פֿרייד; שוואַרצע אויגן האָבן אַ פֿליס געטאָן מיט גלוסטעניש און הואַראַנקאַס האַנט האָט זיך געצויגן צו נעמען בײַ קעטשעיען די שוואַרצע בלום.

אָבער פֿאַר אַלעמענס אויגן איז אַ וווּנדער געשען: בײַ קעטשע־יען אין דער האַנט איז די נאָר וואָס שוואַרצע בלום גאָר רויט גע־וואָרן, רויט ווי בלוט.

און אַ פּחדים־פֿלאַטער האָט באַהערשט דעם אָפּנאַרער. אַלע אַרום זײַנען געבליבן שטיין, מיט די הענט די אויגן געריבן: איז עס אַ חלום? איז עס וואָר? אָט ערשט שוואַרץ, און שוין רויט, און רויט ווי בלוט פֿון אַ וווּנד? עפּעס מוז עס באַטײַטן.

קעטשעיע איז שטיין געבליבן, פֿאַרגליווערט פֿון שרעק. אַרום אים האָבן די יונגען פֿון שבֿט געשטוינט און זיך ניט געקאָנט אָפּ־וווּנדערן פֿון דעם מאָדנעם בײַט.

— צו הואַראַנקאַס געלעגער וועט ער שוין ניט צוגיין! — האָט דער קאַציק אויסגערופֿן — ער האָט ניט געבראַכט די בלום וואָס זי האָט געוואָלט. שוואַרץ איז ניט רויט!

אַלע אַרום האָבן זיך אַלץ געחידושט: איז דאָס חלום אָדער וואָר?

*

אַזוי ווי קעטשעיע איז שטיין געבליבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיטן רויטן בלימל אין דער האַנט, איז די מאַטשי אַרויס־געקומען פֿון קרײַז און האָט אויף אים אַ ווײַז געטאָן מיטן פֿינגער:

— רינגלט אים אַרום אַזוי ביז מאָרגן אין דער צײַט. די מאַטשי

וועט דעם טאָג פֿאַסטן, שמעקן דעם רויך און הויך פֿון ווינע און פֿאָרשן דעם גײַסט פֿון הועקואַוו. דאַן וועט מיר אַלץ אַנטפּלעקט ווערן, וואָס קעטשעיע האָט געטאָן ווען ער האָט אין די ווײַטע ווײַטקייטן געזוכט צו באַקומען די שוואַרצע בלומען.

און אַזוי איז עס געשען: אַ נאַכט מיט אַ טאָג האָט די אַלטע וואָרזאָגערין געפֿאַסט, ניט געגעסן, ניט געטרונקען. איר פֿאַרעלטערט מיידליש לײַב האָט זי געפּײַניקט; שעהען לאַנג האָט זי אַרײַנגעאָטעמט דעם שטאַרקן דופּטיקן ווינע־רויך, עס אַרײַנגעצויגן דורך דער נאָז, מויל און אויגן.

און פּונקט צום מעת־לעת האָט הועקואַווס גײַסט אויף איר גערוט, ווען זי איז אַ פֿאַרפּײַניקטע געפֿאַלן מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן און מיט אָנזיניקע באַוועגונגען, בעת ס׳איז פֿון איר מויל גערונען אַ שוים.

זי האָט אָנגעהויבן וואָרטשען און פּלאַפּלען אָן אַ זין, און שרײַען און וואַרפֿן מיט די הענט, ביז פֿון איר פּלאַפּלערײַ האָט גענומער ריידן קלאָר און באַזאַכט הועקואַווס קלוגער גײַסט אַליין.

אויף דער ערד איז זי געלעגן, געקלאַפּט מיט די פֿיס און געשטרעקט די האַנט אין דער ריכטונג פֿון קעטשעיען, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען, ווי מיט אַ מעת־לעת צוריק, בײַם אַרײַנגאַנג צו הוראַנקאַס געצעלט. סוף־כּל־סוף האָט זי געזאָגט:

— קעטשעיע איז אַ פֿאַרברעכער און אַ ליגנער. ניט ער איז געווען אינעם געוועט דער זיגער. איך זע ווי דער אומגליקלעכער נאַיטו ליגט אַ דערשטאָכענער פֿאַרוואָרפֿן אין אַ הייל. קעטשעיע האָט אים מיט זײַן פֿײַל דעם רוקן דורכגעשטאָכן, און מיט זײַן מעסער האָט ער נאַיטוס שאַרבן צעבראָכן. יענער האָט די שוואַרצע בלום געפֿונען און ער האָט זי צוגענומען, און דעם טויטן גוף אַפֿילו ניט באַגראָבן. נאַיטוס גײַסט פֿאָדערט נקמה; זײַן גוף וויל באַערדיקט ווערן אין דער היים. דאָס האָט זײַן בלוט רויט געמאַכט די שוואַרצע בלום, כּדי דער פֿאַלשער זאָל דורך ערמה ניט נעמען די פֿרוי וואָס האָט געדאַרפֿט געהערן צו נאַיטון.

קעטשעיע איז געשטאַנען און האָט געהערט, פֿאַרגליווערט פֿאַר שרעק. לייקענען האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט: ער האָט געפֿילט, אַז נאַיטוס גײַסט באַהערשט די אַלטע מאַטשי און זי דער־ציילט דאָס וואָס איז געשען, גלײַך ווי זי וואָלט דאָס אַליין געזען. האָט ער זיך מודה געווען אין דער רציחה און ער האָט אָנגעוויזן אויפֿן אָרט ווו ער האָט פֿאַרשלעפּט און באַהאַלטן נאַיטוס טויטן קערפּער.

דער משפּט פֿון די זקנים האָט קעטשעיען באַשטראָפֿט מיט דער שרעקלעכסטער פֿון די שטראָפֿן, וואָס איז באַשטימט נאָר פֿאַר די מיאוסטע פֿאַררעטערס:

מען האָט אים אַ נאַקעטן צוגעבונדן צו אַן אַלטן בוים וואָס שטייט אין מיטן דעם „לעפּון" אָדער וואָפֿנפּלאַץ. אַ פֿאַרשאָלטענער און אַ באַשפּיגענער, האָט ער דאָרט געמוזט פּאַמעלעך אויסגיין, פֿאַרצערט פֿון הונגער, פֿאַרברענט פֿון דאָרשט, פֿון דער נאַכטקעלט געבראָכן און געשטאָכן פֿון דער זון. צוויי זקנות — אַלע מאָל אַנ־דערע — האָבן אַלע ווײַלע געדאַרפֿט צו אים צוגיין און אים אַרײַנ־שרײַען פֿון ביידע זײַטן אין די אויערן דעם פּסק פֿאַר זײַן פֿאַלשקייט און פֿאַר זײַן רוצחישער זינד.

# אַקאָן־פּיטאַ

גייט אַ וואַנדערער, אַ מידער און אַ שוואַכער, דורך געדיכטע וועלדער, און גאַרט צו אַ ישובֿ צוצוקומען. זײַנע פֿיס ברעכן זיך אים אונטער און עס ציט אים כּסדר צו דער ערד: זיך אַנידערלייגן, אָנשפּאַרן דעם מידן קאָפּ אין אַ שטאָם פֿון אַ ברייטן שאָטנדיקן בוים. האָט ער אָבער מורא: ער וועט אײַנדרעמלען, וועט פֿון וואַלד אַרויסקומען אַ זשאַגוואַרעטע און וועט אים אַ שלאָפֿנדיקן פֿאַרצוקן. מוז ער ווײַטער גיין, ביז ער וועט זיך דערשלעפּן צום שבֿט, צום אויסגעהוילטן פּלאַץ בײַם ברעג פֿון טײַך אָדער אויף אַ בערגל, ווו די בײַדלעך, באַדעקטע מיט גרינע צווײַגן, ווײַזן אַז דאָ האָט אַ פֿרידלעכער שבֿט זײַן וווינאָרט. די וועלדער זײַנען אָבער אָן אַ סוף און די מידקייט וואַקסט מיט יעדן טריט.

אין יאוש בלײַבט דער וואַנדערער שטיין: ער איז אַ פֿאַרפֿאַלענער. זאָל דער באַרעמהאַרציקער טופּאַ זיך אויף אים מרחם זײַן. און פּלוצלינג: פֿייגל־טענער; עפּעס אַ לײַכט געצווישטשער וואָס גיסט זיך אויס איבערן וואַלד, פֿון דער געדיכטקייט פֿון צונויפֿגעפּלאָנטערטע צווײַגן און בלעטער אַראָפּ, און פֿאַרגייט זיך באַלד אין מעלאַנכאָלישע שטילע טרעלן. דאָס לײַכטע זיסע געזאַנג דרינגט אַרײַן אינעם האַרץ פֿונעם מידן וואַלד־וואַנדערער. די מידקייט פֿאַרשווינדט, אַ נײַער שטראָם כּוח פֿליסט אַרײַן אין זײַנע אויסגעמאַטערטע גלידער און — ער איז שוין ניט פֿאַרלוירן. ער וועט שוין צו אַ ישובֿ תּיכף קומען. אָן אָפּגעפּרישטער איז ער ממשיך דעם וועג זײַנעם.

דאָס האָט טופּאַ אים געוויזן זײַן גענאָד: ער האָט צו אים צוגעשיקט די אַקאָן־פּיטאַ, די חנעוודיקע לײַכטינקע שוואַרץ באַפֿעדערטע

פֿייגעלעך מיט די שיינע רויטע קעפּלעך, וואָס פֿליִען־אָן ווי אַ ווינ־טעלע אין אַ זומער־פֿאַרטאָג בײַם ברעג פֿון פֿאַראָגוויַ־טײַך און באַ־זינגען דעם וואַנדערערס וועג, פֿאַרצוויטשערן זײַן מידקייט.

אַקאָן פּיטאַ איז זייער נאָמען. אַקאָן־פּיטאַ: שוואַרץ און רויט.

אַ שיינער גוואַראַניִער נאָמען וואָס אויך די קריאָזשער אײַנ־ווינערס האָבן איבערגענומען; אָבער שענער נאָך ווי דער נאָמען איז די וווּנדער־מעשׂה וואָס די גוואַראַניִער שבֿטים דערציילן, ווי אַזוי טופּאַ דער אייבער האָט די שוואַרץ־רויטע פֿייגעלעך באַשאַפֿן צו טרייסטן מידע וואַנדערער.

*

אַ שרעקלעכע מגפֿה האָט געבושעוועט אין שבֿט. דער גײַסט פֿון אַל דאָס בייזע, אַניאַ דער שלעכטער, האָט זײַן צאָרן אויסגעגאָסן אויפֿן שבֿט און אָנגעשיקט די שרעקלעכסטע פֿון זײַנע פּעסטן, דעם שבֿט צו פֿאַרוויסטן.

אומזיסט איז געווען די חכמה פֿון די רופֿאים פֿון שבֿט, און די געלערנטקייט און געניטקייט פֿון די זקנים, די גרוי און דאַר געוואָ־רענע אין שלאַכטן און אײַנגעשרומפּענע פֿון די יאָרן. אומזיסט זײַ־נען געווען די שפּרוכן פֿון די קוניאַטאַיס, און זייער הייליק באַשווערן האָט ניט געווירקט. ניט אַנדערש, נאָר דער בייזער אַניאַ וויל חוזק מאַכן פֿון זײַנע רופֿאים און האָט צוגענומען דעם כּוח פֿון די רפֿו־אות. ער וויל אָפּשפּעטן פֿון זײַנע מכשפֿים און באַדינערס און האָט אָפּגעטעמפּט זייער ווירקונג אויף אים און אויף די מלאכי־חבלה וואָס העלפֿן אים מיט.

דער שבֿט גייט־אונטער.

און דער אַלטער קאַציק אַליין, דער האַר און הערשער איבערן שבֿט, דער בראַווער קאַראַיִ, וואָס פֿלעגט דעם טויט אויסלאַכן ווײַל צענדליקער מאָל האָט ער אים אין די אויגן געקוקט בעת די שלאַכטן און דאָך איז ער תּמיד לעבן געבליבן — אויך ער האָט דערשפּירט ווי אַניאַס אומזעעוודיקע האַנט דערשלאָגט אים און ער פֿאַלט אַ קרבן פֿון דער שרעקלעכער מגפֿה.

זײַן שטאָלצער קאָפּ, וואָס פֿלעגט פֿאַר קיין פֿאַרגיפֿטיקטער פֿײַנדלעכער פֿײַל זיך ניט בייגן, איז אָוועקגעפֿאַלן אויף דער דאַרער, האַרטער ברוסט; דער אַלע מאָל געזונטער גוף איז איצט געבליבן ליגן אין בעדל און האָט זיך נישט געקאָנט רירן מחמת דער הוי־כער היץ.

מען האָט אים געגעבן צו טרינקען די אויסגעפּרוּוטע רפֿואה: די משקה פֿון קאַא־גראָז. אומזיסט. מען האָט אים אײַנגעגעבן די היילנדיקע קערנער פֿון ניאַנגאַפּירי, וואָס פֿאַרטרײַבן דעם פֿיבער — אומזיסט. מיט אַלערליי גראָזן אים געהיילט — אומזיסט. און אויך אומזיסט האָבן זיך אַלע קוניאַטאַיס און אַלע וואָרזאָגערס און רופֿאים פֿונעם שבֿט צונויפֿגענומען און אַ טאָג מיט אַ נאַכט געמאַכט שפּרוכן און השבעות, די בייזע גײַסטער פֿונעם קאַציק אַרויסצוטרײַבן.

דער בראַווער קאַציק קאַראַי גייט ביסלעכווײַז אויס.

האָט דער רופֿא זיך גענומען פֿאַרן לעצטן מיטל: מיט היץ פֿאַר־טרײַבן די היץ. ראַטעווען דעם פֿאָטער פֿון שבֿט דורך דער שרעק־לעכסטער, אָבער ווירקעוודיקסטער פֿון די רפֿואות.

*

די שווערסטע און שטאַרקסטע רפֿואה איז עס, און נאָר אין זעלטענע פֿאַלן ווענדט מען זי אָן, ווײַל ניט אַלע קראַנקע זײַנען בכּוח עס אַריבערצוטראָגן.

מען האָט אויסגעגראָבן אַ גראָבן אין דער מאָס און פֿאָרעם פֿון אַ מענטשלעכן קערפּער. דעם דעק פֿונעם גראָבן האָט מען אויסגע־בעט מיט שמעקנדיקע קרײַטעכצער און פֿלאַנצן, עס זאָל דעם קראַנקן זײַן אי ווייך, אי דופֿטיק בײַם ליגן. איבערן גראָבן האָט מען אויפֿ־געבויט אַ בײַדל אַן איינפֿאַכס, פֿון גרינע צווײַגן, און עס אויך באַ־דעקט מיט סכך און מיט גרינע שמעקנדיקע צווײַגן און קרײַטעכ־צער עס אַרומגעלייגט. דאָרטן האָט מען אַרײַנגעפֿירט דעם קראַנקן קאַציק, מען האָט אים אַוועקגעלייגט אויפֿן געלעגער פֿון בלעטער און צווײַגן, פֿון קרײַטעכצער און שמעקנדיקע בלומען, און אַרום

אים האָט מען פֿײַערן אָנגעצונדן. דאָס פֿײַער האָט מער געראָכערט ווי געברענט און דער רויך איז געווען אַ שמעקנדיקער, אָבער געדיכט און שטיקנדיק. אַזוי האָט מען דעם קראַנקן קאַראַי געלאָזט ליגן אין דעם גראָבן אַ געוויסע צײַט. ער האָט געדאַרפֿט שטאַרק שוויצן. טײַכן שווייס האָבן געדאַרפֿט אַרויסרינען פֿון זײַן גוף, ווײַל שווייס — אַזוי זאָגן די מכשפֿים און רופֿאים פֿון די עלטסטע שבֿטים — איז אַ געזונט פֿאַר דעם קראַנקן גוף. דער שווייס פֿאַרטרײַבט אַל דאָס בייז, אַלץ וואָס אַניאַ, דער גײַסט פֿון צאָרן און צעשטערונג, שיקט־אָן אויף דעם קראַנקן מיט דער כּוונה איבערצורײַסן זײַן לעבנסשנור.

און קאַראַי דער קאַציק האָט טאַקע געשוויצט, אָבער דאָס מאָל איז עס צו קיין רפֿואה ניט געווען. ניט דער שווייס, ניט די היץ האָבן עפּעס געהאָלפֿן. און נאָך שטאַרקער איז געוואָרן דער צאָרן פֿון די בייזע גײַסטער וואָס דער צעשטערערישער אַניאַ האָט אָנגעשיקט אויף זײַן שבֿט. און אָט וואָס עס איז געשען:

ווען מען האָט דעם קאַציק קאַראַי אַרויסגענומען פֿונעם גראָבן אַרום וועלכן עס האָבן נאָך געברענט די צעלייגטע פֿײַערן, אַן אָפּגעשוואַכטן פֿונעם שווייס וואָס איז פֿון אים אָפּגעגאַנגען, האָט מען אים, ווי דער מנהג איז, גענומען לײַכט שמײַסן מיט אַ בעזעמל, צונויפֿגעבונדן פֿון שמעקנדיקע צווײַגלעך. נאָך דעם האָט דער קאַציק געדאַרפֿט אַ ביסל לויפֿן כּדי צו שטאַרקן די אָפּגעשוואַכטע גלידער — אַזוי איז דער מנהג בײַ דער היילונג דורך היץ — אָבער דאָס האָט ער שוין נישט געקענט באַווײַזן. זײַן שוואַכער, פֿאַרצערטער גוף האָט עס ניט געקאָנט אויסהאַלטן. בײַ די ערשטע טריט וואָס ער האָט געשטעלט, איז ער געפֿאַלן. געפֿאַלן און מער ניט אויפֿגעשטאַנען.

און די פּעסט האָט אַלץ געבושעוועט, אַזוי שטאַרק ווי פֿריִער.

דער טויט פֿונעם באַליבטן קאַציק האָט אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף דעם גאַנצן שבֿט. אַלע פּנימער זײַנען פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן. אַלעמען האָט באַהערשט דער פּחד פֿאַרן אומבאַקאַנטן גורל. הילפֿלאָז

ווי ווערעם אונטער די פּיס פון אַ ווילדן אָקס, האָבן די אײַנוווינערס פון די שטרויענע בײַדלעך ווידער זיך געוואָנדן צום הויפּט־רופא טאַגואַטי, ער זאָל מיט זײַנע השבעות נאָך אַ מאָל דעם בייזן אַניאַ באַשווערן, אַז ער אָדער זײַנע שליחים זאָלן געבן אַ צייכן און אָנזאָגן וועגן די אופנים ווי אַזוי זייער גרימצאָרן צו שטילן, זיי זאָלן פאַר־געבן די זינד פון נעם שבֿט און אָפּווענדן דעם טויט, וואָס האָט שוין אויסגעשטרעקט זײַנע הענט אַלץ צו פאַרטיליקן.

דער אַלץ־וויסנדיקער טאַגואַטי האָט צוגעזאָגט נאָך אין דער זעלביקער נאַכט צו פאָרשן אַניאַן און זײַן צאָרן מילדער צו מאַכן.

אָבער אין יענער נאַכט האָט דער כּישוף־מאַכער טאַגואַטי גאָר גערעדט צו דער יונגפרוי פּיטאַ, די טאָכטער פון עם פאַרשטאָרבענעם קאַציק, און האָט זיך פאַר איר דערקלערט אין ליבע. האָט אים אָבער דאָס מיידל אָפּגעוואָרפן, ווײַל זי האָט שוין געהאַט אַוועקגעגעבן איר האַרץ אַ צווייטן: זי האָט פלאַמיק ליב געהאַט דעם שענסטן און מו־טיקסטן פון די יונגע מלחמה־לײַט פונעם שבֿט — אַקאָן.

פּיטאַ האָט ליב געהאַט אַקאָנען און אַקאָן האָט ליב געהאַט פּי־טאַן. זיי האָבן זיך געהאַט געשווירן ליבשאַפט און טרײַשאַפט אי־בער אַ געהייליקט האַרץ פון אַ דערשלאָגענעם זשאַגואַרעטע.

דער כּישוף־מאַכער און רופא ווייס טאַקע אַלץ און זײַן וואָרט איז אין שבֿט אַ באַפעל. אָבער מיאוס איז ער, מיאוסער ווי אַ סאָווע. טאָ ווי זאָל די שיינע פּיטאַ פאַרבײַטן אויף אים איר שטאַרקן און שלאַנקן אַקאָן?

דער מיאוסער טאַגואַטי איז דער הייליקסטער מאַן אין שבֿט. דער ווילן פון די געטער קומט אים אַנטקעגן, אַ מאָל פּנים אל פּנים, אַ מאָל דורך צייכנס וואָס נאָר ער קאָן זיי באַשיידן. קיינער וואַגט נישט עובֿר צו זײַן אויפן באַפעל פון די געטער וואָס קומט דורך זײַנע ליפּן. און אַזוי מיאוס און מאַכטיק ווי ער איז, אַזוי שטאַרק גליט אין אים די אייפערזוכט און דער נקמה־ווילן; שטאַרקער נאָך ווי די היץ פון דער ווילסטער מגפה.

האָט ער געשווירן זיך נוקם צו זײַן אין פּיטאַן פאַרן אָפּוואַרפן

זײַן ליבע. און שרעקלעך איז געווען די נקמה וואָס ער האָט צוגע־טראָכט פֿאַר דער פֿאַרליבטער יונגפֿרוי.

*

אַ גאַנצן מעת־לעת נאָך דעם טויט פֿון אַלטן קאַציק האָט דער נקמה־דאָרשטיקער טאַגואַטי אָפּגעוואַרט, און דאַן האָט ער תּפֿילה געטאָן, ווי ער האָט געהאַט צוגעזאָגט, צו מאַוקאַוקאַי, דעם טרעגער פֿון די נשמות, אַניאַס שליח און דער אויספֿירער פֿון זײַן שלעכטן רצון.

פֿאַר שקיעה, אין דער שטילער פּורפּורנער שעה וואָס איז פֿאַרן שבֿט — פּונקט ווי פֿאַרן גאַנצן וואַלד — די הייליקסטע, האָט טאַ־גואַטי זיך מכין געווען צו זײַן געבעט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטן פֿון דעם געהייליקטן בוים, דעם גרויסן באַצווײַגטן בוים וואָס אַרום אים שטייען אַלע בײַדלעך, אויפֿן פּלאַץ ווו די זקנים קומען זיך צוזאַמען. דאָרט מאַכט מען די השבֿעות און מכשפֿים און וואָרזאָגערס רופֿן דאָרט אַרויס די גײַסטער און באַקומען זייער שלי־חות פֿון טופּאַן און אַניאַן.

די פֿיס אונטער זיך פֿאַרבויגן, מיטן קאָפּ ביז צו דער ערד גענידערט, איז טאַגואַטי געזעסן אינעם שלעפֿעריקן שאָטן פֿונעם הייליקן בוים און האָט מתפּלל געווען.

מיט דער הילף פֿונעם נשמות־טרעגער מאַוקאַוקאַי האָט ער אַרויסגערופֿן דעם גײַסט פֿונעם פֿאַרשטאָרבענעם קאַציק. אַרום אים איז געשטאַנען זײַן גלייביקע עדה: מיט שטאַרע בליקן אין וועלכע עס האָט נאָך ווו ניט ווו געפֿינקלט אַ שײַן פֿון האָפֿענונג, האָבן זיי געקוקט אויפֿן מכשף. טאַגואַטי האָט אַלץ געפּראַוועט זײַנע השבעות און פֿון צײַט צו צײַט האָט ער מיט אָפּגעריסענע ווערטער מרמז געווען אַז דאָס זוכט ער דעם גײַסט פֿון דעם קאַציק קאַראַי, כּדי מיט אים זיך מתדבק צו זײַן.

פּלוצלינג איז ער אויפֿגעשפּרונגען פֿון די קני, זיך אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער לענג, האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ קליין, קאָניש פּײַקל,

געמאַכט מיט דער פּעל פון אַ שלאַנג, און האָט גענומען ווילד־ווילד פּײַקלען מיט משונהדיקע העוויות און זיך דרייען גיך אין אַ קרײַז, וואָס אַ מאָל געשווינדער און האַסטיקער.

אַ צייכן איז דאָס געווען, אַז ער האָט זיך באַהאָפטן מיט דער נשמה פונעם קאַציק און אַז אָט אָט וועט ער באַקומען זײַנע באַפעלן.

און שטאַרקער האָבן זיך די אויגן געצויגן צו אים; אַ שטראַל פון האָפענונג האָט אויפגעציטערט אויף די געזיכטער וואָס האָבן געגאַרט נאָך אַ ישועה, אַ היילונג פאַר דער פעסט.

און טאַגואַטי האָט זיך געדרייט אַלץ געשווינדער און האַסטי־קער, ביז ער איז אַוועקגעפאַלן, ווי מיט אונטערגעהאַקטע פיס, לעבן דעם שטאַם פונעם הייליקן בוים.

קיינער איז ניט צוגעגאַנגען, זיך ניט צוגערירט צום פאַרחלשטן וואָרזאָגער, וואָס פון זײַן מויל האָט די נשמה פון טויטן קאַציק גע־דאַרפט אַרויסריידן און אָנווײַזן אויף דער נייטיקער רפואה.

*

און אָט איז דער באַפעל פונעם בייזן אַניאַ וואָס טאַגואַטי האָט אויסגערופן שפּעט אין דער נאַכט, ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון זײַן האַלב געחלשטן צושטאַנד:

אויף צו באַפרײַען דעם שבט פון דער מגפה וואָס פאַרצערט אים, האָט אַניאַ, דורכן קול פון דעם פאַרשטאָרבענעם קאַציק קאַראַי, אַזוי אָנגעזאָגט:

— זאָל מײַן בכור גואַראַבע, וואָס האָט מײַן קאַציק־נאָמען גע־ירשנט, מקריבֿ זײַן מײַן טאָכטער, זײַן שוועסטער, די שיינע יונגפרוי פּיטאַ. איר בלוט, וואָס ער וועט מקריבֿ זײַן, וועט ווייכער מאַכן דעם צאָרן פונעם בייזן אַניאַ; ער וועט פאַרגעבן די זינד פונעם שבט און די מגפה וועט אויפהערן. דער בייזער גײַסט וועט זיך פון שבט אָפּ־טאָן און טופּאַס גוטהאַרציקייט וועט ווידער זיך פאַרשפּרייטן איבער די ביידלעך.

דאָס איז געווען דער אָנזאָג.

*

רחמנות געמישט מיט האָפֿענונג האָט באַהערשט דעם שבֿת. אַ רחמנות אויפֿן גורל פֿון דער שיינער פּיטאַ, דעם קאַציקס טאָכ־טער, וואָס דאַרף איר לעבן יונג פֿאַרענדיקן פֿאַר אַלעמענס ווייל, און אַ האָפֿענונג אַז אַלע לעבנס וואָס שטייען אין סכּנה מחמת דער מגפֿה וועלן זיך ראַטעווען, ווײַל בײַ קיינעם איז קיין ספֿק נישט געווען אין דער ריכטיקייט פֿון טאַגואַטיס נבֿואות.

גואַראַבע אָבער, דער בכור און יורש פֿונעם אַלטן קאַציק, האָט אַ דערשלאָגענער פֿונעם באַפֿעל ניט געוואַגט אַליין מקריבֿ צו זײַן זײַן געליבטע שוועסטער. ער האָט אויך געגלייבט אינעם וואָרט פֿו־נעם רופֿא, אָבער פֿריִער האָט ער געוואָלט הערן אַן עצה פֿון די זקנים, און ער האָט זיי פֿאַרזאַמלט אין זײַן געצעלט.

אַלע זקנים פֿון שבֿט זײַנען זיך צונויפֿגעקומען אויפֿן רוף פֿון דעם נײַעם קאַציק. מען האָט זיך אויסגעזעצט אין געצעלט אין אַ קרײַז. יעדערער האָט אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד לעבן זיך זײַן קורצע הילצערנע שפּיז, אַ באַפּוצטע מיט פֿעדערן. די פּנימער פֿון אַלטן בראָנדז זײַנען געווען באַפֿאַרבט מיט רויטע און בלויע שטרײַפֿן און די גרויע פּאַטלעס באַהאָנגען מיט לעבעדיק קאָלירטע פֿעדערן.

די באַראַטונג האָט זיך אָנגעהויבן פֿײַערלעך: צו ערשט האָט מען געטרונקען אַ מין שאַרפֿע משקה וואָס מען מאַכט פֿון באָקסערן געמישט מיט קוקורוזע. אָפּגעטרונקען, האָט מען מיט די דלאָניעס פֿון די הענט אַליין זיך געקלאַפּט איבער דעם אָפֿענעם מויל און גע־שריִען מיט אַ געמיש פֿון רוגזה און געבעט:

— אַניאַ! אַניאַ! אַניאַ! דערבאַרעם זיך איבער אונדז, אַניאַ!

עס איז אַזאַ מין תּפֿילה: געבייזער און רוגז צוזאַמען מיט גע־בעט און הכנעה. מען בעט אים און דערבײַ וואַרפֿט מען אים כּלומרשט אַן אַרויסרוף; מען ווײַזט אים, אַז קיין גרויס מורא האָט מען פֿאַר אים פֿאָרט ניט, וואָרעם טופּאַ, דער ליכטיקער גאָט פֿון זון און אַל דאָס גוטס, איז אַלמאַכטיק און וועט נעמען דעם שבֿט אונטער זײַן שוץ.

האָט מען פֿריִער געטרונקען, דאַן מתפּלל געווען און נאָך דעם זיך גענומען האַלטן אַן עצה.

דער נײַער קאַציק גואַראַבע האָט ווינציק חשק געהאַט מקריבֿ צו זײַן שוועסטער; אייניקע האָבן געהאַלטן מיט אים. קיינער האָט אָבער ניט געהאַט די העזה אָפּן אָפּצולייקענען די הייליקייט פֿון דער שליחות פֿון דעם וואָרזאָגער טאַגואַטי. לסוף האָבן גובֿר געווען די מורא און די אייגנליבשאַפֿט: די זקנים האָבן געפֿאָדערט מען זאָל אויספֿירן דעם רצון פֿונעם אַלטן קאַציק וואָס דער רופֿא האָט אי־בערגעגעבן: פּיטאַ זאָל געבראַכט ווערן ווי אַ קרבן כּדי צו פֿאַרהיטן די זקנים, זייערע הויזגעזינדער און דעם גאַנצן שבֿט פֿון דער שוואַר־צער מגפֿה. איר אייגענער ברודער האָט זי געדאַרפֿט דערשטעכן פֿאַר די אויגן פֿונעם גאַנצן שבֿט.

ווען די פֿאַרזאַמלטע זקנים האָבן זיך שוין געקליבן פֿונאַנדער־צוגיין, איז אין געצעלט אַרײַנגעלאָפֿן אַ פֿאַרשוויצטער, פֿאַרסאָפּע־טער מלחמה־מאַן. אַ פֿאַרשטיקטער פֿון גיכן געלאַף און פֿון אויפֿ־רעגונג, האָט ער דערציילט די שרעקלעכע בשׂורה:

אַקאָן, דער יונגער מוטיקער קריגער וועמען פּיטאַ האָט ליב, האָט נאָר וואָס מיט זײַן שאַרפֿער שפּיז דורכגעשטאָכן דאָס האַרץ פֿונעם מכשף טאַגואַטי און איז צוזאַמען מיטן מיידל אַנטלאָפֿן אין וויַיטן וואַלד אַרײַן.

*

פֿון אַלע הערצער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי פֿון ווײ און פֿאַרדראָס. און תּיכּף האָט איבער אַלע בײַדלעך אָפּגעהילכט אַן אויסרוף פֿון טויט. דער גאַנצער שבֿט איז אויפֿגערודערט געוואָרן:

— אַ פֿאַרשוועכונג פֿון טופּאַס נאָמען!

— אַניאַס גרימצאָרן וועט נאָך מער אויפֿגערייצט ווערן, און די מגפֿה וועט שטאַרקער ווערן!

— מיר זײַנען פֿאַרלוירענע, סײַדן מיר וועלן זיי כאַפּן און מקריבֿ זײַן איבערצובעטן אַניאַס כּעס!

און הונדערט יונגע מלחמה־לײַט, הויכע און פֿלינקע, האָבן זיך

אַרויסגעלאָזט אין וואַלד, צווישן די ווילדע באָקסער־ביימער און די געדיכטע שטעכנדיקע קוסטעס, זוכן דאָס פֿאַרליבטע אַנטלאָפֿענע פּאָרל וואָס האָט געבראַכט אויפֿן שבֿט די ערגסטע סכּנה. ביידע האָבן זיי געמוזט אומקומען, ווײַל זיי האָבן ניט געהאָרכט דאָס וואָרט פֿונעם וואָרזאָגער און דערצו נאָך פֿאַרגאָסן זײַן געהייליקט בלוט. די מורא האָט באַפֿליגלט דעם געיעג פֿון די הונדערט קריגערס: זייער מידקייט איז פֿאַרשוווּנדן און די געדיכטקייט פֿונעם פֿאַרפֿלאָנטערטן וואַלד האָט זיי ניט פֿאַרהאַלטן. גאָר גיך האָבן זיי אָפּגעפֿונען דעם סליד פֿון די אַנטלאָפֿענע.

אַקאַן, ווידער, האָט ניט געקאָנט לויפֿן גיך: די שוואַכקייט פֿון זײַן געליבטער האָט אים אָפּגעהאַלטן, בשעת די הונדערט צערייצטע יונגע לײַט זײַנען געלאָפֿן פֿלינק ווי דער ווינט, און קיין שוואַכע פּרויען וואָס זאָלן זייער לויפֿן האַמעווען זײַנען צווישן זיי ניט געווען.

דער שטח צווישן די נאָכגעיאָגטע און די נאָכיאָגערס איז אַלץ קלענער געוואָרן. און ווען אַקאַן מיט פּיטאַן זײַנען דורכגעלאָפֿן אַן אויסגעהאַקט פלאַץ אין וואַלד און די נאָכיאָגערס האָבן זיי געזען שוין גאָר נאָענט, האָט אַ פֿײַל זיך אַרײַנגעשטאָכן אין אַקאַנס רוקן. ער איז געפֿאַלן ווי אַן אונטערגעהאַקטער נינאַדובאַי. פּיטאַ איז געפֿאַלן אויף אים. זי האָט געוויינט, געברומט, די האָר פֿון קאָפּ געריסן און געבעטן גענאָד בײַ טופּאַ דעם אַלמאַכטיקן:

— טופּאַ ליכטיקער! נעם־צו מײַן יונג לעבן און ראַטעווע אים פֿון די נאָכפֿאָלגערס, ווײַל צוליב מיר האָט ער אַלץ געטאָן!

*

דערזעענדיק די פֿאַרפֿאָלגטע ליגן: אים אַ פֿאַרוווּנדיקטן, זי אַ צעווייטיקטע און אַ פֿאַרלוירענע, האָבן די נאָכיאָגערס פֿאַרגיכערט זייער שפּאַן. קיין צווייטע פֿײַל האָבן זיי ניט געשלײַדערט, ווײַל שטרענג איז געווען דער אָנזאָג פֿון די זקנים: מען האָט פּיטאַן געדאַרפֿט צוריקברענגען אַ ריינע, אַן אומבאַפֿלעקטע, כּדי מיט דער

פאַסיקער הייליקייט און פאַרלעכקייט מקריב צו זײַן אַ בתולה פאַר דעם אויפגערייצטן אַניאַ.

האָבן זיי פאַרטאָפּלט די גיכקייט פון זייערע טריט. אָבער ווען זיי זײַנען שוין געווען אַ פּאָר טריט פון אַקאַן און פּיטאַן, וואָס האָבן זיך אָן כוחות געוואַלגערט אויף דער ערד, זײַנען די הונדערט מל־חמה־לײַט שטיין געבליבן אין גרויס פאַרוווּנדערונג. זיי זײַנען ווי פאַרגליווערטע געבליבן שטיין אויף זייערע ערטער, און מיט וואַק־סנדיקן פּחד האָבן זיי זיך צוגעקוקט צו אַ ווונדער וואָס זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, אַ נס פון טופּאַן דעם גנאָדיקן. און אָט וואָס זיי האָבן געזען:

*

די קערפּערס פון אַקאַן און פּיטאַ האָבן ביסלעכווײַז גענומען פאַרלירן זייער מענטשלעכע געשטאַלט. פּאַמעלעך האָבן זיי זיך אײַנ־געצויגן, גענומען ווערן קלענער און קלענער, ביז זיי האָבן באַקו־מען אַן אויסזען פון לעבעדיקע קליינע פייגעלעך, שוואַרצע פייגע־לעך מיט רויטע קעפּלעך. שוואַרץ באַפעדערט, ווי זייער גורל. רויט ווי זייער בלוט, וואָס מען האָט געוואָלט מקריב זײַן צום בייזן אַניאַ.

און אַזוי ווי זיי האָבן געהייסן בײַם לעבן, איז געבליבן זייער נאָמען אין דער פרישער געשטאַלט: אַקאַן־פּיטאַ, די רויטקעפּיקע פייגל.

ביידע פייגעלעך האָבן פאַר די אויגן פון די פאַרגאַפטע הונ־דערט נאָכיאָגערס זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, אויסגעשפּרייט זייערע חנעוודיקע שוואַרצע פליגלען און מיט איין פלי אַרויפגע־פלויגן אויף דער העכסטער צווײַג פון אַ נאָענטן בוים. דאָרטן האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט און גענומען זינגען שירה צו טופּאַן דעם ליכטיקן גאָט, וואָס האָט אין זײַן גענאָד דערלאָזט זיי זאָלן ניט צעשיידט ווערן. זיי האָבן באַזונגען דעם גרויסן כוח פון אמתער לי־בע, וואָס האָט זיי געראַטעוועט פון דער נקמה פונעם פאַלשן מכשף און פונעם אָפּגענאַרטן שבט.

שטיל, פליסיק, נאָגנדיק און זיס האָבן זיך געגאָסן די טרעלן

פֿון די רויטקעפּיקע פֿייגעלעך און האָבן ליכטער געמאַכט אַפּילו דאָס האַרץ פֿון די צעווילדעוועטע נאָכיאָגערס. און אויב איינער פֿון זיי האָט פֿאָרט נאָך געפּרוווט צילן מיט אַ פֿײַל אין די נײַ באַשאַפֿענע פֿייגל, האָט ער דאָס מאָל ניט געטראָפֿן (קעגן טופּאַס ווילן קאָן מען ניט גיין). די פֿײַל זײַנע האָט זיך אַרײַנגעשטאָכן אין דער צווײַג אויף וועלכער די אַקאָן־פּיטאַס האָבן זיך געהוידעט, און ביידע פֿיי־געלעך זײַנען זינגענדיק אַוועקגעפֿלויגן אין דער געדיכטקייט פֿון וואַלד.

נאָך לאַנג זײַנען די הונדערט קריגערס געשטאַנען, און זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן פֿון טופּאַס אַלמאַכטיקייט.

*

און פֿון דעמאָלט אָן פֿליִען־אום אין די וועלדער וואָס באַברעגן אונדזערע טײַכן די דאָזיקע וווּנדער־פֿייגל מיט די שוואַרצע פֿעדערן און רויטע קעפּלעך. זייער זיס און מילד געזאַנג טרײַבט אַוועק די מידקייט און פֿילט־אָן דעם וואַלדגייער מיט פֿרישע כּוחות, פֿרישע האָפֿענונגען.

אַקאָן־פּיטאַ איז זייער נאָמען. אַקאָפּיטאַ האָט מען זיי פֿאַרצויגן, און זיי זײַנען די טרייסט פֿאַרן מידן וואַנדערער.

## פּירי — די שענסטע פון די גוואַראַניער טעכטער

ווייסט איר ווי אַזוי דער טשערעט איז אויסגעוואַקסן אויף די ברעגן פֿון פּאַראַנאַ, דעם פֿאָטער פֿון די טײַכן?

שלאַנק און דין איז דער טשערעט וואָס וואַקסט האַרט בײַם וואַסער; שלאַנק און בייגיק ווי די גוואַראַניער מיידלעך וואָס שפּיגלען זיך אין טײַך אין די שעהען פֿון זונאויפֿגאַנג און זונאונטערגאַנג, ווען זיי הייבן צום מאַכטיקן טופּאַ זייער יונגפֿרוייִש געבעט. פֿון אַזאַ יונגפֿרוי טאַקע איז דער טשערעט אַרויסגעוואַקסן; פֿון אַ מיידל וואָס טופּאַ און אַניאַ האָבן זי אי באַגנאַדיקט, אי געשטראָפֿט, און דער וואַסערגאָט אי־יאַראַ האָט אין זײַן פֿליסיקן פּאַלאַץ זייער שטראָף און גענאָד אויסגעפֿירט.

הערט ווי דאָס איז געשען און פֿאַר וואָס דאָס איז געשען.

הערט, איר ווײַסהויטיקע יונגפֿרויען, איידעלע און געצערטלטע, ווי אַזוי טופּאַ דער אַלמאַכטיקער באַשטראָפֿט פֿאַר דער גרויסער זינד פֿון וועקן די ליבע, רייצן די תּאווה און דערנאָך ביזווייליק און שטאָלץ אַנטלויפֿן פֿון דער אויפֿגעוועקטער ליבע.

דאָס דערציילט אײַך אַן אַלטער וואָרזאָגער פֿון די ווינציקע פֿאַרבליבענע שבֿטים. אַ זקן איז ער: זײַן פּנים איז צעאַקערט ווי די קאָרע פֿון אַ לאַפּשאַטשע־בוים פֿון די ווינטן און זונען פֿון אַ גאַנצן יאָרהונדערט. הערט און גלייבט, ווײַל פֿון זײַן מויל רעדט דער אמת אַליין.

*

פּירי איז נאָך קיין פֿופֿצן יאָר ניט אַלט געווען און איר ווילדע שיינקייט האָט שוין צוגעצויגן די תּשוקה פֿון די בראַווסטע יונגען

פֿון שבֿט. איר שיינקייט איז געווען געגליכן צו אַ לויטערן וואַסער־קוואַל אין מיטן דעם געדיכטן וואַלד: עס קנ׳ען פֿאַר אים מענטשן אַ קאַלטן טרונק צו באַקומען; די אַכזריותדיקסטע און ווילדסטע חיות נייגן זיך פֿאַר אים צו לעשן זייער דאָרשט.

אַזוי האָבן די שטאַרקסטע און מוטיקסטע גוואַראַנ׳ער מלחמה־יונגען געקניט און זיך געבויגן פֿאַר איר שיינקייט. די געוואַגטע קריגסלײַט וואָס באַזיגן די שטאַרקסטע פֿײַנדלעכע שבֿטים און שרעקן זיך ניט אַפֿילו פֿאַר דעם ווילדן זשאַגואַרעטע ווען ער פֿאַלט אויף זיי אָן בײַ נאַכט אין מיטן וואַלד, האָבן פֿאַר פּיריס שיינקייט מורא געהאַט און — ווי געפֿאַנגענע זקנים פֿון אַ פֿרעמדן שבֿט — בײַ איר זיך געבעטן רחמים.

אָבער ווי שיין זי איז געווען, אַזוי שלעכט איז זי געווען. זי האָט געהאַט באַקומען אַ שלעכטע גאָב. אונטער אַ שלעכטער שטי־מונג איז זי געבוירן געוואָרן, פּירי די שיינע.

אין שבֿט פֿלעגט מען זי טאַקע פֿאַרגלײַכן צו אַ פֿרישן קוואַל וואָס קאַרגט ניט זײַנע לויטערע וואַסערן צו דערקוויקן די דאָר־שטיקע. אין דער אמתן איז אָבער איר שיינקייט געווען ווי אַ פֿאַר־שאָלטענער קוואַל, וואָס ציט־צו דעם דאָרשטיקן מיטן צוזאָג פֿון מחיהדיקער פֿרישקייט און ווען ער בייגט שוין אָן דעם קאָפּ צום וואַסער מיט צעעפֿנטע פֿאַרטריקנטע ליפּן, גרייט צו טרינקען, אַנט־לויפֿט דאַן דאָס וואַסער פֿון אונטערן מויל.

אַ פֿאַרשאָלטענער, פֿאַרפֿירערישער קוואַל איז געווען די שיינ־קייט פֿון פּירי, די שענסטע פֿון די גוואַראַניער טעכטער. מיט אַזאַ טבֿע איז זי געבוירן געוואָרן, ניט ווויסנדיק אפֿשר אַליין דערפֿון.

— דו וועסט שלעכט אָפּשנײַדן פֿאַר דײַן שפּיל אין ליבע, פּירי! — פֿלעגט צו איר טענהן דער אַלטער וואָרזאָגער פֿונעם שבֿט — דו וועסט האָבן אַ מיאוסן סוף פֿאַר דײַן וועקן די ליבע און איר ניט נאָכגעבן. גלייב מיר, פּירי: איך בין אַלט און ווייס וואָס איך זאָג דיר.

פּירי האָט אָבער נאָר געשמייכלט. זי פֿלעגט אויסהערן די וואָ־רענונגען, שמייכלען און אַנטלויפֿן, לײַכט און חנעוודיק ווי אַ וויל־

דע יונגע ציג וואָס שפּרינגט און פֿאַרשפּרינגט צווישן די ביימער. אָדער זי פֿלעגט צו מאָל פֿאַמעלעך אַוועקגיין, באַוועגנדיק קוים איר לײַכטן קערפּער, ווי אַ קוסט געהוידעט פֿונעם ווינט. איר גאַנג איז דעמאָלט געווען אַ זמר, אַ לויב צו טופּאָס שיינקייט; איר טאַליע האָט אויסגעזען ווי אַ לײַכטער בויגן וואָס אַ גוואַראַנ׳ער יונג שפּאַנט מיט זײַן קרעפּטיקער האַנט; אירע הויכע בריסטן — ווי צוויי צײַטיקע קאָקוסניס וואָס וועלן אָט־אָט אַראָפּפֿאַלן פֿון בוים.

און דער זקן פֿלעגט בלײַבן אַ פֿאַרשעמטער. שטיל פֿלעגן זײַנע ליפּן נאָך אַרויסריידן אייניקע ברוגזע ווערטער, ביז ער פֿלעגט אַנט־שוויגן ווערן.

און דאָס וואָס פּירי האָט פֿרי׳ער געטאָן אפשר ניט וויסנדיק, האָט זי נאָכן אויסהערן די מוסר־רייד גענומען טאָן במזיד. אַ מאָדנע פֿײַערל האָט זיך צעברענט אין אירע ליכטיקע שיינע בלומען־אויגן.

*

פּירי האָט ווײַטער געשפּינט און געצויגן איר ליבעשפּיל. וועקן ליבשאַפֿט און תּאווה בײַ די בעסטע בחורים פֿון שבֿט, רופֿן מיטן בליק, רייצן מיט די באַוועגונגען פֿון גוף און נאָך דעם פֿון זיי אַנטלויפֿן מיט חוזק, זיי איבערלאָזן אַנטוישטע, אויסגעלאַכטע און ברענענדיק פֿון אויפֿגערייצטער תּאווה — דאָס איז פֿאַר איר געווען אַ שיינע, לוסטיקע שפּיל, פֿון וועלכער קיין שום מורא האָט זי ניט געקאָנט אָפּהאַלטן.

איז איין בחור אַרומגעגאַנגען ביז אויפֿן צווייטן יונג, מיינענדיק אַז איבער אים האָט ער ניט דערגרייכט פּיריס ליבע. און דער צווייטער האָט געטראָגן שׂנאה אין האַרצן אויפֿן ערשטן. און ביידע האָבן זיי פֿײַנט געהאַט אַ דריטן, אַ פֿערטן און אַ פֿינפֿטן. צו אַלעמען האָט פּירי פֿרי׳ער געשמייכלט און זיי נאָך דעם פֿאַרלאָזט. זײַנען אַרויסגעקומען קריגערײַען און געשלעגן צווישן די יונגע לײַט, וואָס זײַנען אָפֿט מאָל דערגאַנגען ביז בלוט און ביז טויט און פֿון וועלכע ס׳האָבן זיך גענומען פֿרישע פֿאַרדראָסן און נקמות.

אונטער פּיריס אַלע מאָל שמייכלענדיקן און פֿלאַמענדיקן בליק האָט זיך צעפּלאַקערט אַ שׂנאה און אַ מלחמה צווישן דער יוגנט פֿון שבֿט און דאָס האָט אויך אַרײַנגעצויגן די זקנים, אויפֿגעבראַכט אַ טייל פֿון זיי קעגן אַנדערע זקנים פֿון דער עדה. יעדע כּיתּה אַלטע האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פֿון איינעם פֿון די יוגנטלעכע צדדים. און די קנאה־שׂנאה האָט שיִעור דעם גאַנצן שבֿט ניט באַהערשט און אים שיִעור ניט געטריבן צום חורבן. קריגערײַ צווישן ברידער פֿון איין שבֿט איז ערגער, ווי שׂונאים פֿון דרויסן, און דעם שבֿט האָבן ניט אויסגעפּעלט דרויסנדיקע שׂונאים אויף לעבן, ער זאָל נאָך דאַרפֿן האָבן אינערלעכע רײַסעניש.

זײַנען דען פֿאַרן שבֿט ווינציק די פֿינצטערע, געדיכטע וועלדער, בײַ וועלכע ער דאַרף זײַן שפּײַז אַרויסרײַסן? צי זײַנען ניט גענוג פֿאַר אים די שטאַרקע כוואַליעס פֿונעם פּאַראַנאַ, וואָס דער צאָרנדיקער אי־יאַראַ טוט אָנשיקן אויף די קליינע פֿעלשיפֿלעך אויף וועלכע די יונגען פֿאָרן פֿיש פֿאַנגען? און ווו זײַנען די ווילדע חיות פֿונעם וואַלד, וואָס פֿאַרצוקן אַלט און יונג, ווען זיי קאָנען נאָר באַפֿאַלן אין דער פֿינצטערער געדיכטעניש? און די שלאָגנדיקע רעגנס, וואָס טרײַבן אַרויס דעם פּאַראַנאַ און זײַן זון דעם פּאַרגוויַ פֿון זייערע ליימענע קורסן, פֿאַרטרינקענדיק די ברעגן און די גוואַראַניִער בײַדלעך? דען ווינציק די פֿורעניותן, וואָס אַניאַ דער בייזער שיקט־אָן? און די פֿײַנדלעכע שבֿטים, וואָס פֿירן אַן אייביקע מלחמה מיט די גוואַראַניִער, טויטן מיט פֿאַרגיפֿטיקטע פֿײַלן די יונגע קריגסלײַט, פֿאַרשקלאַפֿן די יונגפֿרויען און פֿרעסן־אויף די געפֿאַנגענע מיט ווילדע טענץ אַרום פֿײַער — איז דאָס ווינציק נאָך?

— איז דאָס ווינציק נאָך — האָבן די זקנים געטענהט — און מיר דאַרפֿן צוזען ווי אַ נאַריש מיידל מיט אַ שיין פּנים פֿאַרזייט קנאה־שׂנאה אין שבֿט? צאָרנדיקער אַניאַ! באַשטראָף זי פֿאַר איר זינד, באַשטראָף זי, ווײַל ווי אַ וואָרעם אין אַ פּרוכט וועט זי אונדזער שבֿט צעפֿרעסן.

אָבער די שיינע פּירי האָט ניט געהערט די געבעטן, האָט זיך

ניט געקימערט איבער דעם חורבן וואָס זי ברענגט, און זי האָט ווײַטער געפֿירט איר ליבעשפּיל.

*

געטער האָבן ליב די מענטשן וואָס זיי האָבן באַשאַפֿן. אַפֿילו די בייזע געטער ווילן ניט קיין שלעכטס טאָן דעם מענטשן; אַ פּשיטא שוין די גוטע, אַז זיי ווינטשן דעם מענטשן אַל דאָס גוטס. ניט נאָר דאָס, נאָר זיי באַשטראָפֿן מיט אַ האַרטער האַנט יעדן וואָס טוט דעם מענטשן שלעכטס. באַזונדערס נעמען זיך די געטער אָן פֿאַר די, וועלכע דינען זיי טרײַ, גלייבן אין זייער אַלמאַכטיקייט און ברענגען פֿאַר זיי קרבנות, ווי די וואָרזאָגערס און פֿרומע מכשפֿים הייסן, און צאָרנדיק ווערן די געטער ווען מען קריוודעט זייערע גלייביקע.

זײַנען די געטער אין כּעס געוואָרן אויף פּירין און האָבן לענגער ניט געקאָנט לײַדן אַז דורך איר שיינקייט זאָל זי חרובֿ מאַכן אַ פֿרומען גלייביקן שבֿט.

אַן אַלטע קוניאַטאַי, וואָס האָט געהייליקט איר יונגפֿרוייִשקייט דעם גאָט טופּאַ, האָט מיט השבעות און שפּרוכן מודיע געווען די געטער וועגן די שלעכטע מעשׂים פֿון דער, וועמען זיי האָבן מיט שיינקייט באַשאָנקען און זי וואָלט געדאַרפֿט גוט זײַן.

דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָט די קוניאַטאַי געפֿאַסט, איז ניט געשלאָפֿן און געשעפּטשעט שפּרוכן צו דער לבֿנה. די גאַנצע צײַט האָט זי געטרונקען דאָס געטראַנק פֿון קאַאַ־גראָז און גערייכערט און געטאַנצט אין אַ קרײַז בײַ דער פֿולער לבֿנה, ביז זי איז אַ פֿאַרחלשטע אַנידערגעפֿאַלן און פֿון איר מויל זײַנען, צוזאַמען מיטן ווײַסן שוים, אַרויסגעקומען שפּרוכן וואָס מיר שטאַרביקע פֿאַרשטייען זיי ניט, אָבער די געטער פֿאַרשטייען זיי גוט: קללות קעגן פּירין, די שענסטע טאָכטער, וואָס מאַכט חרובֿ איר שבֿט. אַ שטראָף פֿאַר איר, וואָס מאַכט פֿון שיינקייט, דעם שענסטן גאָב פֿון די געטער, אַ שפּיל פֿון קנאה און שׂנאה, און זי הייליקט איר שיינקייט קיינעם ניט.

אַזוי האָט די אַלטע וואָרזאָגערין באַשווירן דעם צאָרן פֿון אי־יאַראַ, דעם וואַסערגאָט, קעגן פּירין. און אי־יאַראַ האָט זיך צו איר צוגעהערט. אַ בייזער, האָט ער דאָס געבעט פֿון דער קוניאַטאַ? פֿאַר־נומען און האָט אַזוי געזאָגט:

— פּירי, די שענסטע טאָכטער פֿון די גוואַראַני:ער: ווײַל דו האָסט מיט דײַן שיינקייט געשפּרייט שׂנאה און ניט קיין ליבע, וועסטו באַשטראָפֿט ווערן. אויב דו האָסט דײַן ליבע קיינעם ניט געהייליקט, וועט זי מיר, דעם האַר און באַפֿעלער פֿון די וואַסערן, געהייליקט זײַן. איך וועל דיך נעמען אין מײַנע פּאַלאַצן אויפֿן דעק פֿון דער איבעראַ־אָזערע, און דו וועסט ווערן מײַן קעפּסווײַב.

אַזוי האָט געזאָגט אי־יאַראַ, דער האַר פֿון די וואַסערן, אַליין אַ געפֿאַנגענער פֿון פּיריס שיינקייט.

אַנדערש איז אָבער געווען דער ווילן פֿון טופּאַ, דעם האַר פֿון די געטער.

— דײַן קעפּסווײַב וועט פּירי ניט ווערן, אי־יאַראַ דער ווײַ־בערניק. ניט דערויף האָב איך זי באַשאַפֿן. איר שטראָף וועט זײַן אַ גרעסערע, ווײַל גרויס איז איר פֿאַרברעכן. זי האָט מײַן בעסטע גאָב פֿאַראומווערדיקט. איר לעבן און איר שיינקייט האָבן גורם געווען נאָר שלעכטס, וועט איר שטראָף באַשטיין אין טאָן גוטס. אַזוי זאָל זי פֿאַרמשפּט ווערן נאָך איר לעבן.

אַזוי האָט געפּסקנט טופּאַ דער אַלמאַכטיקער, און ווער וועט זײַנע רייד דערווידערן? און נאָך האָט ער געזאָגט:

— אי־יאַראַ! פֿיר־אויס מײַן שליחות. די פֿרוי וועסטו באַ־שטראָפֿן ווי איך האָב דיר געבאָטן; אָבער דײַנע זאָל זי ניט זײַן. זאָלסט ניט וואַגן זי אָנרירן אַפֿילו.

האָט אי־יאַראַ אַ ברום געטאָן ווי אַ פֿאַרווונדיקטע זשאַגואַרעטע — אויך זײַן האַרץ איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון ליבע צו פּירין — און האָט אַרויסגעלאָזט די מאַכטיקע כוואַליעס פֿון טײַך פּאַראַנאַ. פֿון זײַן ברום האָט זיך די אָזערע איבעראַ אויפֿגערודערט און אַ שטור־רעם האָט אַ טאָג מיט אַ נאַכט געבושעוועט איבער דער אומענד־

לעכקייט פֿונעם פֿאָטער פֿון די וואַסערן, דערטרינקענדיק פֿישער־שיפֿלעך, אומברענגענדיק די טשאַסקיס וועלכע זײַנען אויף פֿעלנע רונדע שיפֿלעך געשווומען אין שליחות צווישן פֿרײַנדלעכע שבֿטים, פֿאַרפֿלייצנדיק וועלדער און אַרײַנשלײַדערנדיק אין דעם צעהוליעטן שטראָם בײַדלעך מיט זייערע אײַנוווינערס.

דאָס איז געווען דער לעצטער חורבן וואָס פּיריס שיינקייט האָט גורם געווען.

*

און דער געבאָט וואָס אי־יאַראַ האָט באַקומען פֿון טופּאַן איז געווען: אין אַ געוויקס צו פֿאַרוואַנדלען די שיינע און אַכזריותדיקע גוואַראַני׳ער יונגפֿרוי.

אי־יאַראַ האָט געהאָרכט דעם באַפֿעל. ער איז אַרויס פֿון דעם באַהאַלטענעם פּלאַץ, אויפֿן דעק פֿון דער אָזערע איבעראַ, ווו ער ווױנט צוזאַמען מיט די שרעקלעכע באַשעפֿענישן וואָס זײַנען זײַנע באַדינערס, און איז אַוועק צום ברעג.

ער האָט זיך באַוויזן ניט אין זײַן ערשטער געשטאַלט — אַ קאַר־ליק מיט פֿיס פֿון אַ וואַסער־באַשעפֿעניש — נאָר אַ פֿאַרוואַנדלטער אין אַ חנוודיקן רויטן פֿלאַמינגאָ, אַ פֿויגל וואָס רייצט דאָס בליק מיט זײַן שיינקייט און קוקט אַליין מיטן מענערישן תּאַווהדיקן קוק פֿונעם וואַסערגאָט.

האָט זיך דער וווּנדער־שיינער פֿלאַמינגאָ אַוועקגעשטעלט בײַם ברעג, דווקא אויפֿן אָרט, ווו פּירי פֿלעגט יעדן פֿרימאָרגן קומען זיך אָנקוקן אין דעם גלאַטן וואַסער־שפּיגל פֿון דער אָזערע און זיך אָנזעטיקן מיט איר אייגענער שיינקייט. אפֿשר וועט די שענסטע פֿון די גוואַראַני׳ער טעכטער נתפּעל ווערן פֿון דעם מענלעכן רויטן פֿלאַמינגאָ, אפֿשר וועט זי אים גלוסטן?

ניין — פּירי גלוסט ניט!

זי איז צו איר אָרט געקומען, שעהען לאַנג געקוקט אויף דער אייבערפֿלאַך פֿונעם וואַסער, אַליין הנאה געהאַט פֿון איר אייגענער שיינקייט און רייץ. אָבער דעם שיינעם רויטן גאַנער וואָס האָט מיט

מאַנסבילישע פּײַכטע בליקן צו איר געקוקט, אַרום איר זיך גע־דרייט, צו איר תּאַווהדיק געוווּנקען — אים האָט פּירי ניט באַמערקט.

*

גרויס איז די מאַכט פֿון אי־יאַראַ. און נאָך גרעסער איז זײַן צאָרן. ער איז דער האַר און באַפֿעלער פֿון דעם פּיראַאַ־כהוא, וועל־כער איז גרויס ווי אַ ווילדער אָקס און שוואַרץ ווי די נאַכט סוף חודש. אים שיקט ער איבערקערן די שיפֿלעך און אויפֿפֿרעסן די שיפֿערס און שווימערס וואָס שטערן אי־יאַראַס רויִקייט אויף די אָזערעס און טײַכן. ער איז אויך דער האַר פֿון דעם זשאַגוּאַ־ראַן, די מוראדיקע באַשעפֿעניש. ער שיקט אים אונטערגראָבן די ברעגן פֿון טײַך: אונטערגראָבן און אונטערשווענקען אַזוי, אַז פֿון דרויסן זאָל מען ניט זען. ווען עס קומט דערנאָך אַ חיה אָדער אַ מענטש און דערנענטערט זיך צום ברעג פֿון טײַך זײַן דאָרשט צו לעשן און שפּאַרט זיך אָן אָדער טרעט פֿעסט אָן אויף דעם אונטערגעגראָבענעם ברעג, פֿאַלן זיי פּלוצלינג אַרײַן אין וואַסער, ווו דער זשאַגוּאַ־ראַן וואַרט אויף זיי מיט אָפֿענע אָרעמס. ער רײַסט־אויף זייערע בײַכער, לאָזט־אַוועק מיטן וואַסערשטראָם זייערע אינגעווייִדן און פֿרעסט נאָר אויף זייערע לונגען.

אָבער נישט די אַ צוויי שליחים פֿון זײַן מאַכט האָט אי־יאַראַ געשיקט צו באַשטראָפֿן פּירין, נאָר אַ דריטן פֿון זײַנע באַדינערס: זײַן קנעכט אוּ־פֿראַאָ, וואָס זעט בטבֿע אויס ווי אַ שרעקלעכע באַשעפֿעניש, אָבער פֿאַרמאָגט דעם כּוח פֿון פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַ מענטשן. ווי אַ שוואַרצער מענטש, שפּרינגט ער געשווינד אַרויס פֿון וואַסער אויף דער יבשה און פֿאַרכאַפּט מיט גוואַלד די פֿרוי אין וועלכער ער איז פֿאַרליבט אָדער וואָס זײַן האַר אי־יאַראַ וויל זי באַצווינגען און פֿאַרשפּאַרן אין די ווײַטע אינדזלען פֿון דער איבע־ראַ־אָזערע.

ווען פּירי איז געשטאַנען בײַם ברעג און געשפּיגלט איר גע־שטאַלט אין דער רויִקער אייבערפֿלאַך פֿונעם וואַסער, איז אונטער־

געקומען אור־פּראַ אין זײַן נעגערישן גילגול און האָט זי מיט כּוח אַװעקגעשלעפּט צו אי־יאַראַן. דער װאַסערגאָט האָט געהאָרכט טופּאַס באַפעל: זי ניט באַצװוּנגען און ניט באַמאַנט, נאָר דורכגעפירט זײַן שליחות װי טופּאַ האָט געבאָטן: פּירי איז מגולגל געװאָרן אין אַ באַחנטן געװיקס מיט אַ שלאַנקן בײגיקן שטאַם װי די טאַליע פֿון אַ שלאַנקער פֿרוי, און מיט קלײנע בלימעלעך, שײנע װי פּיריס חנעװדיקע אויגן.

און פֿון דעמאָלט אָן װאַקסט דער טשערעט אויף די ברעגן פֿון טײַכן און אָזערעס; װאַקסט שלאַנק און בײגיק װי די שײנע יונגפֿרוי פּירי, װאָס איז אַזוי באַשטראָפֿט געװאָרן פֿאַר איר פֿאַלשער ליבע־שפּיל.

# דער בוים פון שוואַרצן אויער

„קאַמבאַ־נאַמבי״ זײַנען צוויי גוואַראַני׳ער ווערטער וואָס באַ־טײַטן: קאַמבאַ — שוואַרץ, און נאַמבי — אויער; בכן, שוואַרצער אויער אָדער ריכטיקער, אויער פֿון אַ שוואַרצן.

אין פּאַראַגווײַ און אין די וועלדער־געגנטן וואָס ציִען זיך בײַ די ברעגן פֿון די גרויסע טײַכן פּאַראַנאַ, פּאַראַגווײַ און זייערע בײַ־טרעגערס, באַצייכענען די אײַנגעבוירענע מיטן נאָמען קאַמבאַ־נאַמבי — אויער פֿון אַ שוואַרצן — די קערנער־זריעה פֿונעם בוים וואָס איז באַקאַנט ווי „טימבאָ״ און וואָס אין פּראָווינץ קאָריענטעס און צפֿון ענטרע־ריִאָס רופֿט מען אים פּאַקאַראַ. דאָס איז אַ בוים וואָס איז זייער פֿיל פֿאַראַן אין די דאָרטיקע וועלדער. ער וואַקסט הויך, שטאַרק, מאַכטיק, צעצווײַגט, און טיילט זיך אויס מאַיעסטעטיש פֿון צווישן אַנדערעביימער אין יענע געדיכטע וועלדער. זײַנע שוואַרצע קערנער וואַרפֿן זיך טאַקע אין די אויגן מיט זייער ענלעכקייט צו אַ מענטשלעכן אויער.

און ווי יעדע אומגעוויינטלעכע זאַך וואָס האָט גערעגט די פֿאַנ־טאַזיע פֿון פּרימיטיווען מענטשן, האָט אויך דער בוים מיט די מאָדנע קערנער אַרויסגערופֿן אַ דערקלערונג אין דער פֿאָרעם פֿון אַ פֿאָלקס־לעגענדע, וואָס גייט־אָן דורות לאַנג צווישן די גוואַראַני׳ער ווי אַ שיינע, אַלטע מסורה. די דאָזיקע לעגענדע גיב איך אײַך דאָ איבער פּונקט ווי איך האָב זי געהערט פֿון אַן אַלטן מלחמה־מאַן פֿון די טימבוער, וואָס ווערן צוגערעכנט צו די בראַווסטע און דרייסטסטע פֿון די מלחמה־פֿירנדיקע גוואַראַני׳ער שבֿטים.

דער מאַן וואָס האָט מיר דערציילט די דאָזיקע מסורה פֿון פֿאַר

צײַטן האָט זי אין די יונגע יאָרן אַלײן געהערט פֿון אַן אַלטן קאַציק, זיצנדיק אין אַ קרײַז, נאָך דער שלאַכט, יונגע קריגסלײַט מיט זקנים צוזאַמען... און יענער אַלטער קאַציק האָט זי געוווּסט פֿון זײַן פֿאָ־טער, און יענער — פֿון אַן אַלטן וואָרזאָגער וואָס האָט זיכער די מעשׂה ניט אויסגעטראַכט אַלײן, וואָרעם ווונדער־מעשׂיות פֿון פֿאַר צײַטן אין וועלכע טופּאַ אַלײן האָט אַן אָנטייל, האָט קיינער ניט אויסגעטראַכט, נאָר זיי זײַנען דער אמת אַלײן...



די מעשׂה איז געשען לאַנג צוריק, נאָך אין די גאָר אַלטע צײַטן. דער זכּרון האָט די פֿאַרצייכענונג פֿאַרלוירן, ווען דאָס איז געשען, אָבער געוויס איז עס פֿאָרגעקומען מיט יאָרהונדערטער פֿריִער, איי־דער דער ווײַסהויטיקער מענטש איז אין אונדזערע געמאַרקן אַרײַנ־געדרונגען. דאַן פֿלעגן נאָך געשען ווונדער, וואָס די אַלטע קוניאַטאַיִס פֿלעגן טאָג אײַן טאָג אויס אַלײן פֿאַרצייכענען און איבערגעבן איז שבֿט. די געטער זײַנען נאָך דעמאָלט געווען נענטער צום מענטשן, ניט אַזוי ווײַט ווי איצט, זינט די בלייכהויטיקע הערשן אין אונ־דזערע וועלדער און טרײַבן שיפֿן איבער די כוואַליעס פֿון אונדזערע טײַכן... זיי האָבן אויך טופּאַן אַלײן און די ליכטיקע געטין יאַסי, די ווײַסע, שיינע און פֿולע לבֿנה, און אַפֿילו דעם בייזן גאָט אַניאַן פֿון אונדז ווײַט ווײַט פֿאַרטריבן.

די בלייכהויטיקע!... זינט זיי האָבן זייער הערשאַפֿט פֿאַרשפּרייט איז אַפֿילו אין די וועלדער ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן דאָס לעבן, וואָס האָט פֿאַר זייער קומען געהאַלטן אין איין באַנײַען און בײַטן זיך. קיין נײַעביימער וואַקסן ניט; קיין פֿרישע בלומען וואַקסן ניט אַרויס; קיין נײַע גראָזן און קערנער מיט ווונדערלעכער היילקראַפֿט באַווײַזן זיך ניט. גאָר אַנדערש איז געווען אַמאָל: אין די וועלדער פֿלעגן זיך אַלע מאָל ווײַזן נײַע ביימער, נײַע בלומען, נײַע קרײַטעכ־צער, וואָס זײַנען געווען אַ ברכה פֿאַר די קינדער פֿון די טימבוער.

ווער ווייס, אפֿשר איז דער טימבאָ־בוים מיט די קערנער וואָס

דערמאָנען אין אַן אויער פֿון אַ שוואַרצן איינער פֿון די לעצטעביימער וואָס טופּאַ האָט אין זײַן געגאַד באַשאַפֿן? אפֿשר טאַקע דערפֿאַר האָט די געשיכטע פֿון זײַן שאַפֿונג זיך אַזוי פֿריש אויפֿגעהאַלטן בײַ די זקנים פֿון שבֿט אין זכּרון?

*

אַ ביטערע מלחמה, אַ פֿאַרעקשנטע, האָט זיך צענדליקער יאָרן געפֿירט צווישן אונדזערע טימבוער שבֿטים און די שבֿטים פֿון די בלוט־דאָרשטיקע טאָבאַס, וואָס זײַנען ביטרע ווי די פֿוקסן און ווייסן ניט פֿון קיין מורא, ווי ווילדע חזירים ווען זיי לאָזן זיך פֿון וואַלד אין ליידיקן פֿלאַכן פֿעלד אַרײַן. טײַכן בלוט זײַנען פֿאַרגאָסן געוואָרן פֿון ביידע משפּחות; בלוט וואָס האָט חדשים לאַנג רויט געמאַכט די ברוינע וואַסערן פֿון דעם פּאַראַגווײַ און די שטאַרקע שטראָמען פֿונעם פּאַראַנאַ אַליין.

האָט טופּאַ געצאָרנט איבער דער פֿאַרטיליקונג צווישן ביידע משפּחות וואָס קערן זיך ביידע אָן צו דער זעלביקער גוואַראַניער גזע. ער האָט פֿאַרבאָרגן פֿון ביידן זײַן געזיכט און די חכמה פֿון די וואָרזאָגערס האָט זיך אָפּגעטאָן. האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ שטאַרקע מגיפֿה. די פּעסט האָט אַוועקגענומען די פֿאַרבליבענע פֿון דער מלחמה אין דער פֿינצטערער הערשאַפֿט פֿונעם בייזן אַניאַ. אומזיסט איז געווען דאָס אָפּשפּרעכן פֿון די וואָרזאָגערס און די באַשווערונגען פֿון די היילערס און מכשפֿים: די מלחמה־לײַט זײַנען געפֿאַלן ווי די פֿליגן אין אַ שפּעטן האַרבסטטאָג, ווען די זון איז שוין צוריק אַרײַן אינעם געצעלט פֿון טופּאַ דעם אַלמאַכטיקן.

צום שטאַרקסטן איז די מגיפֿה געווען אין דער געגנט פֿון פּאַראַגווײַ וווּ די צוויי טײַכן גיסן זיך צונויף, אויסמישנדיק די ברוינע וואַסערן מיט די טונקעלע: דאָרטן זײַנען טאַקע שטאַרקער ווי אומעטום פֿאָרגעקומען די זינדיקע שלאַכטן צווישן ברידער־שבֿטים — די טימבוער קעגן די טאָבאַס — וועלכע האָבן איינע די אַנדערע גערודפֿט און אָרויסגעשטויסן. משפּחות גאַנצע גיואַראַניער זײַנען

דעמאָלט אין שלאַכט פּאַרטיליקט געוואָרן, און די מגיפֿה איז דער־נאָך גרויס געווען, ווײַל גרויס איז געווען דער צאָרן פֿון די געטער.

*

די טימבוער האָבן זיך נאָך דעם פּאַרפּעסטיקט אויף אַ לאַנגער צײַט אין דער געגנט בײַם ברעג פֿון פּאַראַנאַ, אונטער דער אָנפּי־רערשאַפֿט פֿונעם אַלטן שטאַרקן קאַציק טימבאָ.

דער דאָזיקער קאַציק האָט געהאַט אַ צונאָמען „קאַמבאַ" — דער שוואַרצער, ניט דערפֿאַר ווײַל ער האָט אָפּגעשטאַמט פֿון שוואַר־צע, נאָר ווײַל זײַן הויט איז געווען שוואַרץ אָפּגעברענט פֿון דער זון. אין די כּסדרדיקע שלאַכטן, אונטער דער ברענענדיקער היץ, אַן אויסגעשטעלטער צו די טאָפּעלע פֿײַלן פֿונעם שׂונא און פֿון דער זון, איז זײַן קערפּער האַרט און שוואַרץ געוואָרן ווי דער שטאַם פֿון אַן אַלטן בוים. דערפֿאַר האָט מען דעם אַלטן קאַציק גע־רופֿן קאַמבאַ, און צוליב נאָך עפּעס:

שוואַרץ זײַנען געווען זײַנע אויגן, טונקל ווי די טונקלסטע נאַכט אינעם געדיכטן וואַלד, ווען די נאַכטגעטין יאַסי אַליין פֿאַר־באָרגט איר ליכטיק געזיכט און האָט מורא אַרויסצוגיין אויפֿן הימל. שוואַרצע אויגן וואָס האָבן געפֿינקלט אונטער געדיכטע שוואַרצע ברעמען, ווי די אויגן פֿון אַ ווילדער באַרגקאַץ ווען שׂונאים, יע־גערס, רינגלען זי אַרום.

טימבאָ דער שוואַרצער, דער קאַציק פֿון די טימבוער. זײַן קערפּער איז געווען באַדעקט מיט שראַמען פֿון פֿאַרהיילטע ווונדן, צייכנס פֿון די פֿײַלן פֿון זײַנע בלוטיקע שׂונאים, די טאָבאָס. צייכנס פֿון די ציינער און נעגל פֿון די ווילדע זשאַגואַרעטעס וואָס ער האָט באַקומען אין געיעג אין פֿינצטערן וואַלד... די שראַמען וואָס האָבן באַדעקט זײַן קערפּער זײַנען געווען מיר ווי די קנופּן אויף די צווײַגן פֿון אַן אַלטן, שוואַרצן אַלגאַראָבאָ־בוים.

געווען איז ער אָן קינדער, ווי דער בייזער גאָט אַניאַ אַליין, דרייסט ווי אַ גאַנצער שבֿט בראָווע קריגערס און אַכזריותדיק ווי אַ

הונגעריקער זשאַגואַרעטע ווען עס פֿאַלט צו אים אין די לאַפּעס אַרײַן אַ יונג, צאַרט באַשעפֿעניש.

אַז ער האָט נאָר געקאָנט, האָט ער מחנותוויַז אויסגעהרגעט די געפֿאַנגענע, וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן צו אים אין די הענט. זײַן נאָמען ווי אַ קאַציק און אַ פֿירער איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן איבער אַלע וועלדער און געמאַרקן און די כוואַליעס פֿון די טײַכן האָבן עס פֿאַרטראָגן ווײַט, ווײַט צום דרום, ביזן צוזאַמענגוס פֿון די טײַכן, ביזן אָרט ווו עס האַוועט־אַרום די ביזע טשאַרואַס. אייגענע האָבן, אויב נישט ליב געהאַט אים, איז זיך באַצויגן מיט דרך־ארץ צו אים; פֿײַנט האָבן געציטערט פֿאַר זײַן מאַכט און פֿאַרלענגערט זײַן צונאָמען אויף „קאַמבאַ זשאַגואַ” — שוואַרצער הונט. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט צו ברענגען פֿאַרן מויל אַזאַ נאָמען, ווײַל זיי האָבן געוווּסט אַז דער גרימצאָרן פֿונעם אַלטן קאַציק וועט זיי נישט שענקען די באַליידיקונג.

געהאָרכט פֿון אייגענע, געהאַסט פֿון שׂונאים וועלכע זײַנען אָבער געווען מאַכטלאָז אים עפּעס צו טאָן, האָט דער אַלטער טימבאָקאַמבאַ געלעבט און געהערשט לאַנגע יאָרן איבער דעם שבֿט פֿון די טימבוער.

נאָך די גרויסע מלחמות בײַם פּאַראַגוויַ און נאָך דער מגיפֿה וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט די שלאַכטן, האָט אַ לאַנגע צײַט געהערשט פֿרידן. די צעשלאָגענע טאָבאַס האָבן ניט געקאָנט צוריק צונויפֿזאַמלען זייערע צעשטערטע בײַדלעך. נאָר קינדער, זקנים און פֿרויען זײַנען אין יענע משפּחות פֿאַרבליבן. האָט אַ לאַנגע צײַט געהערשט שלום אין די מחנות פֿון די טימבוער. דערצו האָבן די וואָרזאָגערס און די קוניאַטאַיס איינשטימיק אויסגעטײַטשט דעם ווילן פֿון טופּאַ, אַז די גרויסע מגיפֿה איז געווען אַן אָנשיקעניש פֿאַר דער זינד פֿון ברידערמאָרד און אַז דער אַלמאַכטיקער גאָט הייסט עס זאָל נעמען אַ סוף, אויף אַ לאַנגער צײַט לפּחות, צו די מלחמות צווישן די גוואַראַניער שבֿטים.

איז טאָקע געווען רויִק אין די טימבוער געצעלטן: יאָגד און

פישפאַנג זײַנען אָנגעגאַנגען שפּעדיק און ס'איז געװען אַ געבענטש־טע צײַט פאַרן שבת פונעם אַלטן קאַציק טימבאָ־קאַמבאַ.

*

ער װאָלט זיך געקאָנט באַטראַכטן װי אײנער פון די גליקלעכ־סטע, צופרידנסטע קאַציקן. קײן זאַך האָט אים ניט געפעלט, קײן זאַך האָבן די געטער ניט פאַרמינערט פון אים: רום דורך־אױס פון פרײַנד, מאַכטלאָזע שׂנאה פון שׂונאים — װאָס איז אפשר נאָך אַ גרעסערער תּענוג — שלום, רו און שפע אױף דער עלטער. קײן זאַך האָבן אים די געטער ניט געזשאַלעװעט, נײַערט אײן זאַך װאָס האָט אַ ביסל באַטריבט זײַנע פרײדן, פאַראומערט זײַן געמיט אױף די עלטערע יאָרן. ער האָט ניט געהאַט קײן זון װעמען ער זאָל דער־ציען פון דער פריסטער יוגנט אָן כּדי ער זאָל פאַרנעמען זײַן פּלאַץ װי דער קאַציק בראש פונעם שבט װען טימבאָ װעט שױן אַלט זײַן און זײַן שװאַרץ פינקלדיק אױג, װאָס זעט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט אַזױ גוט װי אין העלן טאָג, װעט שױן מער ניט זען. דאָס האָט אים געהאַלטן אין טרױער און אין פאַרזאָרגטקײט: אַ פרעמדער, ניט פון זײַן בלוט און זײַן פלײש, װעט זײַן מאַכט ירשענען און אפשר נאָך צו נישט מאַכן זײַן גאַנצן אױפטו און דעם כּוח פון זײַן שבט.

אַ טרײסט און האָפענונג האָט ער געפונען נאָר אין דער אײנ־ציקער טאָכטער, װאָס איז אים אױף דער עלטער געבוירן געװאָרן: אַ נדבה װאָס טופּאַ האָט אים צוגעשיקט װען די גװאַיאַבאַס האָבן אים געגעבן די זעכציקסטע גערעטעניש פון זײערע הערלעכע גאָל־דענע פרוכטן. שײן איז די טאָכטער געװען װי די זון אַלײן. אַ נאָמען האָט מען איר געגעבן להיפּוך צום פאָטער: מאַראָטי האָט זי געהײסן — די װײַסע... און דװקא פאָטער האָט זי חוץ דעם גערופן מיטן צאַרטן נאָמען „מײַן שװעלבעלע". װײַל ער האָט געדענקט אַז זי װעט אים אָנזאָגן אַ נײַעם פרילינג פון האָפענונגען, אַז זי װעט אױסװאַקסן און חתונה האָבן פאַרן שענסטן און מוטיקסטן בחור פון שבט, װעט יענער װערן קאַציק נאָך אים, און אױב נישט זײַן זון װעט אים כאָטש זײַן אײדעם ירשענען.

ער האָט זיך צוגעבונדן צו זײַן יונגער טאָכטער מיט אַ ליבשאַפֿט וואָס איז טויזנט מאָל שטאַרקער פֿון לעבן און פֿון טויט. ער האָט טריט בײַ טריט נאָכגעקוקט ווי זי וואַקסט און ווערט גרעסער, און ווען מאַראָטי פֿלעגט אַוועקגיין אין וואַלד צי אויפֿן ברעג טײַך זיך שפּילן, קלײַבן בלומען, פֿלעגט ער בלײַבן זיצן ווי אַ פּאַראַליזירטער, די גאַנצע צײַט וואַרטן און זיך צוהערן צו אירע צוריקגייענדיקע טריט. אָפֿט מאָל, ווען מאַראָטי איז אַוועקגעגאַנגען, פֿלעגט ער אַרויסגיין פֿון בײַדל און צוליגן אַן אויער צו דער ערד כּדי ווײַטער און לענגער צו הערן אירע אַוועקגייענדיקע טריט. אַ שאַרפֿן געהער האָט טימבאָ־קאַמבאַ געהאַט. פֿאַר מײַלן ווײַט האָט ער געקאָנט דערשפּירן דעם לײַכטסטן טראָט אָדער שאָרך. צולייגנדיק דאָס אויער האַרט צו דער ערד האָט ער אַלע מאָל ריכטיק פֿאָרויסגעזאָגט וואָס פֿאַר אַ באַשעפֿעניש עס דערנענטערט זיך.

צווישן די טויזנטער קלאַנגען און שאָרכן, געמורמלען און אומבאַשטימטע באַוועגונגען פֿון וואַלד, האָט ער תּמיד דערשפּירט און דערקענט די לײַכטקייט פֿון אירע טריט, און ליגנדיק אין דרויסן מיט אַן אויער צו דער ערד צוגעלייגט אין דער ריכטונג וווּהין זײַן מאַראָטי איז אַוועק, האָט ער נאָכגעהאַלטן דעם יונגן טאַנץ פֿון אירע טריט ווען זי איז אַפֿילו מײַלן ווײַט געווען פֿון אים.

מאַראָטי איז געוואַקסן שיין, יונג און פֿריש, בויגזאַם ווי דער טשערעט בײַם נידעריקן ברעג פֿון פּאַראַנאַ, גרויס און חנעוודיק ווי אַ זאַפֿטיקע רײַפֿע טשירימאָיאַ. מיט איר וואַקסן האָט זיך לאַנגזאַם און אומבאַמערקט אָנגערוקט די עלטער אויפֿן קאַציק טימבאָ־קאַמבאַ. זײַנע פֿיס האָבן זיך באַוויגן ניט אַזוי לײַכט ווי מיט יאָרן צוריק, אָבער זיי זײַנען נאָך געווען פֿלינק גענוג נאָכצופֿאָלגן זײַן טאָכטער אין אירע שפּאַצירן אין ווײַטן וואַלד אַרײַן. זײַנע אויגן האָבן שוין ניט דורכגעשניטן די ווײַטקייט פֿונעם האָריזאָנט מיט אַזאַ שאַרפֿקייט ווי פֿריִער, אָבער זיי זײַנען נאָך געווען גענוג ווײַטזיכטיק צו דערזען די געשטאַלט פֿון זײַן טאָכטער אַ סך פֿריִער איידער זי איז צוגעקומען צו די בײַדלעך. די עלטער האָט זיך אָנגע־

רוקט אויפֿן בראַוון קאַציק: ער איז גרוי און ווײַס געוואָרן, אָבער ער האָט דאָס אַלץ ניט באַמערקט, אין גאַנצן אַ פֿאַרשלונגענער פֿון דער ליבשאַפֿט צו זײַן טאָכטער, אין גאַנצן פֿאַרטאָן אין דער אי־בערגעגעבנקייט צו איר.

און ווען זײַן ראיה איז שוואַכער געוואָרן און די פֿיס האָבן אים שוין פֿון עלטער ניט געדינט אַזוי ווי אַמאָל, איז ער אין גאַנצן פֿאַר־וואַנדלט געוואָרן אין געהער; זײַן גאַנצע נשמה איז פֿאַרשלונגען געוואָרן אין דער שאַרפֿקייט פֿון זײַן חוש השמיעה. עס האָט אויס־געזען אַז מיט דער עלטער איז זײַן אויער שאַרפֿער געוואָרן און אַז אין גאַנצן איז אים אין לעבן פֿאַרבליבן איין כּוח, איין לײַדנשאַפֿט: ליגן מיטן אויער צו דער ערד אויפֿן ריינעם, רונדן פּלאַץ צווישן די בײַדלעך און צוהערן זיך צו די הונדערטער קלאַנגען און שאָרכן וואָס די ערד ברענגט פֿון ווײַטנס צו זײַן שאַרפֿן, אָנגעשטרענגטן געהער. תּמיד האָט ער צווישן זיי אַלע דערקענט דעם קלאַנג פֿון די טריט פֿון זײַן שוועלבעלע, פֿון זײַן מאַראָטי, ווי ווײַט איר יונגער דראַנג צו לויפֿן און שפּאַצירן האָט זי ניט פֿאַרפֿירט אין וואַלד.

*

פּופּצן פֿרילינגס זײַנען פֿאַרלאָפֿן אין פֿרידן און אין רו פֿאַרן שבֿט פֿון די טימבוער.

ווען־ניט־ווען פֿלעגט זיך מאַכן אַ קליינער צוזאַמענשטויס מיט די יונגען פֿון די טאָבאַס, ווען זיי זײַנען געוואָרן צו געוואַגט און פֿלעגן צוגיין צו נאָענט צו די טימבוער בײַדלעך. דער אַלטער טימ־באָ־קאַמבאַ פֿלעגט דעמאָלט פֿירן זײַן יונגן חיל אין דער פֿאַרטיי־דיקונגס־מלחמה און אונטער זײַן פֿירערשאַפֿט פֿלעגן די יונגע קרי־גערס צוריקקומען מיט נצחון, טרײַבנדיק פֿאַר זיך קליינע מחנות געפֿאַנגענע וואָס מען פֿלעגט שפּעטער אויסשעכטן הינטער די בײַד־לעך ווי אַ קרבן פֿון דאַנקשאַפֿט צו די געטער און באַשיצערס צו־ליבן זיג איבער די פֿײַנד.

אָבער צו קיין גרויסע מלחמות איז עס ניט געקומען. די צע־

שלאָגענע און צעקלאַפּטע טאָבאַס האָבן ניט געוואָגט צו פֿאַרפֿירן קיין גרעסערן קריג; זיי פֿלעגן נאָר לויערן, באַפֿאַלן כיטרע און פּלוצלינג אין מיטן דער פֿינצטערער נאַכט. זיי פֿלעגן אָבער כמעט קיין מאָל ניט טרעפֿן אומגעריכט די טימבוער אונטער דער אָנפֿי־רונג פֿונעם אַלטן, פֿון שוואַרץ שוין גרוי געוואָרענעם טימבאָ־קאַמבאַ.

נאָך יעדער קאַמף אַזעלכן פֿלעגט דער קאַציק זיך אומקערן צו זיך אין בײַדל, דערוואַרטנדיק מיט ליבשאַפֿט אַז זײַן יונג שוועל־בעלע, מאָראַטי, זאָל אים ווי תּמיד שפּרינגען אויפֿן האַלדז, אים אַרומנעמען און אים גלעטן דעם קאָפּ מיט אירע צאַרטע, נאָך קינ־דישע הענט.

און אַז עס האָט ווען פּאַסירט אַז צוריקקומענדיק פֿון אַזאַ מין אויספֿלוג האָט ער ניט געטראָפֿן זײַן מאָראַטין אין בײַדל, פֿלעגט ער אַ באַצערטער אַרויס אויפֿן רונדן פּלאַץ צווישן די בײַדלעך און צונייגן דעם אויער, דעם אַלטן שוואַרצן אויער, צו דער ערד. ער פֿלעגט צומאַכן די אויגן, דעם אָטעם אײַנהאַלטן אַזוי לאַנג ווי מעג־לעך און אַזוי אָן באַוועגונג ליגן און הערן, ליגן און הערן: צי וועט אים די ערד ניט ברענגען, צווישן טויזנט אַנדערע שאָרכן און קלאַנ־גען, דעם אָפּקלאַנג פֿון זײַן טאָכטערס טריט?

פֿופֿצן פֿרילינגס בײַטן זיך. פֿופֿצן פֿרילינגס אויף די ברעגן פֿון פּאַראַנאַ און פּאַראַגווײַ... און פֿופֿצן פֿרילינגס, אַז זיי גייען פֿאַרבײַ פֿאַר אַ שיינער יונגפֿרוי מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן און מיט הייסן אָטעם וואָס שמעקט ווי דופֿט פֿון וואַלד־בלומען, ברענגען זיי דער יונגפֿרוי אויך אַן אומבאַקאַנט באַנג טאָן אין האַרצן, אַן אומפֿאַרשטענדלעכן דראַנג אין די געפֿילן.

זיי ברענגען פֿלאַם־פֿײַער אין בלוט און אַן אומבאַשטימטן גלי אין דער גאַנצער נשמה. עס ציט זי אָפֿטער צום וואַלד, צום טײַך. און בײַם טײַך האָט איין מאָל אַ שיינער טאָבאַ־מאַן, וואָס איז פֿון צווייטן ברעג אַריבערגעקומען, אין אַן אָוונט געפֿאַנגען איר האַרץ.

*

פּופּצן פּרילינגס זײַנען אַריבער און אויפֿן זעכצנטן, ווען דער אַלטער טימבאָ־קאַמבאַ איז איין מאָל בײַ נאַכט צוריקגעקומען פֿון יאַגד, האָט ער דאָס בײַדל געטראָפֿן ליידיק: די יאַגואַרן־פֿעל אַראָפּ־גענומען, דער אַרײַנגאַנג אָפֿן און זײַן שוועלבעלע מאַראָטי אַנטלאָפֿן.

— מיט וועמען? און וווהין?

— מיטן טאָבאַ־מאַן, דעם שׂונא — האָבן די פֿרויען פֿון אַרו־מיקע בײַדלעך אָנגעוויזן דעם קאַציק מיט די הענט אויפֿן וואַלד.

— ווער איז ער געווען, יענער פֿרעמדער?

— פֿון דעם צווייטן ברעג פֿון פּאַראַגווײַ. ער איז אַריבערגע־שווומען אין אַ רונד פֿעלן שיפֿל און אַראָפּ אויפֿן ברעג. מאַראָטי האָט אויף אים געוואַרט און איז גלײַך צוזאַמען מיט אים אַנטלאָפֿן אין וואַלד.

— האַ? אַ יונגער טאָבאַ־מאַן? אונדזער בלוטיקער פֿײַנד? דעם קאַציקס זון אַוודאי? אָט יענער וואָס האָט געמאַכט דעם לעצטן אָנ־פֿאַל, ווען זייערע אַ פֿײַל האָט מיר געטראָפֿן אין קנעכל? היי, ווײַ־בער, איר לײַגט ווי כיטרע פֿוקסן. מײַן טאָכטער מיט מײַן ערגסטן שׂונא? ס'אַ ליגן! מסתּמא איז מאַראָטי אַוועק ווי תּמיד אין וואַלד אויף אַ ווײַלע. זי וועט באַלד צוריקקומען...

און ווי דערשלאָגן פֿון וויי און צער, אָן ווילן, ניט טראַכטנדיק, גלײַך ווי ער וואָלט פֿאַרלוירן דעם פֿאַרשטאַנד, האָט דער אַלטער טימבאָ־קאַמבאַ אין דרויסן אויף דער ערד זיך אַנידערגעוואָרפֿן. דעם אויער זײַנעם דעם שוואַרצן האָט ער צוגעלייגט צו דער ערד און ער האָט זיך צוגעהערט צו די טויזנט קלאַנגען וואָס די ערד האָט אים געבראַכט אין דעם שטילן רויִקן אָוונט.

— אירע טריט! איך הער אירע טריט! — האָט ער פּלוצלינג אויסגעשריִען און איז אויפֿגעשפּרונגען. — אָבער די טריט דער־ווײַטערן זיך, זייער אָפּקלאַנג ווערט שוואַכער — האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום ווידער צו דער ערד געוואָרפֿן.

און פּלוצלינג האָט ער אויסגערופֿן:

— כ׳וועל זיי אָניאָגן! כ׳וועל זיי ביידע טויטן!
און ער איז אַוועק אין וואַלד און איז פֿאַרשוווּנדן.

*

אַכט טעג איז ער ניט געווען.

אַכט טעג האָבן די עלטסטע פֿון שבֿט אַרומגעזוכט דעם אַלטן קאַציק וואָס פֿלעגט פֿירן צום זיג זייערע חיילות. אַכט טעג האָט מען אים געזוכט אין די געדיכטענישן פֿון די אַרומיקע וועלדער, און אויפֿן נײַנטן טאָג האָט מען אים געפֿונען:

אַ פֿאַרשטאַרטער, אַ פֿאַרגליווערטער צום טויט, איז ער געלעגן אויף אַ בלויז אין מיטן דער וואַלד־געדיכטעניש, דאָרט ווו די ערד איז הויל פֿון ביימער־וואָרצלען און פֿון גראָזן. פּונקט ווי ער פֿלעגט אָפֿט טאָן בײַם לעבן, האָט ער געהאַלטן דעם אויער צוגעלייגט צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיך צוגעהערט צו די טויזנטער שאָרכן און קלאַנגען וואָס קומען צו אים פֿון וואַלד, ווי ער וואָלט וועלן צווישן זיי דערשפּירן, דערהערן, דערקענען די טריט פֿון זײַן שוועלבעלע מאָראָטי, וואָס איז אַוועק פֿון אים אויף אייביק, אַוועק אין פֿאַרראַט.

און אַז די זקנים פֿון שבֿט האָבן אויפֿגעהויבן זײַן גוף פֿון דער ערד כּדי אים צוריקצוברענגען אין די בײַדלעך און דאָרטן אים אָפּגעבן דעם כּבֿוד וואָס קומט אַ טויטן קאַציק, האָט קיינער ניט באַמערקט ווי דער שוואַרצער אויער פֿונעם אַלטן טויטן טימבאָ־קאַמבאָ איז געבליבן ליגן, אַן אָפּגעריסענער, צוגעקלעפּט צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיך וועלן ביז אייביק אײַנהערן אינעם קלאַנג פֿון זײַן ליבער, פֿאַררעטערישער טאָכטערס ווײַטע טריט.

*

אַז מען האָט דעם טויטן קערפּער געבראַכט צווישן די בײַדלעך און זיך דאָרטן געכאַפּט אַז עס פֿעלט דער רעכטער אויער, זײַנען די זקנים צוריקגעלאָפֿן אין וואַלד צום אָרט ווו זיי האָבן געפֿונען טימבאָ־קאַמבאָס גוף.

זיי האָבן אָבער שוין דאָרטן דעם אויער ניט געפֿונען:

אויפֿן פּלאַץ האָבן זיי געזען אַרויסשפּראָצן אַ נײַ געוויקס, פֿון וועלכן עס איז אויסגעוואַקסן אַ בוים. האָבן אים די טימבוער אַ נאָמען געגעבן טימבאָ, צום אָנדענק פֿון זייער רומפֿולן אומגליקלעכן קאַציק.

און זיי האָבן געזען אַז יעדער צווײַג פֿונעם בוים ברענגט קערנער זריעה וואָס זײַנען ענלעך צו אַן אויער פֿון אַ שוואַרצן. האָט מען זיי אָנגערופֿן קאַמבאַ־נאַמבי, אין אָנדענק פֿון דער טרײַשאַפֿט פֿונעם שאַרף הערנדיקן קאַציק.

און פּונקט ווי אַן אויער, נעמען די קערנער אויף און זיי זאַפּן־אײַן אין זיך די קלאַנגען פֿון וואַלד וואָס דער ווינט ברענגט צו זיי פֿון אַלע פֿיר עקן רוים. אייביק הערן זיי זיך צו צו די טויזנטער שאָרכן און קלאַנגען.

און זיי גיבן־איבער די קלאַנגען דעם גײַסט פֿונעם קאַציק טימבאָ, וואָס שוועבט־אַרום אין וואַלד אין יענע ערטער: שוועבט־אַרום און געפֿינט קיין רו ניט — זײַן טאָכטער זוכט ער.

ווער ווייס צו וואָס? צוליב ליבע אָדער צוליב נקמה?

און אַז ער וועט ענדלעך דערשפּירן דעם אָפּקלאַנג פֿון אירע אַנטלויפֿנדיקע טריט — וועט דער בוים פֿון שוואַרצן אויער פֿאַרטריקנט ווערן און שטאַרבן.

דאָס וועט אָבער קיין מאָל ניט געשען, ווײַל אַ יונגפֿרוי וואָס איז מיט איר געליבטן אַוועק און זיך ניט אָפּגעהאַלטן פֿאַר פֿאַרראָט קעגן אירע אייגענע, וועט זיך קיין מאָל ניט צוריקקערן צו איר פֿאָטערס נעסט.

קיין מאָל ניט.

# פרץ בן משה סמאָלענסקין

„לכן ידעו כולם מראש, כי כאשר נטיתי את ידי על המת־קדשים החנפים אשר יתכסו בבגד קודש והמה תחת שואה התגלגלו להשבית דעת מבית יעקב, כן גם ארים ידי על המתחכמים הצבועים אשר ידיחו את בני ישראל בחלקת לשון מאחרי ירושת אבותיהם". (זאָלן זיי זשע וויסן אַלע פון פאָרויס, אַז פונקט ווי איך וועל נייגן מײַן האַנט קעגן די פאַלשע פרומאַקעס, פאַר־קלײדטע ווי הייליקע, און אין דער אמתן זײַנען זיי וויסט און לער און זיי שטרעבן צו פאַרשטערן וויסן פון יעקבס הויז, אַזוי וועל איך הייבן מײַן האַנט אויף די געבילדעטע צבועקעס וואָס מיט דער גלאַטקייט פון זייערע רייד טוען זיי אַוועקשטויסן די ייִדן פון דער ירושה פון זייערע עלטערן).

— פון 1טן נומער „השחר", דער פּראָגראַם־אַרטיקל 1868.

ט"ז שבט הײַיאָר ווערט פאַרצייכנט אַכציק יאָר זינט ס'איז אין מייראַן געשטאָרבן — אין דער יונגער עלטער פון דרײַ און פערציק יאָר — פרץ בן משה סמאָלענסקין, דער שרײַבער און בעלעטריסט; אַליין אַ משכּיל, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער השׂכּלה ווען זי איז נאָך געווען אין פולן ברען אין רוסלאַנד, פוילן און גאַליציע.

כּמעט אין דער זעלביקער צײַט האָט ער געקעמפט פאַר אַ פול, געזונט, וועלטלעך נאַציאָנאַל לעבן און אויך פאַר ארץ־ישׂראל אין דער פאָרעם פון חיבת־ציון, דער ערבֿ ציוניזם פון פאַר דעם הערצל־פּעריאָד. ער איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן דער צוריקגעשטאַנענ־קייט פון דעמאָלטיקן ייִדישן לעבן; קעגן דער איבערגעטריבענער

פֿרומקייט פֿונקט ווי קעגן די רעליגיעזע רעפֿאָרמעס אינעם מערבֿ־ייִדנטום; קעגן חסידיזם, ריכטיקער: צדיקיזם, וועלכן סמאָלענסקין האָט געזען און געקענט נאָר אויסערלעך, מחמת ער האָט נישט באַוויזן אַרײַנצודרינגען און אויפֿצונעמען זײַן תּוך, זײַן אינערלעכן מהות, די נשמה פֿון חסידות.

זײַנע ווערק, די בעלעטריסטישע ווי די פּובליציסטישע: דער „התּועה בדרכי החיים", דער „קבֿורת חמור", דער „נקם וברית", דער „שׂמחת חנף" און אַנדערע ראָמאַנען און דערציילונגען, זײַנע מאמרים „עת לטעת" און דער „עם עולם" געהערן שוין לאַנג צו די נכסי צאן ברזל, צו די אייביקע ווערק פֿון אונדזער אומה: זיי זײַנען געוואָרן נאַציאָנאַלע ווערטן. און ער אַליין, דער קעמפֿער אויף צוויי פֿראָנטן, האָט לאַנג שוין באַקומען אַ בכבֿודיק אָרט אינעם גײַסטיקן פּאַנטעאָן פֿון אונדזער פֿאָלק. אין 1952 זײַנען זײַנע ערדישע רעשטן געבראַכט געוואָרן אויף אייביקער רו קיין מדינת ישׂראל. זײַנע ווערק ווערן שטודירט און געפֿאָרשט; מען לייענט זיי אין די שולן און מען שטודירט זיי אין העברעיִשן אוניווערסיטעט. עס איז וועגן אים זייער פֿיל געשריבן און גערעדט געוואָרן פֿון דער קאַטעדרע פֿון ייִדישע מיטל־און הויכשולן, פֿון אָנהענגערס ווי פֿון קעגנערס. מײַן כּוונה אין די שורות איז נישט עפּעס מחדש צו זײַן — דאָס איז שוין זייער שווער — אין סמאָלענסקיס משנה. איך בין אויסן נאָר אָפּצופֿרישן אין זכּרון פֿון די לייענערס פֿון אונדזער דור זײַן נאָמען און זײַנע טאַטן.

אונדזער דור, באַזונדערש אין די תּפֿוצות, האָט אים זייער ווינציק געלייענט; איז כּדאַי צו דערמאָנען זײַן אָנדענק צו זײַן גבֿורות־דיקן יאָרצײַט. פֿלעגן דאָך אונדזערע פֿרומע עלטערן לערנען פּרקים משניות מיט די אותיות „נשמה" אין די יאָרצײַטטעג פֿון זייערע ליבסטע און טײַערסטע און אויך אין די יאָרצײַטטעג פֿון די גדולי ישׂראל, כּדי אַרויפֿצוברענגען אין זכּרון זייער הייליקן אָנדענק און מקיים צו זײַן וואָס די חז"ל האָבן אויסגעדריקט אין זייער דרוש אויפֿן פּסוק „דובֿבֿ שׂפֿתי ישנים" (ער מאַכט ריידן די ליפּן פֿון די שלאָפֿנדיקע): דורכן דערמאָנען תּורה־רייד פֿון געשטאָרבענע מאַכט מען ריידן

זייערע ליפּן אין קבֿר. על־כּן זאָלן די שורות דינען ווי אַ דערמאָנונג וועגן דעם גרויסן קעמפֿער פֿאַר דער געשטאַלטיקונג פֿון וועלטלעכער ייִדישקייט און פֿאַר ליבשאַפֿט צו אַן אייגענער ייִדישער מלוכה, סמאָלענסקין, אין זײַן אַכציקסטן יאָרצײַט.

*

ווער פֿון די דאָזיקע צוויי אָדער דרײַ ייִדישע דורות האָט זיך דען נישט געוואָרעמט בײַם פֿלאַם פֿון זײַנע ווערק? ווער פֿון דער דעמאָלטיקער ייִדישער יוגנט האָט אים דען נישט געלייענט? די גאָר ערשטע אפֿשר אין געהיים, די שפּעטערדיקע — שוין נישט אין געהיים. נישט געקוקט אויפֿן סטיל, וואָס איז נאָך היפּש באַווירצט מיט מליצות און טיילן פּסוקים, האָט דער יונגער לייענער געזוכט אין די ווערק צו געפֿינען אַ וועג אַ נײַעם, אַנשטאָט דעם פֿריִערדיקן וועג פֿון אַ ישיבֿה־בחור אָדער אַ בית־מדרשניק, וואָס ער האָט זיך געקליבן אויסצובײַטן אויפֿן דרך פֿון וועלטלעכער בילדונג.

פֿון מײַן ווײַטער קינדהייט טויכט־אויף אין מײַן געדאַנק אַ דערמאָנונג: נער הייתי, איך בין דאַן געווען אַ ייִנגל פֿון אַזעלכע נײַן יאָר; מײַן פֿאָטער, עליו השלום, וואָס האָט מקיים געווען אין דער פֿולער מאָס דעם „ושננתּם לבֿניך", האָט זיך אַ יאָר געקנעלט מיט מיר געקליבענע דפֿים פֿון דער גמרא בבא קמא. איך האָב דאַן שוין געהאַט דורכגעמאַכט כּמעט גאַנץ תּנך און געלייענט אויך אַ סך העברעיִש. מײַן פֿאָטער ע"ה, איז טאַקע געווען פֿרום, אָבער נישט קיין פֿרומאַק. בײַ אַ פּריוואַטן לערער האָב איך געלערנט רוסיש און חשבון. עס האָט געהאַלטן בײַם לעצטן יאָר פֿון פֿריִערדיקן יאָרהונדערט. תּורה, תּלמוד, העברעיִש — געוויס אין אַ פֿולער מאָס, אָבער וועלטלעכע בילדונג טאָר נישט און זאָל נישט זײַן אין סתּירה צו דעם. „האָבן דאָך די תּנאים געקענט די רוימישע שפּראַך און די יוונישע פֿילאָסאָפֿיע, טאָ פֿאַר וואָס זאָל מען עס נישט טאָרן לערנען אין אונדזערע דורות?" — איז געווען מײַן פֿאָטערס ז"ל פֿאַרענטפֿערונג אויפֿן „ווידעראַנאַנד" וואָס זײַנע פֿרומע חבֿרים פֿלעגן אים פֿרעגן וועגן דעם.

איין מאָל אַ טאָג, דאָס איז געווען אין דעם פּסחדיקן „בין הזמנים", האָט ער מיר געבראַכט צו לייענען אַ שיין געבונדן דיקלעך העב־רעיִש בוך:

— נאָ, זון מײַנער, דאָ האָב איך דיר געבראַכט סמאָלענסקינס „התועה", די ערשטע צוויי טיילן. איך האָב עס געליִען פֿאַר דיר... לייען עס מיט קאָפּ און דער עיקר... מיט שׂכל, מיט הבֿחנה. קענסט פֿון דעם האָבן נוצן. מיר ווינען דאָך אין אַ שטאָט וואָס איז פֿול מיט חסידים, וועסטו פֿון דעם בוך, צווישן פֿיל אַנדערע זאַכן, קענען אויך לערנען וועגן דעם ריכטיקן ווערט פֿון דער פֿאַלשער תּורה פֿון חסידות און דעם פֿאַרהייליקן כּלערליי „צדיקים און גוטע ייִדן", גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען, רחמנא ליצלן, עירין וקדישין... אָבער לייע־נענדיק סמאָלענסקינס בוך זאָלסטו זיך סטאַרען, ווי ווײַט דו קענסט, צו געדענקען די האַלטונג פֿון דעם תּנא ר' מאיר ז"ל לגבי זײַן גע־וועזענעם רבין אלישע בן אַבֿויה, וועגן וועלכן די גמרא דערציילט: „תּוכו אָכל וקליפּתו זרק" — ער האָט פֿאַרדײַעט דעם תּוך פֿון זײַן אַמאָליקן רבינס תּורה, אָבער די שאָלעכץ האָט ער אַוועקגעוואָרפֿן... נישט אַלץ וואָס ער דערציילט אין דעם „התועה" איז, פֿאַרשטייט זיך, קודש־קדשים; נישט אַלץ זאָלסטו אָננעמען פֿאַר ריכטיק און וויכטיק. אָבער אַ ייִדיש בחורל, וואָס לערנט און לייענט העברעיִש און רוסיש, דאַרף אויך לייענען און וויסן, וואָס סמאָלענסקין באַשרײַבט און וואָס מאַפּו דערציילט"...

שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן, האָב איך מיר אָפּגעגעבן חשבון, אַז מײַן פֿאָטער האָט מיר „צוגעשאַרט" דאָן צו לייענען סמאָלענסקין איבער זײַן עקסטרעמער שׂנאה צו חסידים און חסידות. ער איז געווען אַן איבערגעצײַגטער מתנגד, אַן אומבאַדינגטער אָנ־הענגער פֿון דער תּורה פֿונעם ווילנער גאון און פֿון זײַנע תּלמידים, און נישט סתּם אַ מתנגד, נאָר אַ קעמפֿער קעגן חסידים און חסידות. אין טשערקאַס, אַ שטאָט פֿון חסידים, ווו ס'האָט אַמאָל געפֿירט זײַן מלכות־חסידות ביד רמה ר' יעקבֿ־ישׂראל ז"ל, איינער פֿון דער טווערסקי־דינאַסטיע פֿון צדיקים וואָס מען האָט גערופֿן „שבֿעת קני

המנורה" (די זיבן רערן פֿון דער מנורה — זיבן ברידער וואָס האָבן „געקיניגט" אין פֿאַרשיידענע שטעט אין אוקראַינע), איז נישט געווען לײַכט צו זײַן אַ קעמפֿערישער מתנגד. איך האָב געהאַט אַ סך חבֿרים, קינדער פֿון חסידישע הײַזער, האָט מײַן פֿאָטער ע"ה אַ פּנים מורא געהאַט איך זאָל נישט אַרונטערפֿאַלן אונטער עמעצנס השפּעה און חלילה נישט נתפּס ווערן צו דער חסידישער „כּת" אָדער „מינות". האָט ער משמעות אין סמאָלענסקינס „התּועה" געזען אַ שטאַרקע הילף, אַ מין תּנא דמסייע לו, מיך צו פֿאַרהיטן.

*

דעם „התּועה" האָב איך אײַנגעשלונגען ווי אַ דאָרשטיקער טרינקט וואַסער. נאָך דעם איז געקומען סמאָלענסקינס „קבֿורת חמור", דערנאָך זײַן „שׂמחת חנף", וואָס די פֿילאָסאָפֿיע פֿון דעם האָב איך דאַן נישט גאָר גרינגלעך פֿאַרשטאַנען. שוין ווי אַ בחור האָב איך אים געלייענט פֿון דאָס נײַ אין זײַן „נקם ברית" און „גמול ישרים", און גאָר שפּעטער אין זײַנע פּובליציסטישע אַרבעטן „עת לטעת" און דעם „עם עולם"... ביז... ביז מײַן נײַגעריקייט האָט מיך געטריבן זיך צו גריבלען אין אַן אַלטער קאָלעקציע פֿון „השחר", וואָס אַ ייִד פֿון אונדזער שטאָט, אַ גבֿיר און אַ משׂכּיל, האָט פֿאַרמאָגט אין זײַן ביבליאָטעק...

סמאָלענסקין איז אין יענע ערשטע יאָרן פֿון איצטיקן יאָרהונדערט געווען פֿאַר מיר דער געלייענטסטער און באַליבטסטער העברעיִשער שרײַבער.

און מיט יאָרן שפּעטער, שוין אַ בר־מצווה־בחור וואָס האָט אַליין געדאַרפֿט אויסקלײַבן פֿונעם „שאגת אריה" אַן ענין פֿאַר אַ דרשה צו זײַן בעל־מצווה, האָב איך אויך ערגעץ ווו געלייענט וועגן סמאָלענסקינס לעבן, וועגן זײַן שווערער דאָליע ווי אַ יתום, וועגן זײַנע וואָגלענישן אין ליבאַוויץ, שפּעטער אין אָדעס; וועגן זײַן קאַמף פֿאַר לעבן און השׂכּלה ווי דער שרײַבער און רעדאַקטאָר פֿון „השחר" אין משך פֿון זיבעצן יאָר. און איך האָב אים נאָך מער פֿאַרגעטערט.

איך האָב געזען אין אים אַן אמתן מאַרטירער און געטראַכט האָב איך: „ער האָט געקעמפּט אויף צוויי פראָנטן. זיבעצן יאָר האָט ער אין זײַן קאַמף ממש געברענט ווי אַ סנה. לײדער אָבער איז מיט דעם משה ניט געשען דער נס וואָס מיט משה רבנו; דער סנה איז יאָ פאַרברענט געוואָרן, נאָך זיבעצן יאָר קאַמף פאַר לעבן און שווע־רער האָרעוואַניע; און ער איז אין גאַנצן 43 יאָר אַלט געווען.

קינדישע מחשבות וועגן אַ באַליבטן שרײַבער. אין מײַנע קינ־דער־יאָרן און ביז די ערשטע פרײַע יאָרן נאָך בר־מצווה איז סמאָ־לענסקין געווען פאַר מיר דער גרויסער קעמפער קעגן די „פינצ־טערלינגען" און פּרומאַקעס, אָבער גלײַכצײַטיק אויך קעגן דער מערב־אַסימילאַציע, וואָס פאַרניינט אַלץ וואָס אונדז איז הייליק און איז געווען אפשר דער ערשטער טרוימער וועגן אַ ייִדישער מלוכה אין ארץ־ישׂראל.

דערמאָן איך זיך וואָס פאַר אַ טיפן צער איך האָב געפילט, ווען איך האָב מיט פיל יאָרן שפּעטער איבערגעלייענט פרישמאַנס ביכל „תוהו ובוהו". ער האָט געצילט אַרונטערצורײַסן סמאָלענסקינען, נישט אַזוי איבער זײַן תורה און געדאַנקען־גאַנג, ווי איבער זײַן סטיל, וואָס האָט נישט נושׂא חן געווען אין די אויגן פונעם אייראָ־פּעער פרישמאַן, באַשר „עס איז ישיבֿה־בחורדיק גרויסן זיך", באַשר „עס איז נישט געגנוג קלאָר עקספּאָנירט" אָדער „עס איז נישט הונ־דערט־פּראָצענטיק אייראָפּעיִש..."

פאַר מיר איז עס דאַן געווען ווי אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, ווי מען וואָלט פאַרשוועכט דעם אָנדענק פון איינעם וואָס איז פאַר מיר געווען ווי אַ הייליקער.

„די אידישע צײַטונג", 4טער פעברואַר 1965

# אַן אתרוג פאַרן ווילנער גאון

מײַן פֿאָטער, זכרונו לברכה, איז געווען אַ גרויסער חסיד פֿונעם אָנדענק פֿון ווילנער גאון ז״ל. אַליין פֿון ליטווישן שטעטל קעלם — נישט ווײַט פֿון דער גרעסערער קרײַזשטאָט שאַוול — האָט ער פֿון דער עלטער פֿון עטלעכע און צוואַנציק יאָר געלערנט אין טשערקאַס, אַ באַדײַטנדיקע אוקראַיִנישע שטאָט, בײַם ברעג דניעפּער, צווישן קיִעוו און דער גרויסער און דעמאָלט שטאַרק ייִדישער שטאָט קרע־מענטשוק. ער האָט געהערט צו יענע ייִדן וועגן וועלכע דער זיידע מענדעלע מוכר־ספֿרים וואָלט געזאָגט, אַז „זיי האָבן אַנטדעקט וואָלין״, וואָרעם ער איז געווען פֿון די ערשטע טיף־ליטווישע ייִדן, וואָס האָבן עמיגרירט קיין אוקראַיִנע. און הגם ער האָט דרײַ־פֿערטל פֿון זײַן לעבן געלעבט אין דרום־רוסלאַנד, פֿלעגט ער אָבער ביז די לעצטע יאָרן תּמיד ריידן און דערציילן וועגן ייִדישן לעבן אין יענע מקומות, אין דער ליטע, אין „זשאַמוט״ און איבער הויפּט אין ווילנע, ווו ער איז קינדווײַז געקומען לערנען, „זיך וואַלגערן במקום תּורה״, און וועגן דער וואָלאָזשינער ישיבֿה, ווו ער איז אָנגעקומען אין עלטער פֿון אַ יאָר זיבעצן און האָט געלערנט דאָרט די לימודי גפ״ת (גמרא, פּוסקים, תּנך) ווי אַ מתמיד, היפּשע עטלעכע יאָר.

די וואָלאָזשינער ישיבֿה איז געגרינדעט געוואָרן, כּידוע, דורך דעם הגר״אס (הגאון ר׳ אליהוס) תּלמיד, וואָס איז געווען זײַן רעכטע האַנט בעת דער גרויסער מחלוקת און וויכּוחים צווישן דעם ווילנער גאון און זײַנע תּלמידים פֿון איין זײַט, און דאָס חסידות, פֿון דער צווייטער זײַט, וואָס האָט לאַנגזאַם און שווער זיך גענומען פֿאַר־שפּרייטן אויך אין דער ליטע און אין ווײַסרוסלאַנד.

אין וואָלאָזשין האָט מען אין די יאָרן ווען מײַן פֿאָטער איז גע־קומען אַהין, שטאַרק אָפּגעהיט דעם אָנדענק פֿון גאון און פֿון זײַן תּלמיד ר׳ חיים וואָלאָזשינער. אין דער ישיבֿה האָט מען תּמיד אָנ־געהאַלטן די טראַדיציע פֿונעם ווילנער גאון, זײַן שיטה אין לערנען תּלמוד און פּוסקים אָן פּוסטע און איבעריקע פּילפּולים, נאָר על דרך הפּשט: מיט עמקות און התמדה, אָבער אָן האָרשפּאַלטנדיקן פּילפּול צוליב דעם פּילפּול אַליין. אויך דעם גאונס באַציִונג צו חסידות איז געווען שאַרף און שטאַרק קענטיק אין וואָלאָזשין. די וואָלאָזשינער „בחורים" האָבן פֿון דאָרטן מיטגענומען אין לעבן אַ שאַרפֿע פֿאַרניי־נונג און אַן אַקטיווע קאַמפּפֿירונג קעגן חסידות און קעגן „צדיקים". פֿאַר מײַן פֿאָטער, וואָס האָט געלעבט אין אוקראַיִנע, אין דער געגנט ווו ס׳האָט חסידיש „געקיניגט" די טווערסקי־משפּחה, איז פֿירן מל־חמה קעגן חסידים און „גוטע ייִדן" געווען ממש אַ מצווה, אַ צוגאָב־מצווה נאָך די תּרי״ג.

דער ווילנער גאון, דער הגר״א, איז געווען זײַן צדיק. ער פֿלעגט אָפּהיטן דעם גאונס יאָרצײַט: אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז עס געווען שמיני עצרת. אָבער מײַן פֿאָטער פֿלעגט אָפּהיטן דעם יאָרצײַט אַ טאָג אָדער צוויי נאָך סוכּות. ער פֿלעגט דערציילן מעשׂיות און עפּיזאָדן וועגן דעם גאון און מיט מיר, זײַן מיזיניק, פֿלעגט ער איבערלערנען, אין די שפּעטערדיקע יאָרן שוין, אויסטערלישע תּורות און פּשטלעך, וואָס מען פֿלעגט חזרן אין דער וואָלאָזשינער ישיבֿה ווי אָריגינעל אָפּשטאַמיקע פֿונעם גאון. אַ סך פֿון די תּורות האָבן זיך נאָך דערהאַלטן אין מײַן זכּרון, אפֿשר צוליב זייער אויס־טערלישקייט און אפֿשר — גירסא דינקותא...

ווען איך בין שוין געווען ווײַט נאָך בר־מצווה און האָב שטי־לערהייט, בלומרשט באַהאַלטענערהייט, געלייענט השׂכּלה־ביכלעך, האָט די דאָזיקע ווענעראַציע פֿון מײַן פֿאָטער און פֿון די ייִדן פֿון זײַן שול — די „ליטווישע" שול, די איינציקע מתנגדישע נוסח־אַשכּנז פֿון די זיבעצן בתּי־מדרשים און קלויזן אין שטאָט — פֿאַר דעם ווילנער גאון, מיר אויסגעזען ניט־לאָגיש, נישט־אויסגעהאַלטן

און אַ היפּש ביסל אויך ... צבֿיעותדיק. האָב איך איין מאָל מעיז געווען און אַ פֿרעג געטאָן מײַן פֿאָטער:

— דו מאַכסט חוזק און שפּעטסט פֿון חסידים הלמאַי זיי פֿאַר־געטערן, פֿאַרהייליקן יעדערער „זײַן" צדיק; ביסט מבֿטל חסידות ביזן סוף. און אַליין, אין דײַן מתנגדות, ביסטו דאָך אויך אַ חסיד... דײַן „גוטער ייִד" איז דער גאון ר' אליהו פֿון ווילנע. פֿאַר דיר איז ער דאָך מער ווי אַ צדיק און קדוש; דו רעדסט וועגן זײַן אָנדענק ווי וועגן אַ מלאך־אלהים ממש. דו זאָגסט־איבער זײַנע תורות, רעדסט מיט התפּעלות וועגן זײַנע אויפֿטועונישן — טאָ וואָס זשע האָסטו טענות צו חסידים?

— אָבער קיין „מופֿתים" דערצייל איך נישט וועגן גאון — האָט מײַן פֿאָטער געלאָסן מיר געענטפֿערט (כּעס איז עבֿודה־זרה...). תּורה, חידושי־תּורה, לומדישע ענינים, אָבער נישט וועגן... מפֿקד זײַן עקרות. חוץ דעם איז עס דאָך עפּעס דער ווילנער גאון, נישט אַבי וועלכער „גוט ייִדל". אַגבֿ איז ער דאָך שוין לאַנג אין גן־עדן, נישט ווי זיי, פֿאַרן לעבן... און קיין טישן האָט ער נישט געפּראַ־ווענט און קיין שיריים האָט מען פֿון זײַן טעלער נישט געכאַפּט... אַ פֿאַרגלײַכעניש אַ ביסל. בײַם גאון האָט מען נישט געצאָלט קיין פּדיונות פֿאַר אַ קוויטל... ווי בײַ די דאָזיקע „צדיקים", וואָס זייער לומדות — זאָל גאָט מיך ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד — איז, בדרך־כּלל, שטאַרק בצריך עיון...



עס האָט מיר אויפֿגעטויכט אין זכּרון אַ מעשׂה אין פֿאַרבינדונג מיטן ווילנער גאון, וואָס איך האָב געהערט פֿון מײַן פֿאָטער און איך וועל זי דאָ איבערדערציילן, ווי ווײַט מעגלעך, מיט זײַן לשון און סטיל, וואָס איך האָב גוט פֿאַרגעדענקט.

איך בין דאַן אַלט געווען אַכט יאָר. כ'דערמאָן מיך: ס'איז געווען מוצאי־יום־כּיפּור. אין דער ליטווישער שול האָט מען נאָר וואָס, אויף שנעל, געהאַט פֿאַרענדיקט דעם וואָכעדיקן מעריבֿ פֿון מוצאי־יום־כּיפּור. דער עולם, מיד און מאַט פֿון דעם תּענית און פֿון כּמעט אַ

מעת־לעת תּפילות, שטייענדיק לאַנגע שעהען אויף די פּיס אין דער אָנגעפּאַקטער שול, האָט גלײַך ווי מ׳האָט פֿאַרענדיקט דעם מעריבֿ, זיך ראַפּטאָם אַן אײַל געטאָן צו דער טיר. פּלוצלינג האָט זיך דער־הערט אַ שטאַרקער קלאַפּ אויפֿן שולחן פֿון באַלעמער: דאָס האָט דער שמשׂ משה־לייב, אַ ייִד מיט אַ געלער באָרד, אַ הויכער און אַ גבֿר, געגעבן דעם קלאַפּ, כּדי עפּעס מכריז און מודיע צו זײַן. דער עולם איז געבליבן אַ הרף־עין שטיין:

— אין נאָמען פֿון גבאי־ראשון בין איך מכריז ומודיע אַלע מת־פּללים, אַז הײַנטיקס יאָר סוכּות פֿאַלט־אויס דער הונדערטסטער יאָר־צײַט פֿון דעם ווילנער גאון, זכר צדיק וקדוש לברכה. אם ירצה השם, נאָך יום־טובֿ, וועט מען אָפּריכטן, ווי דער דין און דער מנהג, אין אונדזער שול דעם דאָזיקן הייליקן יאָרצײַט. און איצט ווינטשן מיר אַלע באַלעבאַטים אַ חתימה־טובֿה און זאָל יעדער ייִד געדענקען, אַז באַלד נאָכן אָפּפּאַסטן דאַרף מען, על־פּי דין, אָנהייבן זיך מתעסק צו זײַן אינעם בנין פֿון דער סוכּה...

דער עולם האָט ווי אַ כוואַליע אַרויסגעגאָסן זיך פֿון שול אין גאַס אַרויס, אָבער אַנשטאָט צו לויפֿן אַהיים, האָט מען פֿריִער זיך אויסגעשטעלט אין גרופּעס מחדש צו זײַן די לבֿנה.

נאָך וועטשערע האָב איך געוואַרט מײַן פֿאָטער זאָל אַרויס אין הויף און — ווי ער פֿלעגט יעדער יאָר עס טאָן נאָך מוצאי־יום־כּיפּור — אָנהייבן זיך פֿאָרען אָדער גרייטן צו בויען די סוכּה: פֿאַרגראָבן אַ פֿלאָקן, אַ סלופּ, ווו עס וועט זײַן דער אַרײַנגאַנג צו דער סוכּה. אין די שכנישע הייפֿן האָט זיך שוין געטומלט דערמיט; בײַ אָנגע־צונדענע לאַמטערנעס האָט מען געזען און געהערט ווי מען פֿאַרגראָבט פֿלאָקנס, ווי מען שלעפּט ברעטער, מען שטעלט־אויף ווענט, מען קלעטערט — מצוות סוכּה!

מײַן וואַרטן אָבער איז געווען אומזיסט. דער טאַטע האָט גאָר אַרויסגענומען פֿונעם ספֿרים־אַלמער אַ גמרא פֿון דעם אַלטן זשיטאָ־מירער ש״ס וואָס ער האָט געהאַט; אויפֿגעמישט אין איר און, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין, האָט ער אַ זאָג געטאָן: — הײַנטיקס

יאָר וועל איך אָפּלייגן ס׳אָנהייבן בויען די סוכּה אויף מאָרגן אם ירצה השם, און אינעם יאָר פֿון דעם הונדערטסטן יאָרצײַט פֿון גאון ז״ל, וועל איך זיך נוהג זײַן ווי ער: מוצאי־יום־כּיפּור לערנען מסכתא סוכּה עד גמירה. מען דאַרף זיך צו אײַלן: טאַקע נישט קיין גרויסע מסכתא, אָבער מ׳דאַרף דאָך האָבן עטלעכע שעה... ביזן מנין ותיקון פֿון מאָרגן „צום דערגאַנצן גאָט ברוך הוא נאָמען״ מוז מען פֿאַרענ־דיקן דאָס לערנען...

איך האָב אָנגעשטעלט אויף מײַן פֿאָטער אַ פּאָר פֿרעגנדיקע בליקן:

— סאַראַ מאָדנער נאָמען, טאַטע! צו דערגאַנצן גאָטס נאָמען? מה טעם?

— יאָ, קינד מײַנס! דעם טאָג נאָך יום־כּיפּור רופֿט מען אין דער ליטע „צום דערגאַנצן גאָט ברוך הוא נאָמען״ און יעדן פֿלעגן דאָרטן, אין ליטע, אין דער פֿרי, אָנפֿילן די שולן גלײַך ווי אין אַ גרויסן יום־טובֿ צו יזכור צו...

— אָבער פֿאַר וואָס אַזאַ משונהדיקער נאָמען?

— אין וואָלאָזשינער ישיבֿה האָט מען דאָס אונדז אויפֿגעקלערט, אין נאָמען פֿון דעם גאון ר׳ אליהו. כּידוע האָט דער שׂטן נישט קיין האַפֿט, נישט קיין שליטה יום־כּיפּור מקטרג צו זײַן. די תּפֿילות און די עינויים אינעם הייליקן טאָג זײַנען גובֿר אַלע זײַנע מחזקות. האָפֿט ער, דער סמאל, צו קענען זיך „אָטכּײַען״, קומען ווידער צו זיך אויף מאָרגן: ס׳איז אַ וואָכעדיקער טאָג, יעדן האָבן זיך שוין אויסגעבעטן אַ גוט יאָר, וועט מען שוין מסתּמא נישט קומען אַזוי האַסטיק אין די שולן. אַ סך יעדן ווילן אָפּכאַפּן דאָס דאַוונען אין דער היים, כּדי שנע־לער קענען גיין אין קראָם, אָדער צו דער מלאכה... פּרנסה! און די שולן וועלן זײַן ליידיקלעך. און סמאל הרשע, אַזוי האָפֿט ער, וועט זיך קענען צעפֿירן די הענט און מקטרג זײַן ווי נאָר ער קען עס: „זעסט — וועט ער זיך רייצן מיטן מלאך מיכאל, דעם סניגור — נעכטן האָבן יעדן איבערגעפֿולט די שולן, געפֿאַסט, געדאַוונט, און הײַנט... קיין דוך פֿון זיי זעט מען שוין נישט אין שול...״, האָט

מען דערפֿאַר מתקן געווען אַז אויף מאָרגן, נאָך יום־כּיפּור, זאָלן פֿול זײַן די שולן פֿונעם מנין ותיקון אָן און ווײַטער.

— יאָ, טאַטע, אָבער פֿאַר וואָס רופֿט מען דעם טאָג „צו דער־גאַנצן גאָטס נאָמען"? — האָב איך שוין אומגעדולדיק איבערגע־פֿרעגט.

— גאָר פּשוט: יום־הכּיפּורים, דער צענטער טאָג אין תּשרי, איז די ראשי־תּיבֿות „יה". דער טאָג נאָך יום־כּיפּור איז דער עלפֿטער טאָג אין תּשרי, און „וה" מאַכט דאָך אויס עלף. איז דער פּשט פֿון דעם, אַז דער טאָג אויף צו מאָרגנס נאָך יום־הכּיפּורים קומט צו דער־גאַנצן דעם נאָמען פֿון כּבֿיכול, דען נאָך דעם „יה" קומט דער „וה", און עס באַקומט זיך גאַנץ דער נאָמען פֿון השם יתברך.

כ'האָב אַוודאי שטאַרק חשק געהאַט צו זיצן און מיטלערנען די גמרא סוכּה, אָבער איך בין אין גאַנצן אַלט געווען אַכט יאָר; טאַקע שוין געלערנט זינט אַ יאָר גמרא, אָבער איך בין נאָך פֿאַרט געווען אין דער קאַטעגאָריע פֿון אַ מתחיל, אַן אָנהייבער... דערווײַל נאָך נישט פֿאַר מײַנע פּלייצעס...

*

אויף מאָרגן איז מײַן פֿאָטער געגאַנגען צו ר' איצי דעם מוכר־ספֿרימניק קויפֿן אַן אתרוג, אַ לולבֿ און אַ הדס. ער פֿלעגט עס אויס־שרײַבן פֿון אָדעס; אין אָדעס זײַנען שוין געווען גרויסע סוחרים וואָס פֿלעגן ברענגען יעדער יאָר אתרוגים פֿון איטאַליע, צי פֿון ארץ־ישׂראל גופֿא.

— קום מיט מיר — האָט מיר דער טאַטע אַ זאָג געטאָן — דו ביסט שוין אין דער עלטער וואָס מען מעג דיך אָנהייבן מחנך זײַן צו אַ דבֿר־מצווה.

עס האָט געדויערט אַ גאַנץ היפּשע צײַט ביז מײַן פֿאָטער האָט צוגעקליבן אַן אתרוג, אַזאַ ווי זײַן האַרץ האָט געגלוסט, אַ „הדר שבמהודרים", אַ ריינעם, גרויסן, ציכטיקן אתרוג. אָבער מער נאָך האָט געדויערט ביז ער האָט זיך אויסגעדונגען. קיין נגיד איז דאָך מײַן פֿאָטער נישט געווען. טאַקע דער בעסטער גמרא־מלמד אין

טשערקאַס, אָבער פֿון מלמדות איז נאָך קיינער נישט רײַך געוואָרן. און ר׳ איצי האָט פֿאַר אַזאַ אתרוג, ווי מײַן פֿאָטער האָט אויסגעקליבן, זיך היפּש פֿאַרמאָסטן... איז אָנגעגאַנגען אַ דינגעניש. ר׳ איצי האָט זיך געהאַלטן פֿאַרעקשנט בײַ זײַן פּרײַז. ער האָט זיך געשווירן בײַ באָרד־און־פּאות, אַז דאָס יאָר קאָסטן אים די אתרוגים טײַערער, ווײַל אין איטאַליע און ארץ־ישׂראל, פֿון וואַנען זיי קומען, איז געווען אַ טרוקן יאָר, אַ שנת בצורת.

— ווי ווילט איר, ר׳ הלל, איך זאָל אײַך אָפּלאָזן דעם אתרוג פֿאַר ביליקער ווי ער קאָסט מיר?

— און איר, ר׳ איצי, ווילט אַז איך זאָל בלײַבן סוכּות אָן אַן אתרוג?

— חלילה! אָבער איך בין דאָך נישט מחויבֿ צו דערלייגן צו אײַער אתרוג!

הכּלל: אַ רובל אַרויף, אַ רובל אַראָפּ — מען האָט זיך סוף־כּל־סוף אויסגעגלײַכט.

און ווען מײַן פֿאָטער, זכרונו לברכה, האָט שוין געהאַט דעם אתרוג אַ פֿאַרפּאַקטן אין אַ פּושקע מיט וואַטע אין האַנט, און אויך דעם לולבֿ אַ גוט פֿאַרפּאַקטן, האָט ער זיך ערשט אַוועקגעזעצט לעבן ר׳ איצין און אים אַ זאָג געטאָן:

—איר הערט, ר׳ איצי, מיט אײַער טענה אַז אין ארץ־ישׂראל און אין איטאַליע איז געווען אַ שנת בצורת און דערפֿאַר איז אַזאַ יקרות הײַיאָר אויף אתרוגים, האָט איר מיר דערמאָנט אַ מעשׂה וואָס איך האָב געהערט דערציילן מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען איך בין נאָך געווען אַ ישיבֿה־בחור אין וואָלאָזשין. געהערט האָב איך זי מפּי לומדים, דאַן עלטערע ייִדן שוין, קינדער און אייניקלעך פֿון הגר״אס מקורבֿים. ס׳אַ מעשׂה כּמעט ווי איצט מיט מיר: אַ מעשׂה מיט אַן אתרוג פֿאַרן גאון...

— אַהאַ! דערציילט ר׳ הלל, אַדרבא, זײַט מהנה אַ ייִדן מיט אַ מעשׂה וועגן ווילנער גאון.

— איר האָט דאָך מסתמא געהערט אַז דער גאון ר׳ אליהו איז כּל ימיו געווען אַ מסתפּק במועט, כּמעט ווי די גמרא דערציילט וועגן ר׳ חנינא בן דוסא: ער פּלעגט זיך באַנוגענען מיט אַ קבֿ חרובֿים, מיט אַ מעסטל באָקסערן, פֿון שבת צו שבת. אָבער אַז עס פּלעגט קו־מען צו אַ מצווה, איז דער הידור מצווה בײַם גאון געווען זייער און זייער וויכטיק. למשל, אַן אתרוג, האָט ער געדאַרפֿט זײַן אַ מובֿחר שבמובֿחר און זאָל קאָסטן מי יודע וויפֿל... נישטאָ צו טײַער פֿאַר אַ הידור מצווה. נאָך אין די צײַטן פֿון די תּנאים, דערציילט די גמרא אין מסכתּא סוכּה, האָט ר׳ גמליאל נשׂיא באַצאָלט פֿאַר אַן אתרוג גאַנצע טויזנט זוזים. הידור מצווה איז קיין מאָל נישט צו טײַער.

— אַזוי, אַזוי, ר׳ הלל! איצט אַז איר האָט שוין דעם אתרוג אין האַנט, רעדט איר שוין גאַנץ אַנדערע דיבורים, האַ?! און פֿריִער האָט איר זיך געדונגען ווי אויף אַ יאַריד... אָבער דערציילט ווײַטער, וואָס איז עס פֿאַר אַן אתרוג געווען.

— ווילנער גבֿירים — האָט מײַן פֿאָטער פֿאָרגעזעצט — און די פּרנסים פֿון דער קהילה, פּלעגן יעדן יאָר באַזאָרגן דעם גאון מיט די אַרבעה מינים, און מן המובֿחר. באַלד נאָך שבֿועות פּלעגן זיי שיקן אַ שליח קיין איטאַליע אײַנצוקויפֿן פֿאַר ווילנע אתרוגים און לולבֿים. האָט געטראָפֿן איין יאָר, אַז דער שליח מיוחד פֿון ווילנער קהל קיין איטאַליע איז צוריקגעקומען קיין ווילנע „וצרור כּסף בידו...“ — ער האָט נישט געקראָגן קיין אתרוגים און געבראַכט דאָס געלט צוריק. איבער דער טריקעניש איז יענעם יאָר פֿאַרלוירן געגאַנגען דאָס גע־רעטעניש פֿון אַלע „פּרי עץ הדר“. ווילנע איז געגאַנגען כּאָדראָם. מילא, קהל ווי קהל, אָבער דער גאון? ווי שיקט זיך עס אַז דער גאון ר׳ אליהו זאָל בלײַבן סוכּות אָן אַן אתרוג? און אַז עס זאָל קאָסטן מיליאָנען, וועט דען זײַן אַ מניעה?

מ׳האָט זיך פֿאַרזאַמלט און מ׳האָט אַרומגערעדט ברייט דעם ענין און מען האָט באַשלאָסן צו שיקן אַ נײַעם שליח; און אָנגעזאָגט האָט מען אים: ער זאָל פֿאָרן פֿון לאַנד צו לאַנד, איבער די וואַרעמע לענ־דער וואָס בײַם וואַרעמען ים הגדול, וווּ אתרוגים וואַקסן און מיל־

גרוימען ווערן צײַטיק. און דעם שליח האָט מען מיטגעגעבן געלט אָן אַ שיעור, און מען האָט אים נאָך אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך נישט אָפּשטעלן פֿאַר קיין שום פּרײַז און זאָל קויפֿן אתרוגים; און אויב ער וועט נישט קריגן קיין סך, זאָל ער כאָטש קויפֿן איינעם אַן אתרוג, וואָרעם ווי הייסט, דער גאון זאָל בלײַבן אָן אַן אתרוג אויף סוכות, היתּכן?

און דער שליח מיוחד איז אַוועקגעפֿאָרן. געפֿאָרן איז ער פֿון לאַנד צו לאַנד, איבער די וואַרעמע לענדער בײַם ברעג פֿונעם וואַרע־מען ים־הגדול, ווו עס וואַקסן געוויינטלעך אתרוגים און ווו מיל־גרוימען צײַטיקן זייערע תּרי״ג זיסע קערעלעך. געוויינטלעך יאָ, אָבער יענעם יאָר נישט. געפֿאָרן, געפֿרעגט, געזוכט און... קיין אתרוג נישט געפֿונען אין ערגעץ נישט, אַפֿילו איינעם אויף אַ רפֿואה. נישטאָ — און שוין; אַז מען שמועסט אַ שנת בצורת.

שטאַרק באַצערט, איז דער שליח איין מאָל אָונטצײַט געקומען אין אַ האַרבעריק, אין אַ ייִדישער אַכסניה. האָט ער זיך געטראַכט: אַ ייִדישע אַכסניה, וועל איך נעכטיקן דאָ די נאַכט און פֿאָרן צוריק... וואָס זאָל מען טאָן? אַז מען קריגט פֿאָרט נישט קיין אתרוג. פֿאַר־פֿאַלן...

אַרײַנגעקומען אין האַרבעריק, דערזעט ער: אין זאַל־חדר, בײַ דער מזרח־וואַנט, אויפֿן שבת־טיש וואָס שטייט דאָרט — אַ פּושקע אַ גלעזערנע, און אין איר, אײַנגעהילט אין וואַטע, אַן אתרוג. אָבער שוין איין מאָל אַן אתרוג! אַ מהודר שבמהודרים. ער האָט זײַנע אויגן נישט געגלייבט... אַ נס מן השמים.

דער שליח האָט זיך גלײַך געווענדט צום בעל־אַכסניה און גע־בעטן ער זאָל אים פֿאַרקויפֿן דעם אתרוג.

— גאָט איז מיט אײַך! ר׳ ייִד, איר הערט וואָס איר רעדט? איך זאָל אײַך פֿאַרקויפֿן דעם אתרוג? און איך? וואָס וועל איך בענטשן? כ׳האָב אים קוים געקראָגן, זאָל איך אים פֿאַרקויפֿן?

— כ׳וועל אײַך באַצאָלן וויפֿל איר וועט וועלן... איך וועל אײַך אים אָפּוועגן מיט גאָלד, אָבער פֿאַרקויפֿט מיר אים. איך בין שוין

אויסגעפּאָרן מדינות זוכנדיק אַן אתרוג, און וויסן זאָלט איר, אַז איך פֿאָר אַזש פֿון ווילנע!

— און אַז פֿון ווילנע, איז וואָס? זאָל איך צוליב אײַך בלײַבן אויף סוכות אָן אַן אתרוג? איר זאָלט מיר אַפֿילו באַצאָלן כּל הון דעלמאַ, וועל איך עס נישט טאָן.

— ר׳ קרובֿ! — האָט זיך דער שליח געבעטן מיט תּחנונים — פֿאַרקויפֿט מיר דעם אתרוג. נישט פֿאַר מיר דאַרף איך אים. די ווילנער קהילה קדושה און אירע גבֿירים אַדירים האָבן מיך געשיקט צו באַקומען זאָל זײַן כאָטש איין אתרוג פֿאַרן גאון ר׳ אליהו. איר פֿאַרשטייט? פֿאַר דער ווילנער קהילה קדושה אָן אתרוג... דער הגר״א קען דאָך נישט, טאָר דאָך נישט בלײַבן סוכּות אָן אַן אתרוג. און איר, הייסט זיך באַצאָלן פֿאַר דעם וויפֿל אײַער השׂגה זאָגט אײַך נאָר אונטער... איך וועל צאָלן. איך וועל צאָלן! פֿאַרן גאון איז דער אתרוג, און דער גאון איז דאָך בילכער.

— אויב פֿאַרן גאון ,איז שוין עפּעס אַנדערש! איך בין גרייט צו געבן אײַך דעם אתרוג אַפֿילו אומזיסט, אָבער איך וויל נישט בלײַבן אָן עולם־הבא פֿאַר דער מצווה פֿון אתרוג־בענטשן הײַיאָר, איר פֿאַרשטייט? זאָל מיר דער גאון אַוועקגעבן זײַן חלק עולם־הבא, וואָס אים וועט קומען פֿאַר מקיים זײַן הײַיאָר מצוות אתרוג מיט מײַן אתרוג — און איך גיב אײַך תּיכף דעם אתרוג. ס׳איז דאָך קלאָר: צוליב דעם גאון וועל איך הײַיאָר נישט קענען מקיים זײַן די מצווה. ער וועט זי מקיים זײַן, אָבער דעם עולם־הבא פֿאַר דעם, דעם שׂכר־מצווה, וויל איך פֿאַר מיר. פֿאַר וואָס זאָל איך עס אָנווערן?

דער שליח איז לכתחילה געבליבן ווי געפּלעפּט: אַ האַרבע סוגיה. זאָל ער נישט מסכּים זײַן צום בעל־אַכסניהס אָנבאָט, וועט דאָך דער גאון נישט מקיים זײַן די מצווה, ווײַל ער וועט נישט האָבן קיין אתרוג, און במילא וועט ער נישט האָבן קיין שׂכר־מצווה; איז דאָך שוין גלײַכער ער זאָל יאָ מסכּים זײַן צום קרעטשמערס אָנבאָט, וועט דער גאון כאָטש מקיים זײַן די מצווה. און ס׳איז אפֿשר נאָך חשובֿער אַפֿילו — האָט דער שליח אַ טראַכט געטאָן — דער גאון וועט פֿאַר

דעם קיין שׂכר־מצווה נישט באַקומען, וועט עס אַוודאי זײַן אַ מצווה לשמה, אַ מצווה שלא על מנת לקבל פּרס.

הכּלל, דער שליח האָט מסכּים געווען. מען האָט תּיכּף געמאַכט אַ כּתבֿ, אין צוויי גלײַכע קאָפּיעס. דער שליח האָט געחתמעט מיט יפֿוי־כּוח וואָס ער האָט באַקומען פֿון קהל צו צאָלן פֿאַרן אתרוג וואָס פֿאַר אַ פּרײַז מען זאָל נישט פֿאָדערן. און ער האָט באַקומען דעם אתרוג, און זיך טאַקע גלײַך געלאָזט מיט אים אין וועג אַרײַן, צוריק קיין ווילנע.

פֿון דעסט וועגן איז ער, דער שליח, דעם גאַנצן וועג געווען שטאַרק באַטריבט: נאָך אַלעמען איז עס דאָך פֿאָרט אַ מעשׂה נורא! וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטאָן! אָן דעם גאונס וויסן האָט ער גאָר אי־בערגעליפֿערט אַ צווייטן אַ חלק פֿון דעם גאונס עולם־הבא!... ווער ווייס ווי דער גאון וועט דאָס אויפֿנעמען!?

פֿאַר טאָג, ערבֿ סוכּות, האָט ער באַוויזן אָנצוקומען קיין ווילנע, און גלײַך נאָכן מנין ותּיקין האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון דעם גאונס חדר מיוחד, ווּ ער פֿלעגט לערנען יומם ולילה, און תּמיד בײַ פֿאַרמאַכטע טיר און לאָדן, כּדי גאָרנישט זאָל אים ניט צעשטערן פֿון לימוד תּורה. אַרײַנגעקומען, האָט ער אים איבערגעגעבן דעם אתרוג און די קאָפּיע פֿונעם כּתבֿ און שטאָמלענדיק, מיט אַ פֿאַרשטיקט קול, האָט ער דעם גאון דערציילט אַלע פּרטים וועגן דעם מקח וממכּר וואָס ער האָט געמוזט מאַכן, כּדי צו באַקומען דעם אתרוג. אַז ער האָט אויסדערציילט, איז ער שטיל געבליבן אין דערוואַרטונג.

דעם גאונס ליכטיק פּנים האָט זיך נאָך מער צעשײַנט; עס האָט געשטראַלט פֿון אים, ממש הוד און תּפֿארת.

— אויסגעצייכנט, מײַן קינד! — האָט דער גאון געזאָגט — מיר ווייסן נישט, באמת, ווי אַזוי עס ווערט צוגעטיילט דער מתּן־שׂכר של מצוות, אָבער דו האָסט פֿאַר מיר אײַנגעהאַנדלט אַ מציאה, ממש אַ מציאה; וואָרעם, ווען ער בעט בײַ דיר פֿאַרן אתרוג נישט נאָר דעם שׂכר פֿאַר דער איינער מצווה, נאָר מײַן גאַנצן, גאַנצן עולם־הבא,

וואָלטסטו אים געקענט אָװעקגעבן, אַבי איך זאָל קענען מקיים זײַן מצוות אתרוג, ווי דער דין זאָגט.

*

— ר׳ הלל! — האָט ר׳ איצי שמייכלענדיק אויסגערופֿן צו מײַן פֿאָטער — לאַנג לעבן זאָלט איר. איר האָט מיך מהנה געווען מיט דער מעשׂה... דער גאון, דער גאון! פֿאָרט אַ גאון. נישטאָ מער אַזעלכע גאונים.

*

האָב איך אײַך דערציילט די מעשׂה וואָס איך האָב געהערט מפּי אָבִי מורי, וואָס ער האָט זי געהערט ווען ער איז געווען אַ מתמיד אין דער וואָלאָזשינער ישיבֿה... און געהערט האָב איך זי אים דער־ציילן אינעם יאָר פֿונעם ווילנער גאונס הונדערטסטן יאָרצײַט, אין 1897.

איז געלעגן די מעשׂה בײַ מיר אין זכּרון כּמונח בקופּסא, ווי באַ־האַלטן אין אַ פּושקע, ביז איך האָב זי הײַנט דערציילט פֿאַר אײַך, רבותי, אות באות, וואָרט בײַ וואָרט, ווי איך האָב זי דאַן געהערט. האָט זשע מיר אַ פֿריילעכן סוכּות, ווי אין פּסוק שטייט: והיית אך שׂמח... וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ווען אַ ייִד פֿרייט זיך, מוז עס זײַן מיט אַן אַך, אָדער אָך...

„די אידישע צײַטונג", 6טער אָקטאָבער 1968

## ר׳ לוי־יצחק בערדיטשעווער, דער גרויסער סניגור

אין לויפנדיקן יאָר ה׳תשכ״ט ווערט הונדערט און זעכציק יאָר זינט ס׳איז נסתלק געוואָרן אין בערדיטשעוו — דעמאָלט שוין אַן עיר ואם בישׂראל — דער באַרימטער צדיק וקדוש ר׳ לוי־יצחק, וועלכן מען האָט טאַקע גערופן בערדיטשעווער, הגם זײַן פֿאַמיליע־נאָמען איז געווען דערבאַרימדיקער. געבוירן געוואָרן איז ער אין זאַמאָסטיע; דאָס יאָר פֿון זײַן געבוירן איז געבליבן אומבאַקאַנט. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ מגיד אין פּינסק, דעמאָלט אַ גרויסע קהילה אין ווײַסרוסלאַנד. אין די זעכציקער יאָרן פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט איז ער אַוועק צום צדיק ר׳ בער מעזריטשער, האָט זיך מתבשׂם געווען — ווי מען זאָגט אין חסידיש־לומדישן לשון־קודש — מיט דער חסידישער תּורה איז איז שפּעטער געוואָרן דער גרעסטער „מלמד זכות אויף ייִדן פֿאַר דער פּמליה של מעלה״. ער האָט געהאַט גענוג אויסצושטיין צרות און רדיפֿות פֿאַר זײַן חסידות ווען ער איז געווען רבֿ אין ליטע. דאָס איז געווען בעת און תּיכף נאָך דער גרויסער מחלוקת וואָס האָט זיך צעפֿלאַקערט אין ליטע צווישן די חסידים און מתנגדים. סוף־כּל־סוף, נאָך יאָרן פֿון פּײַן און וואָגלענישן, איז ר׳ לוי־יצחק געוואָרן רבֿ אין בערדיטשעוו און האָט אין משך פֿון צענדליקער יאָרן אַנטוויקלט זײַן אייגנאַרטיקע התנהגות, וואָס האָט אים געמאַכט פֿאַרן ראש פֿון וואָלינער חסידות און מיט וועלכער ער איז אַרײַן אין דער געשיכטע פֿון אונדזער פֿאָלק ווי אַ מליץ־יושר, ווי דער צדיק, וואָס אַהבֿת־ישׂראל איז געווען פֿאַר אים דער הייליקער פּלאַם פֿון זײַן עצם לעבן און עבֿודה. זײַן תּורה האָט ער רעזומירט אינעם ספֿר „קדושת לוי״, אַ זאַמלונג פֿון דרשות, געהאַלטענע יעדן

שבת. אויך דאָרטן איז אַהבֿת־ישׂראל און דאָס מלמד זכות זײַן אויף ייִדן דער אַלף און דער תּיו פֿון אַלע מצוות פֿון אַלע מידות טובֿות און פֿון דעם וויכטיקסטן וואָס אַ ייִד האָט מקיים צו זײַן דאָ, אויפֿן עולם השפֿל.

אָן אַ שיעור חסידישע פֿאָלקס־מעשׂיות און תּורה־מסורות זײַנען געשאַפֿן געוואָרן וועגן דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן צדיק, און אַלע האָבן זיי איין הויפּט־ענין: אַהבֿת־ישׂראל; פֿאַרטיידיקן ייִדן, דעם פּרט־ישׂראל ווי דעם כּלל־ישׂראל, פֿאַר דער פּמליה־של־מעלה. אַפֿילו אויף דעם ערגסטן פֿון צווישן אַ ייִדישער עדה פֿלעגט ער תּמיד מלמד זכות זײַן, און ער פֿלעגט באַטראַכטן ווי אַ זינד, ווי אַ שרעקלעכע עבֿירה, ווען ער האָט עמעצן געהערט ריידן שלעכטס וועגן אַ ייִדן אָדער וועגן ייִדן בכלל. ער פֿלעגט ווערן אויפֿגעבראַכט — אויף וויפֿל אַ מזג־טובֿ ווי ר׳ לוי־יצחק האָט בכלל געקענט ווערן אין כּעס — ווען ער האָט געהערט אַפֿילו אַ מגיד זאָגן מוסר אַ ייִדישן עולם. נישט אומזיסט האָט דער רוזשינער צדיק געדרשנט וועגן ר׳ לוי־יצחקן דעם פּסוק „לא היביט עוון ביעקבֿ ולא ראה עול בישׂראל — ד׳ אלהיו עמו״.

פֿון זײַן געבורט ביז זײַן עלית הנשמה באַגלייטן ר׳ לוי־יצחקן מעשׂיות און מסורות וואָס האָבן נאָך ביז איצט דערהאַלטן די פֿריש־קייט און אַראָמאַט פֿון חסידישע „שבֿחים״ וועגן זייערע גרויסע צדי־קים. דאָרט זעט מען ווי ער פֿלעגט זיך אויסטעהנען אין די ימים־נוראים און דער עיקר יום־כּיפּור מיטן רבונו־של־עולם, און אַ מאָל אויך מיט בייזן, מיט תּקיפֿות פֿלעגט ער פֿאָדערן בײַם כּסא הכּבֿוד מבֿטל צו זײַן די גזירות און צוצושרײַבן חיים טובֿים און פּרנסה פֿאַר כּלל־ישׂראל, דערווײַזנדיק דורך דער הלכה, אַז דאָס קומט אונדז ייִדן על־פּי דין. איך ברענג אין די ווײַטערדיקע שורות עטלעכע מסורות פֿון די, וואָס זײַנען גראָד ווינציקער פּאָפּולער.

*

וועגן געבורט פֿון ר׳ לוי־יצחק ווערט איבערגעגעבן אין נאָמען פֿון ר׳ ישׂראל רוזשינער:

אינעם טאָג ווען ר׳ לוי־יצחק האָט געהאַלטן בײַם געבוירן ווערן, איז געזעסן דער בעש״ט מיט זײַן חבֿריא אין זײַן בית־מדרש אין אַ גאָר געהויבענער, הײַטערער שטימונג; ממש בדיחות הדעת. האָט דער בעש״ט פֿאַראָרדנט צו ברענגען משקה און ציבײַסן, און די תּלמידים זײַנען געזעסן און האָבן געגאַפֿט: וואָס עפּעס פּלוצעם הײַנט פֿאַר אַ יומא דפגרא? האָט דער בעש״ט, זכרונו לברכה, זיי גע־ענטפֿערט: „הײַנט נידערט־אַראָפּ אויף דער וועלט אַ גרויסע נשמה, אַ ביז גאָר הייליקע; און די דאָזיקע נשמה וועט זײַן דער גרעסטער מליץ־יושר, דער שטאַרקסטער מלמד־זכות בײַ דער פּמליה־של־מעלה פֿאַר יעדן ייִדישן מענטשן, ווי פֿאַר כּלל־ישׂראל. און באַזונדערס וועט גרויס זײַן דער כּוח פֿון דער הייליקער נשמה צו פֿאַרשטאָפּן דאָס מויל פֿון די מקטרגים אין דעם יום־הדין“.

אויך די מלאכים, די מלאכי־עליון, האָבן זיך געפֿרייט יענעם טאָג.. בראָש מיטן מלאך מיכאל, וועלכער איז, כּידוע, דער שׂר פֿון דער ייִדישער אומה, האָבן זיי זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם כּסא־הכּבֿוד צו דאַנקען כּבֿיכול, דעם אייבערשטן, פֿאַר דער חמדה טובֿה, פֿאַר דער גוטער מתּנה וואָס ער האָט געטאָן אַרויסנעמען פֿונעם היכל הנשמות און געלאָזט אַראָפּנידערן צו זײַן פֿאָלק. צווישן אַנדערע וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם כּסא־הכּבֿוד, איז אויך געקומען דער שׂטן, סמאל אַליין. ער איז געקומען און האָט זיך אַ שטעל געטאָן פֿאַר דעם האַר פֿון די וועלטן, און האָט אַזוי געזאָגט:

— מרא דעלמא כּולה — האַר פֿון גאָר דער וועלט! דו האָסט באַשאַפֿן דעם מלאך מיכאל און האָסט איבערגעגעבן אין זײַן רשות צו זײַן דער סניגור פֿאַר דײַן פֿאָלק ישׂראל, דער שׂר פֿון דער אומה; ער זאָל מלמד זכות זײַן אויף ייִדן בײַ יעדער געלעגנהייט און באַ־זונדערס אין די ימים־נוראים, ווען דײַן פֿאָלק און כּל באי עולם ווערן געמשפּט פֿאַר זייערע מעשׂים. דו האָסט אָבער אויך מיך באַ־שאַפֿן און אויף מיר האָסטו אַרויפֿגעלייגט די עובֿדה מקטרג צו זײַן אויף דעם דאָזיקן פֿאָלק, איך זאָל זײַן אַ שטענדיקער דערמאָנער פֿון זײַנע זינד פֿאַרן בית־דין של מעלה, און איך האָב די דאָזיקע מלאכה

מײַנע דערפֿילט טרײַ, מיט אײפֿער; איך פֿלעג זוכן, נישטערן אין די לעכער, אין די שפּאַלטן, אין די פֿאַרבאָרגענישן און פֿאַרהוילענישן פֿון די ייִדישע הײַזער און שטובן — עבֿירות, שווערע ווי לײַכטע. פֿון מײַנע שאַרפֿע, אַרײַנדרינגענדיקע בליקן, איז קיין חטא און קיין עבֿירה נישט פֿאַרהוילן געוואָרן. איך האָב וועגן יעדער קלייניקייט אַפֿילו מקטרג געווען, פֿאַרגעבראַכט פֿאַרן בית־דין. אַ סך מאָל האָב איך מלחמה געהאַלטן מיט מיכאלן: ער פֿלעגט זיך בריהן מיך שטום צו מאַכן, צו נישט־מאַכן מײַן קיטרוג, און מער ווי איין מאָל פֿלעגט אים געלינגען און איך, דער שׂטן, פֿלעג אַנטשטומט ווערן. און איצט קומסטו און דו גיסט נאָך צו אַ מיטהעלפֿער אַ נײַעם צו מיכאלן: דעם רבין ר׳ לוי־יצחק מיין איך, וועלכער איז באַשאַפֿן געוואָרן צו זײַן אַ סניגור אַ מומחה... און איך... איך וועל ווײַטער בלײַבן אַליין, איינער אַליין, אָן אַ מיטהעלפֿער. טאָ וואָס וועל איך קענען אויפֿטאָן פֿאַר מײַן אויפֿגאַבע, איינער קעגן זיי ביידן? ס׳איז נישט יושרדיק, מרא דעלמא!

— וואָס זשע איז דײַן בקשה? — האָט דער רבונו־של־עולם גע־פֿרעגט דעם שׂטן.

— מײַן בקשה און מײַן פֿאַרלאַנג איז, דו זאָלסט שטעלן צום רשות פֿון מײַן פֿליכט אַ געוויסע צאָל צדיקים, און זיי זאָלן דאַרפֿן זוכן חטאים, עוונות און פשעים בײַ דײַן פֿאָלק ישׂראל. און זיי זאָלן, כלומרשט דורך זאָגן זיי מוסר, אַרויסקומען אויפֿן מאַרק מיט די דאָ־זיקע אומריינקייטן; אַרויס מיט דעם זינדיקן מיסט פֿון בתּי־ישׂראל אין דעם רשות הרבים. דערמיט וועלן זיי מיר זייער און זייער צו הילף קומען. דורך זייער מוסר זאָגן קהל, וועט געשטאַרקט ווערן מײַן קיטרוג אויף ישׂראל פֿאַרן בית־דין של מעלה.

אַזוי פֿלעגט דערציילן רבי ישׂראל רוזשינער און ער פֿלעגט צו־געבן מיט אַ זיפֿץ, וואָס איז אַרײַנגעדרונגען ממש ביז דער נשמה:

— סמאָלס בקשה איז דערפֿילט געוואָרן: און דאָס זײַנען זיי עס, די צדיקים וואָס זוכן רק זינד בײַ ייִדן; די וואָס וואַרפֿן זיך אויף יעדער מינדסטער עבֿירה, וואָס זיי פּאָקן בײַ אָ ייִדן, ווי אויף אָן אבֿן־

טובֿ. דאָס זײַנען די צדיקים־שטראָפֿערס, די מגידים מוסר־זאָגערס, וואָס פּײַניקן דעם עולם מיט שרעקלעכע בילדער פֿון גיהנום־שטראָפֿן וואָס דערוואַרטן, רחמנא ליצלן, יעדן ייִדן פֿאַר דער קלענסטער עבֿירה...

און רבי ישׂראל רוזשינער האָט פֿאַרענדיקט זײַן שמועס, זאָגנ־דיק:

— איך האָב געהאַט די זכיה צו קענען ר' לוי־יצחקן ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד און איך ווייס, אַז זײַן גרויסער כּוח מלמד זכות צו זײַן אויף ייִדן איז נאָך שטאַרקער געוואָרן אין דעם פֿאַרכטיקן יום־כּיפּור־טאָג, כּדי צו מנצח זײַן דאַן דעם סמאל, דעם שׂטן המשחית, ווען עס קומט צו הילף די סיטרא דשמלא; זיי האַלטן רק אין זוכן עבֿירות בײַ ייִדן און קומען אַרויף מיט זיי דווקא אין די טעג פֿון דין...



אין זײַן ספֿר „השלום והאחדות" ברענגט רבי חיים־מאיר דראָ־האָביטשער, אין נאָמען פֿון ר' לוי־יצחק בערדיטשעווער, זייער אַן אייגנאַרטיקן אויסטײַטש אויפֿן זאָג פֿון רבי זירא אין דער מסכתּא „מגילה" (דף כ"ח, עמוד א'). רבי זירא זאָגט דאָרט, אַז ער איז קיין מאָל נישט געגאַנגען קיין „ד' אַמות בלי תּפֿילין". דאָס איז שווער צו פֿאַרשטיין, זאָגט ר' לוי־יצחק. ווי שיקט זיך אַזאַ זאַך? פֿאַראַן דאָך אַזעלכע ערטער, וווּ מען טאָר גאָר נישט אַרײַנקומען אין תּפֿילין; פֿאַראַנען טעג אַזעלכע, ווען מען לייגט נישט קיין תּפֿילין... דער־קלערט דאָס דער בערדיטשעווער דורך אַהבֿת־ישׂראל און אַהבֿת־הבורא: דאָס הייסט, אַז ר' זירא האָט נישט געמאַכט קיין פֿיר איילן אָן צו זײַן באַשעפֿטיקט אין מוח און אין האַרצן מיט דעם וואָס איז געשריבן אין די פּרשיות פֿון די תּפֿילין: פֿון די תּפֿילין וואָס דער כּבֿיכול טראָגט, און, באַזונדער, אין די פּרשיות פֿון די תּפֿילין וואָס יעדער מענטש פֿון ייִדישן פֿאָלק טראָגט אויפֿן אָרעם און בײַם אָנהייב פֿון די האָר אויפֿן שטערן.

אין דער גמרא ווערט געזאָגט, אַז אין דער פרשה פֿון די תּפֿילין וואָס דער כּבֿיכול טראָגט איז געשריבן: „ומי כעמך ישׂראל גוי אחד בארץ". דאָס הייסט, אַז דעם כּבֿיכולס תּפֿילין אַנטהאַלטן אַ לויבגעזאַנג פֿאַרן פֿאָלק ישׂראל. גאָט אַליין, הייסט עס, נעמט זיך איבער מיט זײַן פֿאָלק ישׂראל: נישטאָ נאָך אַזאַ פֿאָלק אין גאָר דער וועלט. און די פּרשיות פֿון די תּפֿילין וואָס ייִדן לייגן, זײַנען אַ לויבגעזאַנג פֿונעם פֿאָלק צו זײַן גאָט. ישׂראל נעמט זיך איבער מיט זײַן גאָט: דער האַר פֿון אַלע וועלטן. דערפֿאַר האָט ר' לוי־יצחק אויסגעטײַטשט: „ר' זירא זאָגט, אַז ער איז קיין מאָל נישט געגאַנגען קיין פֿיר שפּאַן אָן תּפֿילין; דאָס מיינט, אָן צו מקיים זײַן, אָן צו פֿילן און אָטעמען מיט דעם, וואָס אין די תּפֿילין פֿון כּבֿיכול איז געשריבן: אַהבֿת־ישׂראל און שבֿחים פֿאַרן עם־ישׂראל; אויך מיט דעם וואָס איז געשריבן אין די תּפֿילין פֿון יעדן ייִדן: ואָהבֿת — זאָלסט ליב האָבן און דערהייבן און אויספֿאָלגן אַלע געבאָטן פֿונעם בורא ברוך הוא. „וואָרעם דאָס איז אַ גרויסער כּלל אין דינסט פֿון השם יתברך: ווער עס פֿאַרמאָגט נישט די מידה צו זען שטענדיק דאָס גוטע, דאָס ווילע, און ווער עס דערציילט נישט כּסדר נאָר שבֿחים, גוטע מידות און מעשׂים וועגן פֿאָלק ישׂראל, דער קען זיכער זײַן, אַז זײַן גאַנץ לעבן וועט ער נישט זוכה זײַן אַרײַנצוקומען אין דעם טויער אַפֿילו פֿון עבֿודת הבורא".

*

ווען עס איז אַרויס דאָס געזעץ פֿון מלכות, אַז יעדער ייִדישער מענטש מוז באַקומען אַ פֿאַמיליע־נאָמען, האָט ר' לוי־יצחק זיך פֿאַר־שריבן דעם פֿאַמיליע־נאָמען „דערבאַרימדיקער". ווען די תּלמידים האָבן אים געפֿרעגט, פֿאַר וואָס ער האָט זיך צוגעקליבן אַזאַ אויסטער־לישן שם־המשפּחה, האָט ער געענטפֿערט:

— מען דאַרף זיך אָנבאַהעפֿטן אין די מידות פֿון גאָט ברוך הוא: „מה הוא רחום, גם אתה רחום".

„די אידישע צײַטונג", 29סטער סעפּטעמבער 1968

# ר׳ מרדכי ראַזאָווסקי ע״ה

כ׳ טבת איז אויסגעפאַלן דער צוואַנציקסטער יאָרצײַט זינט ר׳ מרדכי ראַזאָווסקיס פּטירה. שוין צוואַנציק יאָר, הייסט עס, ווי דער ייִד אין וועלכן תורה און חכמה, וועלטלעכע פּיקחות און נאַטירלעכע עניוות זײַנען געווען פאַרבונדן אין איין הערלעכן סינטעז, איז נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע.

עס דאַכט זיך מיר אַז ערשט נעכטן איז עס געווען, ווען מיר פלעגן זיך טרעפן כּמעט טאָג־טעגלעך אין רעדאַקציע, ווו ער איז געווען אַ בן־בית, אָדער אינעם קעגנאיבערדיקן קאַפעהויז, צי אין דער ביוראָ פון קרן קימת, ווו ער איז יאָרן לאַנג געווען דער ראש וראשון און מיר פלעגן פאַרברענגען און שמועסן — אמתע שׂיחת־חולין פון אַ תּלמיד־חכם איז עס געווען... וועגן וואָס אַלץ מיר פלעגן שמועסן... תּורה־ענינים, ציוניסטישע ענינים, ענינים פון ייִשוב וואָס זײַנען געשטאַנען אויפן סדר־היום...

איך האָב זיך נישט ריכטיק אויסגעדריקט: מיר פלעגן שמועסן. עס איז תּמיד געווען מער אַ מאָנאָלאָג ווי אַ דיאַלאָג. ער האָט ליב געהאַט צו ריידן, און איך פלעג האָבן אַ גוואַלדיקן גײַסטיקן פאַרגעניגן אים צו הערן. זײַנע רייד זײַנען געווען פול מיט פּיקחותדיקע אײַנפאַלן, פאָלקסווערטלעך, מײַסטערדיקע ווערטערשפּילן און בליציקע געדאַנקען. זײַן שמועס — הגם ער איז געווען עטוואָס אַ כּבֿד־פּה — איז געווען אַן אמתע „קאָזערי״, ווי די פראַנצויזן באַצייכענען עס: אַן אמתער גײַסטיקער פעליעטאָן, אָבער בעל־פּה אַנשטאָט בכתבֿ. מיר דאַכט זיך, אַז ערשט נעכטן איז דאָס געווען, און שוין צוואַנציק יאָר. ער איז אַוועק אין דעם עלמא דקשוט (אין דער אמתער וועלט,

און ער, ר׳ מרדכי, פֿלעגט ליב האָבן צו זאָגן: יענע וועלט איז אַן עלמא דקשוט. און די וועלט? די וועלט איז אַן עלמא דסקאט).

*

מיט עטלעכע און פֿערציק יאָר צוריק איז ר׳ מרדכי ראָזאָווסקי געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע ייִדן אויף דער ייִדישער גאַס אין גאַנצן לאַנד, נישט נאָר אין דער הויפּטשטאָט. ער איז געווען נישט אָרעם, לויט די באַגריפֿן פֿון יענער צײַט; גאַנץ רײַך אַפֿילו, און ער איז געווען איינע פֿון די אָנגעזעענסטע ציוניסטישע פֿיגורן פֿון אונדזער ייִשובֿ. זײַן עסקנות איז נישט געווען באַגרענעצט דווקא אויף ציוניזם אַליין, אָבער ציוניזם איז פֿאַר אים נישט געווען קיין עסקנות. ניין, עס איז פֿאַר אים געווען לעבן, ממש לעבן. אינעם ציוניזם האָט ער געלעבט און האָט מיט אים געאָטעמט. נישט נאָר איז ער יאָרן לאַנג געווען פּרעזידענט פֿונעם קרן קימת־אָפּטייל אין אַרגענטינע. נאָר יעדער ציוניסטישע טעטיקייט איז געווען פֿאַר אים טײַער און ער האָט קיין מאָל זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון קיין ציוניסטישער אויפֿגאַבע, ווי שווער זי זאָל נישט געווען זײַן... ער איז שוין נישט געווען קיין יונגערמאַן. דאָך, פֿלעגט ער אַרומפֿאָרן איבער די ווײַטסטע ייִדישע ייִשובֿים און קאָלאָניעס, אין דער זאַמדיקער פּאַמפּאַ אָדער אין די ווײַטע טשאַקאָ און קאָריענטעס, אין ווינטערדיקע רעגנס און קעלטן — זאַמלען פֿאַרן קרן היסוד, צי פֿאַר אַ קאַמפּיין לטובֿת מלחמה־געליטענע. דאָס אַרבעטן פֿאַר ציוניסטישע קאַמפּיינען איז אין יענע יאָרן געווען גאָר נישט פֿון די לײַכטע אַרבעטן. נישט קיין פֿאַרגלײַך צו איצט... מדינת ישׂראל איז אין יענע יאָרן געווען נאָך ווײַט, ווײַט אונטערוועגנס. עס איז אָנגעקומען שווער אַרויסצובאַקומען געלט אַפֿילו בײַ רײַכע ייִדן און בײַ אַקטיווע ציוניסטן... אָבער ר׳ מרדכי ראָזאָווסקי פֿלעגט עס טאָן מיט פֿאַרגעניגן, אין שטאָט ווי אין דער ווײַטער פּראָווינץ, און די געבערס האָבן ליב געהאַט צו האָבן אים פֿאַר אַ מאָנער. ער פֿלעגט עס טאָן מיט פּיקחות, מיט חכמה און מיט ייִדיש־פֿאָלקישער געשיקטקייט.

ווי שוין געזאָגט, איז ער דאָן געווען נישט אָרעם, אָבער עס זײַ־

נען געווען אַ סך רײַכערע פֿאַר אים אין די רייען פֿון אַלגעמיינעם ציוניזם, צו וועלכע ער האָט אָפֿיציעל געהערט, כאָטש ער האָט געהאַט אַ גוואַלדיקע סימפּאַטיע צום פּועלי־ציוניזם. פֿון דעסט וועגן, אַז עס פֿלעגט קומען צו בײַשטײַערן זיך פֿאַר ציוניסטישע פֿאָנדן, האָט ער געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט. ער אַליין פֿלעגט זיך אָנרופֿן... אַ ליטוואַק; „פֿאַרן ציוניזם — פֿלעגט ער זאָגן — וויל איך נישט אַז מען זאָל מיך האַלטן פֿאַר אַ ׳ליטוואַק׳".

„איר ווייסט — האָט ער מיר אַ מאָל געזאָגט — אַזוי ווי איך האָב די עובֿדה צו זײַן אַ ׳קשוט אַחרים׳ (פּוץ אַנדערע, ד"ה, נעם באַשטײַערונגען פֿאַר ציוניסטישע פֿאָנדן בײַ אַנדערע), מוז איך פֿריִער זײַן אַ ׳קשוט עצמך׳ (פּוץ פֿריִער זיך אַליין); מוז איך פֿריִער אַליין ווײַזן דעם בײַשפּיל.

און ער האָט ווירקלעך געוויזן אַ בײַשפּיל. די ערשטע צײַטן פֿונעם קרן היסוד, אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען ראַזאָווסקי איז „געווען אין די פֿעדערן", פֿלעגט ער שטאַרק אָפּהיטן די לאָזונג „מעשׂר". ער פֿלעגט בײַשטײַערן אַ צענטל פֿונעם פֿאַרדינסט, וואָס זײַן געהילצן־סקלאַד האָט אים אַרײַנגעבראַכט. איך דענק אַז אין דעם פּרט איז ער געווען דער איינציקער אינעם ייִשובֿ.

אַ ייִד אַ למדן און אַ לייענער אַ מתמיד איז ר׳ מרדכי געווען; אויך אַ שאַרפֿער וויצן־שאַפֿער, און אַ מאַדים צו אימפּראָוויזירן לומדישע קאַלאַמבורן, וואָס זײַנען געווען שאַרף סאַטיריש.

איין מאָל האָבן מיר אין שמועס באַרירט עפּעס אַ סקאַנדאַליעזע געשעעניש, וואָס האָט דאַן אויפֿגעטרייסלט די ייִדישע גאַס. ר׳ מרדכי האָט בײַ אַ קאַוועלע זיך געקאָכט איבער דעם ענין, און האָט אַ זאָג געטאָן: „וואָס ווילט איר, אַפֿילו אַזאַ סקאַנדאַליעזע מעשׂה איז מרומז אין דער תּורה. עס שטייט געשריבן ׳ותּמלא הארץ חמס׳ (דאָס לאַנד איז פֿול געוואָרן מיט רויב). אַל תּקרא חמס אלא כאַמעס... אונדזער ייִשובֿ איז פֿול מיט כאַמעס...

ער איז געווען אויך אַ גרויסער בעל־מידות: בטבֿע אַ מענטש אַ היציקער, אַ נוח לכעוס, פֿלעגט זייער אָפֿט טרעפֿן אַז בעת אַ היי־

ציקן שמועס אָדער פּאָלעמיק פּלעגט ער צו מאָל פאַרלירן דעם קאָנ־טראָל איבער זיך און זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ שאַרף וואָרט, פון וועלכן זײַן אָפּאָנענט האָט זיך געקאָנט פילן זייער געטראָפן. דאָס האָט פּאַסירט אַפילו בנוגע זײַנע בעסטע פרײַנד און חבֿרים. אויף מאָרגן אָבער, פלעגט ער קומען צו זײַן נעכטיקן דיסקוטאַנט און אים מפייס זײַן, אויב ער האָט נאָר געפילט אַז ער האָט בעידנא דריתחא איבער־געכאַפּט די מאָס און יענער האָט אַ רעכט אין כּעס צו זײַן אויף אים.

— זײַט מיר מוחל — פלעגט ער זאָגן מיט אַ ברייטן שמייכל אויף זײַן געזיכט — איך האָב נעכטן געזינדיקט קעגן אײַך מיט מײַן „שלעכטער צונג" (בלשון הרע)...

*

עס איז מיר אויפֿגעשוווּמען אין זכּרון מײַן ערשטע באַקאַנט־שאַפט מיט ר' מרדכין. דאָס איז געווען אין פעברואַר אָדער מאַרץ 1918, דרײַ אָדער פיר חדשים נאָך מײַן אַרײַנטרעטן אין „די אידישע צײַטונג" ווי אַן אינערלעכער רעדאַקציע־מיטגליד. ער האָט מיך גע־קענט פון מײַן דרויסנדיק מיטאַרבעטן חדשים פריִער, נאָך פון דער מאָזעסווילער קאָלאָניע, איז ער איין מאָל אַ פאַרנאַכט געקומען אין רעדאַקציע און געפרעגט אויף מיר. ער איז בכלל געווען אַ יוצא ונכנס אין דער רעדאַקציע.

דער ערשטער אײַנדרוק איז געווען באמת אַ שווערער: פאַר מיר איז געשטאַנען אַ ייִד אַ דעמב — אַ הויכער, אַ שטײַפער, מיט קאַרע ליכטיקע אויגן; אַ ייִד אַ גבֿר.

מיר האָבן זיך באַקענט. „איך בין אײַערער אַ קורא וותיק; איך לייען אײַערע וועכנטלעכע 'לײַכטע שמועסן' זינט זיי האָבן זיך געוויזן אין 'די אידישע צײַטונג' און לעצטנס לייען איך אויך אײַערע אַנ־דערע אַרבעטן, זינט איר זענט אַרײַן לפני ולפנים... נו, בין איך געקומען אײַך געבן אַ יישר־כּוח..."

— אַ דאַנק — איז געווען מײַן ענטפער.

— קומט, לאָמיר טרינקען אַ קאַווע, וועלן מיר זיך נענטער באַ־

קענען. איך אײַך קען שוין זייער גוט פֿונעם לייענען; איך בין אָבער אַן עגאָיִסט... איך וויל איר זאָלט מיך אויך קענען...

און איך האָב אים געקענט און דערקענט און — ליב באַקומען. עס האָט זיך פֿאַרבונדן צווישן אונדז אַ וואַרעמע פֿרײַנדשאַפֿט וואָס איז געוואַקסן מיטן גאַנג פֿון די יאָרן און האָט גאָר לאַנג אָנגעהאַלטן.

ר׳ מרדכי איז געווען דאַן אין די יאָרן פֿון זײַן גלאַנץ און שטאַרקער פּאָפּולאַריטעט. ער איז געווען באַליבט און געשאַצט אין אַלע קרײַזן פֿונעם ישוב. יונג ווי אַלט פֿלעגן ליב האָבן צו הערן ר׳ מרדכי ראָזאָווסקיס אַ וואָרט, אַ קלוג ווערטל, אַ שאַרפֿן אַרײַנזאָג... מיר האָבן ליב געהאַט צו הערן זײַנע רייד, ווײַל אין זיי האָט מען געשפּירט און געהערט לעבנס־חכמה. און זײַן פּשטות איז געווען נאַטירלעך, פּונקט ווי זיין עניוות איז געווען נאַטירלעך. מען האָט ליב געהאַט זײַן צוגעלאָזנקייט צו מענטשן און זײַן זאָגן יעדערן דעם אמת אין די אויגן, אָן צירלעך מאַנירלעך, ווען נאָר דאָס איז געווען נייטיק. אַפֿילו די ברויזנדיקע כּעס־אויסדרוקן, וואָס פֿלעגן זיך טרעפֿן בײַ אים גאַנץ אָפֿט, האָט מען אים מוחל געווען, און בפֿרט אַז אין כּעס פֿלעגט ר׳ מרדכי ווערן בעיקר דעמאָלט ווען אים האָט זיך געדאַכט אַז מען באַגייט אַ געזעלשאַפֿטלעכע עוולה. ר׳ מרדכין פֿלעגט מען מוחל זײַן אַפֿילו ווען ער איז אַ מאָל געווען אומגערעכט אין זײַן בייזקייט און „ווספּולטשעוודיקייט״, ווי ער פֿלעגט באַצייכענען זײַנע אויסברוכן.

*

אין די יונגע און מיטעלע יאָרן איז ר׳ מרדכי געווען, ווי שוין געזאָגט, אַ לייענער אַ מתמיד און אויך אַן עמקן. ער האָט אָבער נישט געהאַט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן סימן צו ווען שרײַבן, אָדער אַז ער האָט אַ נייגונג צו שרײַבן. זײַן כּוח איז געווען אינעםריידן, אין זײַן שאַרף וואָרט, ווערטל און אַרײַנזאָגעכץ, וואָס איז בליציק מער ווען מען הערט דאָס אין שמועס ווי ווען מען זעט דאָס בכתב. איך וואָלט קיין מאָל נישט געגליבט אַז ר׳ מרדכין, דעם ייִדן דעם פּיקח,

וועט זיך אויף דער עלטער פאַרגלוסטן צו שרײַבן, און נישט סתם אַ מאָל אין אַ יובל, נאָר שרײַבן זייער און זייער אָפּט...

שטעלט אײַך פֿאָר מײַן שטוינונג, ווען איך האָב איין מאָל, עפּעס־נענדיק אין דער פֿרי „די אידישע צײַטונג", דערזען אָפּגעדרוקט זײַנס אַן אַרטיקל. דאָס איז שוין געווען נאָך דעם ווי איך האָב אויפֿגעהערט צו טראָגן דאָס אַחריות פֿון אַ רעדאַקטאָר, נײַערט איך בין געווען אַ שרײַבער אַ פשוטער, ווי אַלע בשׂר־ודמס־שרײַבערס.

דעם זעלביקן טאָג האָבן מיר זיך געטראָפֿן בײַ אַ קאַווע. אָוונט — מיר זיצן איינער קעגנאיבער דעם צווייטן. ער קוקט אויף מיר מיט אַ שמייכל און וואַרט, משמעות, איך זאָל עפּעס זאָגן; איך שווײַג. סוף־סוף האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— איר האָט געלייענט?

— יאָ, — האָב איך מיט אַ האַלב מויל געענטפֿערט — איך האָב עס געלייענט.

— נו?! — האָט ער אַ ברום געטאָן.

— איך וועל אײַך זאָגן, ר' מרדכי, וואָס איך האָב געטראַכט נאָכן איבערלייענען. עס איז מיר געקומען אויפֿן געדאַנק אַז ס'וואָלט געווען ניט שלעכט — כ'ווייס נישט צי פֿאַר אײַך וואָלט עס געלוינט, פֿאַר מיר זיכער — אַז מיר זאָלן זיך בײַטן מיט אונדזערע פּרנסות: איך זאָל ווערן אַ סקלאַדניק און אַ סוחר מיט געהילצן און איר אַ שרײַבער... אַן אַרטיקלען־שרײַבער אין „די אידישע צײַטונג"...

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן, אַז איך בין נישט קיין שרײַבער, פּונקט ווי איר זײַט נישט קיין סוחר?... איז ערשטנס, האָב איך נישט קיין תּביעות אויף שרײַבערײַ, און צווייטנס, וועל איך אײַך מגלה זײַן אַ סוד. איר מיינט באמת אַז איך בין אַ סוחר? דאָס עשירות איז צו מיר געקומען על־פּי צופֿאַל, נישט ווײַל איך בין אַ סוחר. איך האָב ערבֿ דעם אויסברוך פֿון דער וועלט־מלחמה געהאַט געקויפֿט אַ סך געהילץ. די אַמעריקאַנער און בראַזיליאַנער געהילץ־סוחרים האַנדלען ראַיעל, האָבן זיי מיר צוגעשטעלט די באַשטעלטע געהילצן לויט דעם קויפֿפּרײַז פֿון פֿאַר דער מלחמה, הגם ווען איך

האָב זיי באַקומען איז שוין געווען טיף אין וועלטקריג און די סחורה איז שוין דאַן געשטיגן הונדערט מאָל אַזוי פּיל אין פּרייַז. דאָס איז געווען דער אָנהייב, און אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל אין די מלחמה־יאָרן. מייַן מזל האָט מיר צוגעשפּילט, נישט מייַן סוחרישער טאַלאַנט, וועלכער איז מוטל בספק. משל למה הדבר דומה, ווי איינער וואָס קויפט אַ לאָטעריי־צעטל און מאַכט דאָס גרויסע געווינס. אָבער אַז מען באַקומט געלט און מען האָט אַ זעגמיל און אַ סקלאַד געהילצן — מיינט די וועלט, אַז מען איז אַ סוחר... און איך האָב חלילה נישט קיין תּביעות אויף שרייַבערייַ. צו מאָל שווימען מיר אויף אין מוח געדאַנקען וועגן געוויסע ענינים — פּיל איך לעצטנס אַ מין באַדערפעניש זיי אויפצושרייַבן... עס איז אַ מין אויסלאָדונג: עס ווערט מיר לייַכטער ווען איך שרייַב עס אויף.

און אַזוי איז ער געוואָרן אַ שרייַבער אויף דער עלטער. שפּעטער האָט ער געשריבן זייער אָפט, אפשר שוין צו אָפט, און די מאמרים זייַנען טייל מאָל געווען לאַנגע. דרוקן פּלעגט ער זיך אין „די אידישע צייַטונג" און „די אידישע וועלט". די אַרטיקלען האָבן טאַקע נישט געהאַט דעם גלאַנץ פון זייַן תּורה־שבעל־פּה, אָבער אויך אין זיי האָט נישט געפעלט ר' מרדכיס כאַראַקטעריסטישע בליציקייט און שאַרפקייט פון וואָרט.

*

אין אונדזער לאַנגער פרייַנדשאַפט האָט זיך פּאַרט געמאַכט איין מאָל אַ דראַסטישער איבעררייַס, הגם נישט אויף קיין לאַנגער צייַט: ער האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר חדשים.

דאָס איז געווען אין 1939. איך האָב דאַן געגרייט דאָס רש"י־בוך וואָס האָט געדאַרפט דערשייַנען אין 1940, צו רש"יס נייַנהונדערטסטן געבוירן־יאָר, אויף יידיש, שפּאַניש און מיט אַ העברעיִשן קיצור.

כּנהוג, איז געווען אַ רעדאַקציע־קאָמיסיע, אין וועלכער עס האָבן פיגורירט אויך ר' צבֿי שוואַרץ ז"ל, ר" נתן געזאַנג ז"ל, ר' ידידיה אפּרון ז"ל א"אַ. דאָס בוך אָבער האָב איך געמאַכט, נישט נאָר רעדאַגירט. חוץ דרייַ גרויסע מאָנאָגראַפיעס, וואָס איך האָב געשריבן

אַליין, האָב איך געדאַרפֿט רעדאַגירן און סטיליזירן און אַפֿילו אי־בערזעצן געוויסע אַרבעטן פֿון העברעיִש. מײַן תּנאי־מפֿורש, בעת איך האָב גענומען אויף זיך די אַרבעט צו מאַכן דאָס רש״י־בוך אויף ייִדיש, איז געווען, אַז אַלע מיטאַרבעטערס זאָלן זיך אונטערוואַרפֿן דער רעדאַקציע, ד״ה מײַן רעדאַקציע, ווײַל קיין אַנדער רעדאַקציע איז בפֿועל ממש נישט געווען. אַלע אַרבעטן זײַנען רעדאַגירט גע־וואָרן: איניקע האָט מען געמוזט איבערשרײַבן כּמעט אין גאַנצן; אַנדערע האָט מען געמוזט שטאַרק קירצן. אַלע האָבן זיך אונטערגע־וואָרפֿן אָן פּראָטעסטן, פֿאַרשטייענדיק אַז די גאַנצקייט און דער כאַ־ראַקטער פֿונעם רש״י־בוך פֿאָדערן דאָס.

ר׳ מרדכי, זכרונו לברכה, האָט אויך געבראַכט אַן אַרבעט וועגן רש״יִן. איך האָב זי איבערגעלייענט און געזען, אַז אַזוי ווי זי איז קען זי נישט גיין: מען מוז זי כּמעט אין גאַנצן איבערשרײַבן, קירצן, געבן אַ פֿאָרעם פֿון אַן עסיי, סטיליזירן. האָב איך עס אים געזאָגט פֿריִער. איז ער בייז געוואָרן... איך האָב זיך אָבער פֿעסט געהאַלטן בײַ מײַן שטאַנדפּונקט און האָב אים דערקלערט אַז די חשיבֿות פֿון בוך פֿאָדערט עס; און איך האָב אים אויך דערמאָנט די באַדינגונגען, וואָס איך האָב געהאַט געשטעלט דעם רעדאַקציע־קאָמיטעט. דער־מיט האָט זיך דער שמועס דאַן פֿאַרענדיקט. איך האָב געטאָן מײַן חובֿ: איבערגעשריבן, געקירצט די אַרבעט. אַז זי איז שוין געווען אויסגעזעצט, האָב איך — אויף זײַן בקשה, הגם איך האָב געהאַט אַ רעכט איר נישט נאָכצוקומען — אים געוויזן די פּראָבע־בויגנס. ווען ער האָט דערזען אַז פֿון זײַן מאמר איז געבליבן קוים אַ העלפֿט, איז זײַן רוגז אַריבער אין כּעס.

— וואָס אַרט אײַך — האָט ער זיך געקאָכט — אַז איך וואָלט זיך באַוויזן פֿאַרן לייענער מיט מײַן צו לאַנגער און נישט שיינער... נאָז? ס׳איז דאָך מײַן נאָז און זי טראָגט מײַן נאָמען...

— ר׳ מרדכי — האָב איך פּרובירט אים באַרויִקן — עס האַנדלט זיך וועגן אַ בוך וואָס איז, אין אַ געוויסער מאָס, אַ קאָלעקטיווע שאַ־פֿונג פֿון אַ ריי מענטשן. ווער עס טראָגט פֿאַרן בוך בײַ מערער, ווער

וויניקער. אָבער עס איז אַ קאָלעקטיוו... פּנים. אויב איר רעדט שוין וועגן נעז, איז עס נישט אײַער נאָז, נאָר אַ נאָז אויפֿן געזיכט פֿונעם בוך... אויב איר זענט נישט מסכּים, קען דאָס בוך דערשײַנען אָן אײַער אַרבעט.

ער איז דאַן אַוועק מיט אַ בייזן קלאַפּ אין טיר.

אַ פּאָר חדשים זײַנען אַוועק. ער האָט נישט ווייכער געמאַכט דעם רוגז, זיך נישט געוויזן אין רעדאַקציע. איך, פֿון מײַן זײַט, האָב אויך נישט געמאַכט קיין טריט אים איבערצובעטן. כ׳האָב געוואַרט ביז דאָס בוך וועט דערשײַנען. אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי דאָס בוך איז דערשינען, קומט פּלוצלינג ר׳ מרדכי אַרײַן אין רעדאַקציע און גייט־צו גלײַך צו מײַן אַרבעטטיש. פֿון ווײַטנס האָב איך שוין באַמערקט אַז אַ ברייטער שמייכל באַלײַכט זײַן שטײַף ביינערדיק געזיכט. ער שטרעקט צו מיר אויס די האַנט און:

— ר׳ יוסף, זײַט מיר מוחל. איר זײַט געווען גערעכט, נישט איך... איך האָב נאָר וואָס איבערגעלייענט מײַן אַרבעט אין דעם רש״י־בוך... עס איז טאַקע בעסער און שענער און קאָנצענטרירטער ווי עס איז געווען בײַ מיר. זײַט מיר מוחל וואָס איך האָב לגבי אײַך געדינט עבֿודה־זרה... כּעס איז עבֿודה־זרה...

און איך וואָלט געקענט שווערן, אַז אין זײַנע אויגן האָב איך דאַן באַמערקט אַ פֿײַכטן גלאַנץ. און ר׳ מרדכי איז געווען אַ ייִד אַ דעמב, וואָס עמאָציאָנירט זיך נישט אַזוי לײַכט...

*

זיצנדיק אַ מאָל אין קאַפֿע און שמועסנדיק סתּם אַזוי מיט מיר „על דא ועל הא״ — ווי ער פֿלעגט ליב האָבן צו זאָגן — איז דער שמועס אונדזערער אַרויפֿגעקומען אויפֿן טויט. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ לוויה פֿון אַ ייִדן, וואָס איז פֿאַרגעקומען אַ טאָג פֿריִער: אין דער יוגנט איז ער געווען אַ גרויסער גבֿיר, „געשמיסן מיט דער בײַטש״ גאָר הויך און ברייט, און אויף דער עלטער איז ער געווען אַ יורד. די געשעפֿטן זײַנען אַוועק שלעכט און עס האָט דערגרייכט ממש עד כּיכּר לחם. איך האָב דעם ייִדן נישט געקענט, אָבער היות

ער איז געווען פֿון ר׳ מרדכיס בראַנזשע, האָט ער גוט געקענט דעם פּאַל, און שטאַרק באַדויערט.

—איר ווייסט — גיט ער צו מיר אַ זאָג — דער פּאַל האָט מיר דערמאָנט אַ וואָרט פֿון מײַן פֿאָטער עליו השלום. ער פֿלעגט זאָגן: „לכתחילה האָט יעדער ייִד בײַם רבונו של עולם אַ חובֿ פֿון לפּחות הונדערט טויזנט רובל... און דער רבונו של עולם איז מחויבֿ צו צאָלן דעם חובֿ; בדיעבֿד אָבער מוז יעדער ייִד זײַן צופֿרידן אויב ער קומט נישט צו קבֿורה אין פֿרעמדע תּכריכים, רחמנא ליצלן״.

ניבא ולא ידע מה ניבא — ר׳ מרדכי האָט דאַן נבֿואה געזאָגט נישט ווי סנדיק וועגן וועמען ער זאָגט עס... אַזוי האָב איך געטראַכט בעת איך בין, מיט יאָרן שפּעטער, געווען צווישן די מלווים פֿון ר׳ מרדכיס אָרון. די לעצטע יאָרן זײַנען אים די געשעפֿטן אַוועק זייער שלעכט, נאָך דעם ווי ער איז עטלעכע מאָל אַריבער פֿון איין בראַנזשע אויף דער צווייטער... אַ פּנים אַז ער איז געווען גערעכט ווען ער האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ קנאַפּער סוחר. ביס־לעכווײַז האָט זיך אויך אָנגעהויבן זײַן מאָראַלישע ירידה און דערצו איז דאָס אויסגעפֿאַלן כמעט איינצײַטיק מיט אַ גרויסער ירידה אין זײַן געזונט.

ר׳ מרדכי איז געוואָרן אַ יורד מנכסיו און דערצו איז ער געווען אַלט און קראַנק. אָבער זײַן פּיקחות און דאָס שאַרפֿע בליציקע וואָרט האָבן אים נישט פֿאַרלאָזט ביזן סוף פֿון זײַן לעבן... ער האָט זיך ריכטיק אָפּגעגעבן חשבון פֿון זײַן לאַגע.

עס שווימט מיר אויף אין זכּרון, וואָס ער האָט מיר געזאָגט געצײלטע טעג פֿאַר זײַן פּטירה. איך בין אַרײַן אים מבֿקר חולה זײַן. ער איז געלעגן מיטן פּנים צו דער וואַנט און האַלב געדרימלט־נישט־געדרימלט. אַז איך בין צוגעקומען צום בעט, האָט ער זיך אומגעקערט צו מיר. כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן זײַן בעט, געשוויגן און בפֿירוש ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, וואָס צו ריידן... ר׳ מרדכי האָט אויך געשוויגן; מ׳האָט געזען אַז ער זוכט זיך צו שטאַרקן איבער די ווייטיקן — און ס׳קומט אים אָן נישט לײַכט.

פלוצלינג — און די אויגן זײַנע, אויסגעלאָשענע פֿון דער שווער־רער קראַנקייט, האָבן אויפֿגעלויכטן מיט אַ מין שטילן, פֿײַערלעכן שײַן.

— ר׳ יוסף, איר ווייסט וועגן וואָס איך טראַכט איצט? די תּורה גיט אונדז אָן דעם „למען יאַריכון ימיך" ווי אַ גרויסע ברכה, אַ גליק אַ גרויס: דײַנע טעג זאָלן זײַן לאַנגע, וועסט לאַנג לעבן. טראַכט איך איצט: ווי פֿאַר וועמען. גאַנץ אָפֿט איז אַריכות ימים גאָר אַ קללה, די שרעקלעכסטע קללה פֿון דער תּוכחה. אָט, נעמט מיך, למשל: וואָלט נישט געווען בעסער, גלײַכער און יושרדיקער ווען איך שטאַרב מיט עטלעכע יאָר צוריק? פֿאַר מיר איז אַריכות ימים געווען אַ קללה.

און ווי חזקיהו בשעתו, האָט ער אומגעקערט זײַן פּנים צו דער וואַנט און כ׳האָב דערהערט אַ שטיל ספֿק קרעכצן, ספֿק זיפֿצנדיק העשען...

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר מלווה געווען ר׳ מרדכין.

„די אידישע צײַטונג", 6טער יאַנואַר 1965

# דערמאָנונגען וועגן דער טראַגישער וואָך

האָב איך אָנגעשריבן די טיטל־שורות און די ערשטע צוויי קורצע זאַצן, און אַ געדאַנק, אפשר אַ זײַטיקער, האָט מיך באַהערשט: וויפל זײַנען נאָך דאָ אין בוענאָס־אײַרעס און אין אַרגענטינע בכלל, וואָס געדענקען נאָך די געשעענישן פון דער „טראַגישער וואָך"? עס זײַנען זינט דעמאָלט פאַרלאָפן פופציק יאָר: צוויי דורות. די, וועלכע זײַנען אין יענע שרעקלעכע טעג געווען יונגעלײַט — ווי דער שרײַבער פון די שורות — זײַנען שוין הײַנט זקנים. די, וועלכע זײַנען שוין דאַן געשטאַנען אויפן שוועל פון זיקנה, זײַנען לאַנג שוין אַוועק. גאָר ווייניקע קענען איצט דערציילן, וואָס זיי אַליין האָבן געזען בעת דער „טראַגישער וואָך" וואָס בוענאָס־אײַרעס האָט איבערגעלעבט מיט אַ פולן יובל יאָרן צוריק...

„די טראַגישע וואָך" — אַזוי האָט מען זי שפּעטער אָנגערופן — האָט זיך אָנגעהויבן דעם 9טן יאַנואַר 1919 און האָט געדויערט אַזעלכע צען־צוועלף טעג, אין משך פון וועלכע עס האָט אין בוענאָס־אײַרעס געבושעוועט פּאָליציייִשער טעראָר און סאָלדאַטישער ווילקיר. יִדן זײַנען נאָך געווען ווינציק אין אַרגענטינע. עס איז דאָך געווען גלײַך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די יִדישע מאַסן־אימיגראַציע האָט זיך נישט באַנײַט ביז מיט אַ דרײַ־פיר יאָר שפּעטער. מען האָט געשאַצט אַז אין לאַנד זײַנען דעמאָלט געווען אַרום הונדערט טויזנט יִדן, און די דאָזיקע צאָל איז גיכער איבערגעטריבן איידער קנאַפּ לגבי דער ווירקלעכקייט. אַ גרויסער טייל, אין יעדן פאַל דער הויפּט אַקטיווער קולטורעל־געזעלשאַפטלעכער חלק פון דעם יִדישן דעמאָגראַפישן קערן אין אַרגענטינע, האָט נאָך דאַן גע־

הערט צו די קאָלאָניעס און צו אַ פּאָר גרעסערע פּונקטן אין דער פּראָווינץ. און דאָרטן האָט מען כמעט נישט איבערגעלעבט די „טראַגישע וואָך", הגם מען האָט יאָ געהאַט ידיעות וועגן דעם וואָס עס געשעט אין בוענאָס־אײַרעס. איבערגעטראָגן די גרויליקע איבערלעבונגען האָבן נאָר די אײַנוווינערס פֿון דער הויפּטשטאָט אַליין, און עפּעס וואָס אויך ראָזאַריאָ.

און הגם די ניט־ייִדישע קרבנות זײַנען סײַ אין צאָל, סײַ אין פּראָפּאָרץ, געווען מער ווי די ייִדישע, האָבן ייִדן אָבער געליטן אַ סך מער: רדיפֿות, נגישות, אַרעסטן, קלעפּ, באַליידיקונגען און טאַקע אויך מאַטעריעלע שאָדנס אין די קראָמען און היימען.

אויף דער דעמאָלטיקער ייִדישער גאַס האָט געהערשט, אין יענע טעג, אַ מין פּאָגראָם־אַטמאָספֿערע. עס איז געווען אַ פּחד און אַ געפֿאַר אַריבערצוגיין די גאַס, און אַ פּחד און אַן אימה האָבן באַהערשט די, וואָס פֿלעגן פֿאַרבלײַבן אין שטוב.

אַזוי איז עס פֿאַרבליבן אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון.

אמת: פּחד און אימה האָבן באַוועלטיקט דאַן בכלל די גאַסן פֿון בוענאָס־אײַרעס, אָבער מער ווי די אַנדערע געגנטן פֿון שטאָט — די געגנטן פֿון ייִדישער וווינערשאַפֿט. די „אָנסע"־געגנט, צווישן די גאַסן כונין און אַגועראָ, נאָך „מערקאַדאָ אַבאַסטאָ", און אויך צווישן די גאַסן קאָרדאָבאַ און סאַרמיענטאָ, האָט דאַן נישט געהאַט דעם זעלביקן אויסזען וואָס איצט. עס איז נישט געווען דאַן די איצטיקע קאָמערציעלע, רוישיקע, קאָכעדיקע „אָנסע"־געגנט, מיט די קראָמען טיר בײַ טיר און די לאַנגע שורות וואָלקן־קראַצערס. דאָס איז נאָך געווען אַ שטילע, קליינשטעטלדיקע רעזידענץ־געגנט, וואָס האָט נאָך פֿאַרמאָגט אַ סך „קאָנווענטיזשאָס", הייף ווו משפּחות האָבן געלעבט אין איין צימער, מיט בלעכענע קיך־ביידלעך בײַ יעדער טיר. כאָטש קיין אימיגראַציע איז אין משך פֿון דער מלחמה נישט אָנגעקומען אין לאַנד, האָט נאָך די מערהייט ייִדן אין בוענאָס־אײַרעס אויפֿגעהאַלטן דעם אימיגראַנטישן הילוך. מען איז נאָך געווען העט ווײַט פֿון צו זײַן אויסגעגרינט. און בנוגע די פּרנסות אויך דאָס זעלביקע:

„קוועגטעניקעס“, „קלאַפּערס“ אַרומגייענדיקע און אַרבעטערס, בעלי־מלאכהס פֿאַר זיך צי באַשעפֿטיקטע אין ייִדישע וואַרשטאַטלעך: סטאָליערס, פּוצערס, שנײַדערס, שוסטערס (ווינציקער). געלעבט, אויב נישט אין אָרעמקייט, איז בדרך־כּלל קוים פֿרײַ פֿון דחקות. אָבער אַלע האָבן נאָך גוט געדענקט דעם פּשט און דעם טײַטש פֿונעם וואָרט „פּאָגראָם“... און אין בוענאָס־אײַרעס, אין יענער יאַנואַר־וואָך מיט פֿופֿציק יאָר צוריק, האָבן אַלע געלעבט אין דער אַטמאָספֿערע פֿון אַן אמתן פּאָגראָם „בנוסח קריאָזשאָ“.

קיין סך קראָמען האָט מען, אמת, דאַן נישט צעראַבירט, און ווי געזאָגט, האָבן ייִדן געהאַט אין פּראָפּאָרץ ווייניקער קרבנות בנפֿש ווי די „גאַזשעגאָס“ (שפּאַניער) אָדער איטליענער, אָבער „פּאָגראָם־פֿליטערלעך“ זײַנען ייִדן אויסגעשטאַנען מער און שווערער ווי נית־ייִדישע אויסלענדערס.

*

נישט נאָר סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן דאַן געבושעוועט, נײַערט — און דאָס האָט טאַקע געשאַפֿן דעם „פּאָגראָם־פּייזאַזש“ אין דער טראַגישער וואָך — ציווילע אויך. דאָס האָט די „פּאַטריאָטישע ליגע“ אַרגענטינער ווילע יונגען, טאַטנס זינדעלעך, אונדזערע הײַנטיקע „טאַקוואַראַ“ — אַרויסגעהאָלפֿן די פּאָליציי און די „קאָזאַקן“, ווי ייִדן האָבן אַ נאָמען געגעבן דער רײַטער־פּאָליציי. זיי האָבן דאָס באַגלייט די פּאָליציי־לײַט און זעלנערס בעת דער „קאַסאַ אַל רוסאָ“ („רוסאָ“־יאַגד, ייִדן־יאַגד). מען האָט כּלומרשט געזוכט מאַקסימאַליסטן אין די אָרעמע וווינונגען פֿון די דעמאָלטיקע ייִדישע אַרבעטערס און בעלי־מלאכהס. דאָס רובֿ אין דער „פּאַטריאָטישער“ יוגנט זײַנען געווען... סטודענטן.

אַזעלכע צען טעג איז אין בוענאָס־אײַרעס קיינער נישט זיכער געווען מיטן לעבן: בײַם אַריבערגיין די גאַס האָט מען גלאַט אַזוי, פֿון פֿאַרגעניגן ווען מסתּמא, געשאָסן אויף דורכגייערס; און טאָמער איז מען, געטריבן פֿון פּחד, געלאָפֿן, האָט די רײַטער־פּאָליציי נאָכגעיאָגט און מיט די פֿערד צעטראָטן די געפֿאַלענע, געשלאָגן מיט די

בײַטשן, מיט געווער, געממיתט און אַרעסטירט אין די מאַסן. עס איז געווען — באַזונדערס די ערשטע עטלעכע טעג, ממש לית דין ולית דיין. די שרעקלעכע בילדער שווימען מיר אַרויף איצט אין זכרון.

וויפֿל זײַנען דאַן געפֿאַלן טויט, אין די גאַסן און אין די הייפֿן? די פּאָליציי האָט אָנגעגעבן לעכערלעכע ציפֿערן פֿון צענדליקער, אָבער יעדן טאָג האָט מען מקבר געווען אויף די צווינטערס פֿון בוענאָס־אײַרעס, אין דער שטיל, אַ סך הונדערטער. מען האָט דאַן גע־שמועסט אין די רעדאַקציעס פֿון די היגע צײַטונגען וועגן פֿינף־זעקס טויזנט, לויט דער צאָל פֿון די באַערדיקטע. ייִדן — צום גליק נישט קיין סך: אפֿשר ביז אַ מנין. לכל־הפּחות, אַזאַ צאָל האָט מען אי־בערגעגעבן דער חבֿרה־קדישא צום באַערדיקן. אָבער נגישות האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג געליטן אָן אַן ערך מער און ערגערע ווי אַנדערע טיילן פֿון דער אײַנוווינערשאַפֿט.

די צאָל אַרעסטירטע איז געווען גרויס — מען האָט זי געשאַצט אין עטלעכע צענדליק טויזנט — און צווישן די אַלע חשודע אין „מאַקסימאַליזם“ איז דווקא שוין יאָ געווען גרויס די צאָל פֿון ייִדן, גרעסער אין פּראָפּאָרץ ווי די פֿון נישט־ייִדן, און אין די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן האָט מען מערדערלעך געפּײַניקט די אַרעסטירטע.

באַזונדערס מערדערלעך האָט מען דעמאָלט געפּײַניקט, געמו־טשעט און געשלאָגן דעם „שעף פֿון דער מאַקסימאַליסטישער רע־פּובליק אין אַרגענטינע“ (אַזוי האָט אים באַצייכנט די פּאָליציי בײַם אַרעסטירן און שפּעטער, אין איר באַריכט פֿאַר די צײַטונגען, אָבער נישט פֿאַרן געריכט). דאָס איז געווען פּיניע וואַלד ע״ה, אַ זייער פּאָ־פּולערער בונדישער פֿירער און רעדאַקטאָר פֿון „די פּרעסע“, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דעם 1טן יאַנואַר 1918.

וואַלד איז געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער היגער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי, און דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט צוגעשטעלט אין געריכט אַ „האַבעאַס קאָרפּוס“־פֿאָדערונג וועגן אים און האָט באַ־שטימט דעם נאָר וואָס גראַדויִרטן אַדוואָקאַט ד״ר פֿעדעריקאָ פּינעדאָ צו פֿאַרטיידיקן וואַלדן. אויף דער אויפֿפֿאָדערונג פֿון געריכט: פֿאַר

וואָס איז וואַלד אַרעסטירט, האָט די פּאָליציי נישט געקענט אַרויס־שטעלן קעגן דעם „פּרעזידענט פֿון דער זיד־אַמעריקאַנער מאַקסימאַ־ליסטישער רעפּובליק“ קיין אַנדער באַשולדיקונג, ווי „אומלעגאַלער וואָפֿן־־באַזיץ“, וואָס אַלע האָבן געוווּסט אַז דאָס איז אַ ליגן. דער שרײַבער פֿון די שורות איז דאַן געווען אין געריכט ווי אַ צײַטונג־פֿאָרשטייער —די אוידיענץ איז געווען „אין וואַצע“ מיטן אָנטייל פֿון דרײַ ריכטערס — און ער איז אַן עדות אַז די שופֿטים האָבן נישט געקענט אײַנהאַלטן ס׳געלעכטער ווען זיי האָבן דערהערט די באַשול־דיקונג. מען האָט באַצאָלט הונדערט פּעזעס אַ שטראָף און וואַלד איז גלײַך באַפֿרײַט געוואָרן; אַ צעקלאַפּטער און אַ פֿאַרשוואָלענער פֿון די קלעפּ, מיט וועלכע די פּאָליציי האָט אים געפּײַניקט אין קאָמיסאַריאַט. דאָס איז שוין אָבער געווען אויפֿן אַכטן אָדער נײַנטן טאָג פֿון די אומרוען, ווען דער גאַנצער פֿאַנטאַסטישער מיטאָס וועגן אַ דרום־אַמעריקאַנער מאַקסימאַליסטישער רעפּובליק — וואָס די פּאָליציי האָט אינפֿאָרמירט דורך די צײַטונגען און אין נאָמען פֿון דעם, ווילד געבושעוועט — האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַזאַ מוראדיק ווילדער בלאָף, אַז די אויסטראַכטערס גופֿא האָבן מורא געהאַט עס צו ברענ־גען און פֿאַרמולירן פֿאַרן געריכט.

און מעגלעך... מעגלעך אַז עס איז גאָר נישט געווען קיין בכּיוונדיקע אויסטראַכטעניש פֿון דער פּאָליציי, נײַערט עפּעס אַ מין קאָלעקטיווער פּסיכאָז פֿון מורא, פֿון פּחד וואָס האָט באַהערשט דאַן די פּאָליציי־מאַכט איבער דעם שאַרפֿן סאָציאַלן סיכסוך און וואָס פֿאַר געוויסע פּאָליטישע קרײַזן האָט זיך געלוינט אים אויפֿצובלאָזן כּדי צו ציִען פֿון דעם אַ נוצן. אַזעלכע קלאַנגען זײַנען אַרומגעגאַנגען דאַן אין שטאָט, און אין די רעדאַקציעס פֿון די גרויסע צײַטונגען האָט מען זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט צו זיי.

די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געטריבן דעם בערך צוויי וואָכן לאַנגגן בלוטיקן קאָשמאַר, האָבן געהערט צום רײַטער־רעגימענט פֿון קאַמפּאָ דע מאַזשאָ. מען האָט זיי געבראַכט אין שטאָט און זיי האָבן געלאַ־גערט אויף אָנסע־פּלאַץ, קאָנגרעס־פּלאַץ און אַרום דעם צענטראַלן

פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. נאָך דער ערשטער וואָך האָט זיך דער מצבֿ אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן און גאָר גיך איז אַלץ צוריק געוועזן... ווי קיין מאָל גאָרנישט, אָבער טויזנטער טויטע און אַן אַ שיעור פאַר־פּײַניקטע, צווישן זיי אַ סך ייִדן, איז געווען דער באַלאַנס פון יענע פינצטערע טעג.

*

וואָס זשע איז פּאָרט דאָן געשען? וואָס אַזוינס האָט געפירט אַז מען זאָל אַ הויפּטשטאָט פון אַ רויִקער מדינה איבערגעבן סתּם אַזוי אין רשות פון סאָלדאַטישן ווילקיר און פון פּאָליצייִשער אַכזריות, ווען אַלץ אין לאַנד איז געווען נאָרמאַל? ביז איצט ווייסט מען נישט גענוי, און מסתּמא וועט מען שוין קיין מאָל נישט וויסן. אָבער השערות זײַנען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַ סך; קלאַנגען זײַנען דאָן אַרומגעגאַנ־גען פאַרשיידענע — און פאַרבליבן קלאַנגען.

צי האָט דאָן די נײַע ראַדיקאַלע רעגירונג זיך באמת דערשראָקן פאַר אַ כּלומרשטן פּאָלקסאויפשטאַנד? אָדער אפשר איז עס גאָר גע־ווען אַ שפּיצל פון די אָליגאַרכן פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, וואָס דער וואַלזיג פון די ראַדיקאַלן האָט זיי מיט צוויי יאָר פריִער געהאַט אַרויסגעשטויסן פון די רעגירונג־פּאָזיציעס און גאַנצן לאַנד און אין די פּראָווינצן, און זיי האָבן געוואָלט שטערן דער רעגירונג־פאַרוואַלטונג פון היפּאָליטאָ איריגאָזשען? זיי האָבן עס געקענט טאָן, ווײַל דער מיליטערישער און פּאָליצייִשער אַפּאַראַט איז נאָך געווען אין רשות פון דער קאָנסערוואַטיווער „עליט".

אויב דאָס איז געווען אַזוי, איז דאָס געווען אַ שוידערלעך בלו־טיקע שפּיל. מען האָט אויסגענוצט אַ שטרײַק — אמת, אַ נישט־גע־וויינטלעכן, אַ שווערן שטרײַק — אין דער מעטאַלורגישער אונטער־נעמונג „וואַסענאַ". די אַרבעטערס זײַנען געווען צעטיילט צווישן זיך; ס'זײַנען געווען שטרײַקערס און שטרײַקברעכערס וואָס מען האָט גע־פּרווט ברענגען פון דרויסן; די אַרבעטערס האָבן געקעמפט צווישן זיך און אַזוי האָט מען פּראָוואָצירט דעם אָנהייב פון דעם קאָשמאַר.

אין פֿאַרלאָפֿענע פֿופֿציק יאָר האָט מען, אין פֿאַרשיידענע צײַטן און בײַ פֿאַרשיידענע אומשטאַנדן, געפֿאָרשט דעם ענין, און מען האָט אַ סך געשריבן און פֿאַרעפֿנטלעכט וועגן דעם: ביכער, מאָנאָגראַפֿיעס, אַרטיקלען, דאָקומענטן און אַפֿילו בעלעטריסטישע ווערק.

וואָס איז פֿאָרגעקומען? דעם ענטפֿער מוז מען זוכן אין דער וועלט־אַטמאָספֿערע, אַזוי צו זאָגן, וואָס האָט פֿון אייראָפּע, ריכטיקער פֿון מזרח־אייראָפּע, זיך דערטראָגן אַזש ביז אַהער. עס איז מקוים געוואָרן דאָ בײַ אונדז אַן אַלט רוסיש פֿאָלקסוואָרט: די שרעק האָט גרויסע אויגן. בעת דעם דערמאָנטן, ביטערן שטרײַק פֿון די מעטאַל־אַרבעטערס האָט די פּאָליציי כלומרשט אָפּגעהיט דעם פּרינציפּ פֿון „אַרבעט־פֿרײַהייט“ און האָט געשאָסן אויף די שטרײַקערס. אַ סך אַר־בעטערס זײַנען געפֿאַלן. צו דער לוויה פֿון די געפֿאַלענע האָט פּראָ־קלאַמירט אַ גענעראַל־שטרײַק די דעמאָלטיקע צענטראַלע פֿון די סינ־דיקאַטן, „פֿאָראַ“. בײַ דער לוויה זײַנען אויסגעבראָכן געוואַלטיקע אומאָרדענונגען; מען האָט פֿאַרברענט דעם אויטאָמאָביל פֿון בוענאָס־אײַרעסער פּאָליציי־שעף עלפּידיאָ גאָנסאַלעס און אויפֿן צווינטער גופֿא האָט די פּאָליציי ווידער געשאָסן אויפֿן המון מלווים, דאָס רובֿ אַרבעטערס. נאָך אַ מאָל זײַנען געפֿאַלן טויטע און פֿאַרוווּנדעטע. דאַן האָט די אַרבעטער־צענטראַלע באַשלאָסן פֿאָרצוזעצן דעם אַלגעמיינעם שטרײַק אויף טעג און טעג... די רעגירונג האָט זיך שטאַרק דער־שראָקן: אין ראַטן־פֿאַרבאַנד איז דאָך געווען דאַן די באָלשעוויס־טישע רעוואָלוציע אין דער סטאַדיע פֿון דעם ברענענדיקסטן ביר־גערקריג, און אין אַלע לענדער אין אייראָפּע, ווי אויך אין אַ גרויסן טייל לאַטיין־אַמעריקע, האָט עס געיווירן מיט סאָציאַלער רעוואָלוציע, מיט באָלשעוויזם, וואָס דאָ האָט מען עס טעותדיק איבערגעזעצט אויף „מאַקסימאַליזם“, פֿאַרמישנדיק עס מיט אַן אַנאַרכיסטישער שטרע־מונג... די אַלע שאָטנס האָבן, בײַ דער היגער קאָניונקטור, אַרויס־גערופֿן אין די מאַכטקרײַזן אַ מין אומבאַגרענעצטן און שטאַרק עפֿעק־טיוון פּחד פֿאַר אַ „באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע“.

די הויפּט טרײַבקראַפֿט פֿון דער „טראַגישער וואָך“ איז געווען:

פחד. אַ כאַראַקטעריסטישער באַווײַז פֿאַר דעם איז דער עפּיזאָד וואָס האָט איין אָוונט געטראָפֿן אין סאַמע צענטראַלן פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט: דער עלעקטריע־צושטעל האָט זיך איבערגעריסן (שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איבער אַ פּשוטן קורצשלוס) גראָד ווען פֿון דרויסן זײַנען געקומען סאָלדאַטן צו פֿאַרטרעטן די אינעווייניקסטע וואַך. מחמת מורא, האָט די פּאָליציי אין בנין נישט געעפֿנט די צו־געקומענע כּוחות נאָר, זײַענדיק זיכער אַז דאָס איז אַ מאַקסימאַליס־טישער אָנפֿאַל, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ שיסערײַ קעגן זייערע חבֿרים פֿון דרויסן... אַזעלכע עפּיזאָדן זײַנען אין יענע טעג געווען אַ סך.

געענוי וואָס „מאַקסימאַליזם" איז, איז אָסור אויב די דעמאָלטיקע ראַדיקאַלע רעגירערס אָדער די מיליטערישע קאָמאַנדירן האָבן געוווּסט. אָבער די הויפּטשטאָט האָט באַצאָלט מיט אַ סך, אַ סך בלוט, און די קליינע, נאָך נישט־אָרגאַניזירטע יידישע עדה — מיט שווערע פּאָגראָם־איבערלעבונגען, וואָס זײַנען געבליבן אײַנגעקריצט אין אַלע־מענס זכּרון.

„די אידישע צײַטונג", 21סטער יאַנואַר 1969

## ווען לייוויק און טשערניכאָווסקי זיינען געווען אויף אַ באַזוך אין בוענאָס-איירעס

אין חודש סעפּטעמבער 1936 איז אין בוענאָס־אײַרעס אָפּגע־האַלטן געוואָרן דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס פֿון די „פּען"־קלובן („פּען" — ראשי תּיבֿות: פּאָעטן, עסייִסטן נאָוועליסטן). בײדע „פּען"־קלובן פֿון אונדזערע צוויי שפּראַכן זײַנען אויפֿן קאָנגרעס גע־ווען פֿאַרטראָטן דאַן דורך די צוויי גרעסטע דיכטערס וואָס מיר האָבן דעמאָלט פֿאַרמאָגט: פֿון דעם ייִדישן קלוב איז געקומען ה. לייוויק ז"ל, פֿון ניו־יאָרק, און פֿון דעם העברעיִשן — שאול טשערניכאָווסקי ז"ל, פֿון תּל־אָבֿיבֿ. ניו־יאָרק און תּל־אָבֿיבֿ: בײדע מעטראָפּאָליעס פֿון אונדזער „איין ליטעראַטור אין צוויי שפּראַכן", לויט דער דעפֿי־ניציע פֿון בעל־מחשבֿות און שמואל ניגער.

אויף יענעם קאָנגרעס האָט לייוויק גערעדט, זייער תּמציתדיק, וועגן דעם מהות פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און וועגן אירע שאַ־פֿערס און קלאַסיקערס. עס איז אָבער אין זײַן רעדע אויך געווען די ווירקלעכקייט פֿון יענעם מאָמענט: ער האָט זיך ברייט אָפּגעשטעלט וועגן דער לאַגע פֿון ייִדן אין פּוילן. די רעדע, וועלכע איז בשעתו פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דער היגער ייִדישער און אַלגעמיינער פּרעסע, איז געווען אַן אמת מײַסטערווערק, וואָס האָט קאָמבינירט ייִדישן פּראָטעסט און אויפֿברויז מיט קלוגער אײַנגעהאַלטנקייט און ליטעראַרישער עלעגאַנץ. כּמעט דער גאַנצער תּמצית פֿון זײַנע רייד איז אַרײַן אין לייוויקס בוך „עסייען און רעדעס" („די הייליקייט פֿון מענטשלעכן לעבן", זז' 124—126).

אויף „פּען"־קאָנגרעסן באַהאַנדלט מען בדרך־כּלל ענינים נאָר

קינסטלערישע, ליטעראַרישע. פֿאַר קיין ריין פּאָליטישע ענינים, די־רעקטע אָדער אַפֿילו אומדירעקטע, האָט אויף יענעם קאָנגרעס במילא נישט געקענט זײַן קיין פּלאַץ. לייוויק האָט אָבער געמוזט באַרירן דאָס דעמאָלט שוין אָפֿענע און ווילדע בושעווען פֿון די נאַציס; ער האָט נישט געקענט פֿאַרשווײַגן די פּאָגראָם־פּאָליטיק וואָס די פּוילישע רעגירונג האָט געפֿירט להלכה ולמעשה; ער האָט נישט געקענט דורכלאָזן אויך דעם פֿאַקט וואָס די פּוילישע ליטעראַטור פֿאַרשווײַגט די פּאָגראָמען און, דער עיקר, וואָס דער פּוילישער „פּען״־קלוב ענט־פֿערט נישט אויף די חבֿרלעכע, עפֿנטלעכע און פֿאָרמעלע ווענדונגען וואָס עס האָבן צו אים אַדרעסירט דער ניו־יאָרקער ייִדישער „פּען״־קלוב און פּערזענלעכקייטן ווי יוסף אָפּאַטאָשו און ד״ר א. קאָראַלניק. אויף דעם אַלעמען האָט לייוויק רעאַגירט אין זײַן פֿאָרטראָג, און ער האָט עס געמאַכט מיט אַזוי פֿיל איידלקייט, הגם שאַרף און קאָנקרעט, אַז קיינער האָט אים נישט געקענט פֿאָרוואַרפֿן, אַז ער האַלט אַ פּאָ־ליטישן פֿאָרטראָג. איך דערלויב מיר צו ציטירן דאָ דעם שלוס פֿון זײַן רעדע:

„...וויל איך אײַך איצט פֿרעגן, פֿרײַנד, קאָלעגעס פֿון איצ־טיקן קאָנגרעס: ווי אַזוי קענט איר טאָלערירן פּאָגראָמען? ווי אַזוי קענט איר פֿאַרשווײַגן אַזעלכע פֿאַרברעכנס וואָס פֿאַרוואַנדלען די סאַמע אידייע פֿון אַ „פּען״־קלוב אין אַ חוזק? איך פּראָטעסטיר קעגן די מיטגלידער פֿון פּוילישן „פּען״־קלוב, פֿאַר וואָס זיי האָבן איגנאָרירט אונדזער געשריי. איך פֿאָדער־אויף דעם קאָנגרעס, ער זאָל טאָן זײַן פֿליכט און ער זאָל צוריקקערן דער ליטעראַטור פֿון דער וועלט, כאָטש טיילווײַז, איר כּבֿוד און איר געוויסן״. „נעכטן אין אָוונט האָב איך אײַך דאָ געהערט רײדן וועגן דער שיינקייט פֿון ריינער קונסט, ריי־נער פּאָעזיע. אָבער איר האָט פֿאַרגעסן צו רײדן וועגן דער שיינקייט און הייליקייט פֿון מענטשלעך בלוט. פּאָעזיע איז שיין און פּראַכטפֿול — יאָ, איך ווייס עס; איך פֿיל דאָ אין זאַל די שיינקייט פֿון ווערטער, פֿון שפּראַכן, פֿון געזאַנגען פֿון פֿעלקער. אָבער עס איז צײַט צו זאָגן אַז דער טרויער, די טרערן, די בענקשאַפֿט, דאָס בלוט פֿון יעדן

מענטשן און פֿון יעדן פֿאָלק, פֿון יעדן הילפֿלאָזן, רויִנירטן, אונטער־געדריקטן פֿאָלק, צי עס איז אַ ייִד אָדער אַן אַביסיניער, איז מער ווי שיין. עס איז די הייליקייט פֿון מענטשלעכן לעבן. געדענקט עס, דעלעגאַטן פֿון איצטיקן קאָנגרעס!"

איך געדענק, ווי אַן עד־ראיה בײַ לייוויקס אויפֿטריט, אַז זײַן רעדע האָט געמאַכט אויף אַלעמען אַ גוואַלדיקן רושם, חוץ אפֿשר אויף די פּוילישע פֿאַרטרעטערס, וועלכע האָבן בשעת־מעשׂה גאָרנישט אָפּגעענטפֿערט. אַפֿילו דער פֿאַשיסטיש־איטאַליענישער פֿאַרטרעטער, דער דעמאָלט באַרימטער ראָמאַניסט מאַרינעטי (מחבר פֿון אַ ראָמאַן „די ייִדן"), האָט שטאַרק הנאה געהאַט פֿון לייוויקס קלוגער, שאַרפֿער און דעליקאַטער רעדע.

איך דערמאָן זיך, אַז אויף מאָרגן נאָך לייוויקס רעדע האָב איך זיך געטראָפֿן מיט מאַנועל גאַלוועסן, מיט וועמען מיך האָט פֿאַרבונדן אַ נאָענטע פֿרײַנדשאַפֿט פֿון יאָר־צענדליקער. איך האָב אויך איבער־געזעצט זײַנעם אַ ראָמאַן אויף ייִדיש, און ער איז שפּעטער דערשינען אין בוכפֿאָרעם. גאַלוועס איז דאַן געווען פֿון די אָנפֿירנדיקע מיט־גלידער פֿון אַרגענטינער „פּען"־קלוב און במילא איינער פֿון די אָר־גאַניזירערס פֿונעם צוזאַמענפֿאָר. מיר האָבן קאָמענטירט לייוויקס רעדע. גאַלוועס, אַן אַקטיווער קאַטאָליק, האָט מיר דאַן באַשטעטיקט אַז פּאַר כּמעט אַלע דעלעגאַטן איז לייוויקס רעדע געווען אַן אַנטדע־קונג ממש און, הגם זי האָט אַנטהאַלטן אויך געוויסע דיך אָנגעווויז־קענע פּאָליטישע מאָמענטן, אייגנטלעך נישט דערלאָזלעכע אויף אַ „פּען"־קאָנגרעס, האָבן אַלע דעלעגאַטן מסכּים געווען מיט אים, אַז מען טאָר ניט פֿאַרשווײַגן די האַנדלונג פֿון די פּוילישע קאָלעגן... אַלע, אַפֿילו אויך די איטאַליענישע דעלעגאַציע... בײַ דער געלעגנ־הייט האָט מיך גאַלוועס באַקענט מיט מאַרינעטין און יענער האָט עס מיר באַשטעטיקט. ער האָט צוגעגעבן אַז אַלע דעלעגאַטן שאַצן־אָפּ, אַז אַ פֿאָרשטייער פֿון דער ייִדיש־ליטעראַטור האָט נישט געקענט און נישט געטאָרט אַנדערש ריידן.

מאַנועל גאַלוועס איז אין זײַן צײַט געווען איינער פֿון די גרעסטע

אַרגענטינער נאָוועליסטן און פֿון די זייער פּאָפּולערע. איך האָב זײַנע אײַנדרוקן איבערגעגעבן לייוויקן ווי אַן אויסדרוק, אַז נישט נאָר די פֿאַרשיידענע דעלעגאַציעס, נאָר אויך די גאַסטגעבערס פֿונעם קאָנגרעס זײַנען אין גאַנצן מסכּים מיט די געדאַנקען און פֿעסטשטעלונגען וואָס לייוויק האָט אַרויסגעבראַכט אין זײַן פּראָטעסט.

אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען דאָס אַנגעווייטיקטע ייִדישע האַרץ, אַלע האָבן מסכּים געווען מיט לייוויקס אויפֿפֿאָדערונג. אָבער ווײַטער ווי צו אַן „אײַנזיכיקער" אָדער אויסגעדריקטער הסכּמה איז עס נישט דערגאַנגען. צו קיין אָפֿענעם רעאַגירן איז אויף יענעם קאָנגרעס, פֿון דעסט וועגן, נישט געקומען.

*

יענע וואַרעמע טעג און וואָכן פֿון חודש סעפּטעמבער 1936 זײַנען געווען טעג און וואָכן פֿון כּולו יום־טובֿ. יום־טובֿדיק זײַנען געווען לייוויקס פֿײַערלעכע און פֿײַערדיקע אויפֿטריטן און יום־טובֿדיק די צוזאַמענטרעפֿן מיט שאול טשערניכאָווסקין אויף די צוויי אָוונטן וואָס מען האָט דאָ אײַנגעאָרדנט פֿאַר אים, שוין נאָכן אָפּשליסן דעם קאָנגרעס. אין אַן אַרטיקל וועגן טשערניכאָווסקין, געדרוקט אין „טאָג" אין 1939 און וואָס איז אויך אַרײַן אין דערמאָנטן באַנד „עסייען און רעדעס", דערציילט לייוויק, אַז מיט שאול טשערניכאָווסקין האָט ער זיך געטראָפֿן דרײַ מאָל: „דאָס ערשטע מאָל ווען ער, טשערניכאָווסקי, איז געווען צו גאַסט אין ניו־יאָרק; דאָס צווייטע מאָל, ווען איך בין געווען צו גאַסט אין תּל־אָבֿיבֿ און דאָס דריטע מאָל — אין בוענאָס־אײַרעס, ווען מיר בײדע זײַנען געווען דעלעגאַטן צום אינטערנאַציאָנאַלן „פּען"־קאָנגרעס". לייוויק דערציילט ווײַטער, אַז אין ביידע ערשטע פֿאַלן זײַנען זייערע באַגעגענישן געווען זייער פֿרײַנדלעכע, אָבער „אין בוענאָס־אײַרעס איז אונדזער באַגעגעניש געווען גאָר אַ באַזונדערע און האָט מיר פֿאַרשאַפֿט צער און אויפֿצייטער". לייוויק האָט געהאָפֿט, און ס'איז געווען זייער לאָגיש אַזוי צו דענקען, אַז די דעלעגאַטן פֿון דער ייִדישער און פֿון דער העברעיִשער ליטעראַטור וועלן „זײַן וואָס נענטער איינער צום אַנדערן און וועלן

שטיצן איינער דעם אַנדערן" בעת „דער דעלעגאַט פֿון יידיש האָט גענומען אויף זיך די נישט אָנגענעמע ראָלע אַרויסצוטרעטן אויפֿן קאָנגרעס מיט אַ שאַרפֿן פּראָטעסט קעגן דער פּוילישער ליטעראַטור פֿאַר איר פֿאַרשוויַיגן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, די פּאָגראָם־פּאָ־ליטיק פֿון דער פּוילישער מלוכה". לייוויק שטעלט אָבער פֿעסט, אַז „קיין התקרבֿות און קיין שותּפֿות צווישן טשערניכאָווסקין און מיר איז נישט געשאַפֿן געוואָרן". און לייוויק איז אין זיַין אַרויסטריט געבליבן דאַן אַליין. „די צעטיילטקייט פֿון יידיש און העברעיִש האָט דעמאָלט געשניטן דאָס האַרץ ממש ווי אַ מעסער". „האָב איך דען געקענט טראַכטן" — שריַיבט לייוויק וויַיטער — „אַז טשערניכאָוו־סקין גייען נישט אָן די נגישות אויף יידן ?"

ביידע דיכטערס, דערציילט לייוויק, זיַינען איַינגעשטאַנען אין איין האָטעל. זיי פֿלעגן זיך טרעפֿן, שמועסן צווישן זיך. לייוויק האָט, פֿאַרשטענדלעך, דערוואַרט אַז טשערניכאָווסקי זאָל מיט אים פֿאַרפֿירן אַ שמועס וועגן דעם ענין, און ער האָט זיך נישט דערוואַרט, און מחמת דעם איז צווישן זיי אַנטשטאַנען, אין די לעצטע טעג פֿון קאָנ־גרעס, אַ שווערע שטומקייט און אויסמיַידעניש. לייוויק זאָגט, אַז ער האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז טשערניכאָווסקי איז נישט קיין „תּהום־מענטש", ד"ה אַז ער האָט נישט געהערט צו די וואָס שאַפֿן און האַלטן אָן אַ תּהום צווישן יידיש און העברעיִש, ווי עס האָט דעמאָלט געטאָן אין ארץ־ישׂראל דער „גדוד מגיני השׂפה" מיט זיַינע כּמעט כוליגאַ־נישע אַרויסטריטן קעגן יידיש. לייוויק האָט געוווּסט אַז, כאָטש טשערניכאָווסקי האָט נישט געקענט קיין יידיש און האָט זיך אויף יידיש שווער אויסגעדריקט, איז ער נישט געווען אַזאַ תּהום־מענטש. „טאָ וואָס זשע איז די סיבה ?", האָט אים דאַן געמוטשעט דער גע־דאַנק.

לייוויק האָט געטראַכט, אַז די סיבה פֿון זיַין מאָדנער האַלטונג אויפֿן קאָנגרעס איז, וואָס טשערניכאָווסקי „האָט זיך צו פֿיל געלאָזט איַינריידן פֿון דעם זייער נישט־קלוגן פּיזמון, אַז ער איז כּולו גריך, אַז ער איז אין גאַנצן אונטער דער שליטה פֿון אַפּאָלאָנען, וואָס האָט

נישט פֿאַרזוכט קיין באַריר פֿון אַ רצועה״. מיט דעם איז לייוויק מרמז אויף טשערניכאָווסקיס אַ יוגנט־שיר „לנוכח פסל אַפּולו״ (קעגנ־איבער אַפּאָלאָס סטאַטוע), וואָס האָט באַוויגן פֿלאַכע קריטיקערס אין יענער צײַט צו זען אין אים דעם גריך, דעם העלענער און שיר נישט דעם פּאַגאַנער אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. לייוויק איז זיך משער אַז טשערניכאָווסקי האָט די דאָזיקע אָפּשאַצונגען אָנגענומען פֿאַר מזומן־געלט און, ווי אַ פּאָעט פֿון ריינער שירה, אָן קיין שום צומיש פֿון דער שווערער ייִדישער רעאַליטעט, האָט ער זיך געשעמט אַרויסצוטרעטן מיטן „ייִדישן האָרב״ פֿון צרות פֿאַר אַ קאָנגרעס פֿון ריינע קינסטלערס און דיכטערס רק לשם עסטעטיק.

*

אויף יענעם „פּען״־קאָנגרעס בין איך, ווי אַ נאָענטער פֿרײַנד פֿון אַ ריי אַרגענטינער שרײַבערס, געווען אַ כּסדרדיקער גאַסט. איך האָב נישט פֿאַרפֿעלט קיין איין זיצונג. כ׳האָב דאַן געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט סטעפֿאַן צווײַגן (אפֿשר וועט מיר נאָך אויסקומען צו דערציילן וועגן אַ לענגערן, ריין פּריוואַטן שמועס מיט אים), מיט עמיל לודוויגן און אַנדערע. במילא איז פֿאַר מיר נישט געבליבן אומבאַמערקט די סיטואַציע פֿון „קאַלטקייט״ צווישן די צוויי דעלע־גאַטן פֿון אונדזער איינער — אין איר צוויי־שפּראַכיקייט — ייִדישער ליטעראַטור. אפֿשר האָבן עס אַנדערע היגע שרײַבערס אויך באַ־מערקט, אָבער גערעדט וועגן דעם האָבן מיר נישט. עפּעס ווי עס וואָלט געווען אַ שטילשווײַגנדיקער הסכּם צווישן אַלעמען נישט צו קאָמענטירן. און אפֿשר דאַכט זיך עס מיר נאָר אַזוי.

אין יענע דרײַ וואָכן וואָס טשערניכאָווסקי האָט געווײַלט צווישן אונדז בעת און נאָך דעם קאָנגרעס, האָב איך זיך זייער באַפֿרײַנדט מיט אים. עס פֿלעגט דאַכט זיך נישט אַריבערגיין אַ טאָג אַז מיר זאָלן זיך נישט טרעפֿן צו מיטיק אָדער אָוונטצײַט, אויב דער גרויסער דיכ־טער איז נאָר געווען אין שטאָט. אונדזערע שמועסן — אויף עבֿרית, ווײַל ווי געזאָגט, האָט טשערניכאָווסקי זיך שווער אויסגעדריקט אויף ייִדיש — זײַנען געווען לאַנגע און אַפֿילו אינטימע; ער האָט מיר

פֿאַרטרויט צו מאָל אינטימע זאָרגן און צרות וואָס ער האָט געמוזט אויסשטיין אין ארץ־ישׂראל. מיר איז דאַן אויך אויסגעקומען אויפֿ־צוטרעטן מיט אַ רעפֿעראַט אויף דעם אָוונט וואָס איז לכבֿוד אים איינגעאָרדנט געוואָרן אין אַ גרויסן זאַל אין צענטער. אונדזער נאָענטקייט און פֿריינדשאַפֿט האָט מיר דאַן געגעבן רעכט, און אויך געוואַגטקייט, צו שמועסן אָפֿנהאַרציק וועגן אַ סך ענינים, וואָס וועגן טייל פֿון זיי וועל איך אפֿשר דערציילן אין מיינע זכרונות, אויב איך וועל זיך אַ מאָל באַשליסן זיי צו שרייבן און דרוקן.

אין אונדזערן אַ שמועס, אַ טאָג צוויי פֿאַר טשערניכאָווסקיס צו־ריקפֿאָרן קיין אייראָפּע און פֿון דאָרט קיין ישׂראל, האָב איך באַרירט דעם ענין פֿון זיין מאָדנעם האַלטן זיך אויף דעם קאָנגרעס. כ׳האָב נישט דערמאָנט דירעקט זיין האַלטן זיך „פֿאַרפֿאַנצערט" און כמעט פֿרעמד לגבי לייוויקן, נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן. ס׳האָט מיך גע־וווּנדערט פֿאַר וואָס טשערניכאָווסקי איז נישט אויפֿגעטראָטן אויף קיין איין פּלענאַר־זיצונג, נאָר ער האָט זיך באַנוגנט מיט באַריכטן ביי אַ קאָמיסיע־זיצונג וועגן דער העברעיִשער ליטעראַטור און פּאָעזיע.

אַנשטאָט צו ענטפֿערן גלייך אויף מיין אָנדייטונג — מער ווי פֿראַגע — האָט טשערניכאָווסקי זיך אָפּגערופֿן מיט אַ באַגייסטערטן לויב וועגן דער רעדע וואָס לייוויק האָט געהאַלטן אויפֿן קאָנגרעס־פּלענום. ער האָט זיך ממש פֿאַרכלינעט מיט דער געבויטקייט, קלוג־שאַפֿט און שטאַרקייט פֿון לייוויקס רייד. מיר האָט אויסגעזען מאָדנע וואָס ער ענטפֿערט נישט דירעקט און איך האָב אים דאַן געשטעלט די פֿראַגע:

— פֿאַר וואָס, פֿריינד טשערניכאָווסקי, זייט איר נישט אויפֿגעטראָטן, ביים „פּען"־קאָנגרעס טאַקע, מיט אַ רעפֿעראַט וועגן דער ייִדישער לאַגע אין דער וועלט און ווי זי באַווירקט די קינסטלערישע שאַפֿונג אין דער העברעיִשער ליטעראַטור און דיכטונג?

ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע טיפֿע, קאַרע און יוגנט־לעכע בליקן, וואָס האָבן געגלאַנצט מיט אַ מין טרויעריקער וואַרעמ־

קייט און עפּעס ווי מיט שפּליטערן פון אַ שמייכל... אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן און דערנאָך שטיל געענטפערט:

— גאַנץ פּשוט, איך האָב געפילט אַז לייוויק וועט אונדזער יידישן פּראָטעסט אויסדריקן בעסער און שאַרפער ווי איך וואָלט עס געקאָנט טאָן, בײַ מײַן בעסטן ווילן און העכסטע אָנשטרענגונגען. איך בין בכלל נישט קיין רעדנער. כ'האָב אויף מײַן לעבן נישט גע־רעדט... און זעט איר דאָך: מײַן אינטויציע האָט מיך נישט גע־נאַרט. לייוויק איז דאָך געווען ממש גראַנדיעז. נו, און קומען נאָך אים, האָט דאָך קיין זין נישט געהאַט. כ'מיין אַז כ'האָב געהאַנדלט כשורה, לאָזנדיק דעם בעסערן און פּאָפּולערן פון מיר, און דערצו נאָך אַ רעדנער בחסד עליון, ער זאָל ברענגען דעם אויסדרוק פון אונדזער נאַציאָנאַלן פּראָטעסט. צוויי מאָל ריידן וועגן דעם אויפן קאָנגרעס איז זיכער נישט כדאַי געווען, און אויב איין מאָל — האָט עס געמוזט טאָן נאָר לייוויק.

פּשוט און קלאָר, און האַרציק און אויפריכטיק. טשערניכאָווסקי האָט נישט געוואָלט זײַן קיין קופּץ בראש צו פאַרשרײַבן זיך צום וואָרט דער ערשטער, בעת ער האָט געהאַט די איבערצײַגונג, אַז לייוויק וועט געוויס אַרויסברענגען בעסער ווי ער די גאַנצע שאַרפ־קייט און טיפקייט פון יידישן פּראָטעסט. האָט ער — אין אַ מין התבטלות פאַר דער גרויסער שאַפערישער און מאָראַלישער פּערזענ־לעכקייט וואָס האָט געאָטעמט פון און אַרום לייוויקן — גלײַך פון אָנהייב קאָנגרעס זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט, זיך געשטעלט, אַזוי צו זאָגן, אין שאָטן און געשוויגן, און לייוויק האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין און געזוכט עס אויסצוטײַטשן מיט... אַפּאָלאָגיזם.

*

„אַפּאָלאָגיזם"? טשערניכאָווסקי אַליין פלעגט דאָ בײַ אונדז, ווען מען האָט אים אומדירעקט דערמאָנט וועגן דעם, אַ מאָל שמייכ־לען גוטמוטיק:

— ווייס איך וואָס? ס'הייבט זיך גאָרנישט אָן — האָט ער מיר אַ מאָל אַ זאָג געטאָן — דאָס איז געווען קלויזנערס אַ נישט געראָ־

טענער און טאַקע נישט איבעריק קלוגער אײַנפֿאַל. מאַלע וואָס פֿאַר אַ שטימונג עס באַהערשט אַ מאָל אַ פּאָעט און כאַפּט זיך אַרויס בײַ אים אין אַ שיר... דאַרף מען עס מאַכן פֿאַר אַ לייטמאָטיוו? עס איז בײַ מיר אַ מין „יוגנטזינד", אָבער חלילה נישט קיין באַגלייט־מוזע! איך פֿיל מיך חלילה נישט ווי אַ הינקענדיקער, ווי אַ דיכטער, אין נאַציאָנאַלע מאָטיוון.

טשערניכאָווסקי איז בכלל געווען אַ צוריקגעהאַלטענער און זייער באַשיידענער מענטש. לפּחות דאָ, בײַ אונדז, האָבן אַלע געהאַט אַזאַ אײַנדרוק וועגן אים. ער האָט אויסגעזען נאַיִוו ווי אַ קינד, באַ־זונדערש אין מילי דעלמא, כ׳מיין, אין ענינים וואָס האָבן נישט קיין שײַכות צו דיכטונג, צום קינסטלערישן שאַפֿן אין פּאָעזיע אָדער פּראָזע. ער האָט געהאַט אַן אײַנגעבוירענע עניוות און פּאַסיוויקייט בכלל, צו אַלץ וואָס איז נישט נוגע דירעקט צו קונסט. איך בין זיך משער אַז טאַקע דאָס האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון פֿאַרפֿירן דער ער־שטער מיט ליוויקן אַ שמועס וועגן קאָנקרעט קאָאָרדינירן זייער אַרויסטריט אויף יענעם קאָנגרעס.

ליוויק האָט דאַן קיינעם פֿון די היגע שרײַבערס — אַזוי מיין איך — קיין וואָרט נישט געזאָגט, וואָס אים האָט שטאַרק געפּײַניקט אין טשערניכאָווסקיס האַלטונג; און עס איז לאָגיש און נאַטירלעך געווען אַזוי, אַז ער זאָל זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט אַפֿילו וועגן דעם דעמאָלט. ווען איך וואָלט געזען אין 1939 ליוויקס דער־מאָנונג־אַרטיקל אין „טאָג", וואָלט איך געוויס דעמאָלט אים געשריבן וועגן דעם, וואָס טשערניכאָווסקי האָט מיר געזאָגט מכּוח דעם ענין.

*

ליוויק דערמאָנט אָבער אויך דאָס וואָס איז פֿאָרגעקומען אויפֿן באַנקעט צום שלוס פֿון „פּען"־קאָנגרעס, ווען בײדע ייִדישע פֿאַר־שטייערס זײַנען צוזאַמען אַוועק אין מיטן, און דווקא אויף טשערני־כאָווסקיס איניציאַטיוו. דער גרויסער העברעיִשער דיכטער האָט צו אים געזאָגט: „איר ווייסט, קאָלעגע ליוויק, מיר האָבן דאָ בײדע נישט וואָס צו טאָן. ס׳איז נישט אונדזער שׂמחה". דער פֿאַל באַווײַזט

קלאָר, אַז עס איז נישט געווען קיין סנאָבישער אַפּאָלאָגיזם, וואָס האָט געהאַלטן דעם גרויסן פּאָעט פון דער ווײַטנס. דער ענין איז געווען אַ סך פּשוטער. ווי טשערניכאָווסקי האָט מיר צו מאָרגנס אַליין דערציילט, האָט ער זיך דאָרטן געפילט ווי אַ „שבוי בין עכו״ם", אַ געפאַנגענער צווישן געצן־דינערס, און ער האָט עס געזאָגט לייוויקן, זיי זאָלן נישט פאַרברענגען מער אין זייער מחיצה.

טאָ זאָל מיר דערלויבט זײַן צו פאַרענדיקן די דאָזיקע צוגאָב־דערמאָנונג מיט אַ ציטאַט פונעם שלוסזאַץ פון לייוויקס פּרעכטיקן זכרונות־אַרטיקל, וווּ ער שטעלט פאָר דעם „נאָכן פאַרלאָזן אין גוטן דעם פינאַל־באַנקעט פון אינטערנאַציאָנאַלן „פען"־קאָנגרעס:

„מיר האָבן זיך ביידע אויפגעהויבן, איבערגעלאָזט אַלץ מיט אַנאַנדער, אַרויס פון זאַל און זיך געלאָזט צו פוס צו אונדזער האָטעל".

„ס'איז געווען שוין נאָך 12 בײַ נאַכט. די גאַסן זײַנען געווען ליידיק. בוענאָס־אײַרעס איז שוין טיף געשלאָפן. מיר האָבן ביידע געשפּאַנט איבער די שטילע גאַסן, איינער לעבן דעם אַנדערן, און קיין וואָרט נישט גערעדט צווישן זיך, אָבער דאָס איצטיקע שווײַגן אונדזערס איז נישט געווען קיין שווײַגן פון רוגז, נאָר אַ שווײַגן אַ וואַרעמס, אַן אָנגעלאָדנס מיט צערפּולע ווערטער, וואָס צוליב זייער פולקייט און איבערגעלאָדנקייט קענען זיי נישט געפינען זייער קלאַנג".

„מיר זײַנען געגאַנגען ביידע פאַרקלעמטע און פאַרברודערטע, און אונדזערע טריט האָבן געהילכט איבער די פאַרשוויגענע גאַסן מיט איין אָפּהילך. מיר זײַנען געגאַנגען שנעל, האַסטיק. אונדז האָט געיאָגט און געטריבן איינער און דער זעלביקער יאָגער".

„די אידישע צײַטונג", 21סטער פעברואַר 1965

# אַרום דעם פּראָבלעם: סעמינאַר, מיטלשול, מדרשה

זונטיק דעם 9טן מאַרץ איז אין דעם נײַעם בנין פֿון לערער־סעמינאַר — אַזוי רופֿט מען אים נאָך דערווײַל, הפּנים צוליב געוווינהייט — דורכגעפֿירט געוואָרן אַ באַשיידענער אַקט צום דערעפֿענען די אינטעגראַלע מיטלשול וואָס די קהילה האָט געשאַפֿן מיטן נאָמען „רמב״ם״. די דאָזיקע נײַע מיטלשול קומט, ווײַזט זיך אַרויס, אויפֿן אָרט פֿון „העברעיִש־ייִדישן לערער־סעמינאַר״, וואָס פֿאַר אים האָט געהייסן אַז דער בנין איז געבויט געוואָרן. מיט די אַ בײַטענישן, רעאָרגאַניזאַציעס און רעסטרוקטוראַציעס האָט מען געשאַפֿן אַ היפּשן פּלאָנטער. איך האָף אַז די שורות וועלן, בעזרת השם, העלפֿן קלאָר מאַכן דעם פּלאָנטער, הגם נישט אָפּשאַפֿן און נישט לייזן אים. אַז מען פּלאָנטערט אָן, בלײַבט פּלאָנטער.

די געבײַדע איז באמת אַ בנין מפֿואר, און זי בויט זיך שוין בערך צען יאָר. אַ שטאַרקער בנין, בויט ער זיך לאַנגזאַם... פֿרעגט זיך: אויב ער בויט זיך שוין אַזוי פֿיל יאָרן, טאָ וואָס איז געווען די אײַלעניש אַרײַנצופֿירן דאָס ערשטע יאָר פֿון דעם נײַעם אינטעגראַלן אַנשטאַלט אין אַ ווײַט נישט־פֿאַרענדיקטן בנין און לאָזן די רעשטן — פֿאַרגעדענקט גוט דאָס וואָרט — די רעשטן פֿון דעם העברעיִש־ייִדישן לערער־סעמינאַר אין דרויסן וואַרטן, ווײַל די ביז איצטיקע סעמינאַר־אײַנריכטונגען האָט שוין די קהילה פֿאַרווענדט אויף עפּעס אַנדערש? אויך די מדרשה וועט זיך איצט אַריבערציִען אַהין, הגם זי האָט אַ גאָר נישט אַלטן און גאַנץ באַקוועמען בנין, און דערווײַל וואַרט זי...

הכּלל, עס איז אַ פּלאָנטער... אָבער נישט דאָס איז דאָס וויכ־

טיקסטע אין דעם ענין. ער איז פֿאַרבונדן מיט ערנסטערע קאָנסעק־ווענצן פֿאַר דעם „קיום און המשך" פֿון אונדזער ייִדישן דערציִונגס־וועזן.

טאָמער וועט דער לייענער פֿרעגן „מי שמך?", וועל איך צו זאָגן דעות וועגן אָט דער פּראָבלעם, וויל איך דערמאָנען דעם לייענער און די עפֿנטלעכקייט בכלל דעם „יחוס" פֿונעם שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות אין שײַכות מיט דעם ענין.

ווען איך — דער איינציקער פֿון די גאָר ערשטע גרינדערס פֿו־נעם העברעיִש־ייִדישן לערער־סעמינאַר וועלכער איז נאָך ,ברוך השם, בײַם לעבן — האָב פֿאַרשטאַנען אַז אין ועד החינוך האַלט מען מיך פֿאַר אַן אַלט־ווערנדיקן, נאָך זעקס און צוואַנציק יאָר אָנפֿירנדיקער אַרבעט אין דעם דאָזיקן אַנשטאַלט, האָב איך זיי צו ליב געטאָן און בין אַוועק אין עמעריטור. אָבער די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער קהילה און פֿון ועד החינוך האָבן פֿה אחד מיך באַשטימט ווי דער ערן־די־רעקטאָר און שפּעטער ווי דער בעל־יועץ פֿון דער קומענדיקער די־רעקציע. און דאָס האָב איך, נאָך שטייענדיק ביי דער סעמינאַר־די־רעקציע, צוגעשטעלט די ערשטע אָנווײַזונגען וועגן וואָס מען דאַרף האָבן פֿאַרן בנין, ווען מען האָט אים גענומען פּלאַנעווען מיט אַ ניין־צען יאָר צוריק. דאָס אַלץ גיט מיר אַ געוויסע רעכט צו האָבן, לפּחות, אַ וואָרט אין די דאָזיקע ענינים, אָדער כאָטש צו זײַן אינפֿאָרמירט וועגן זאַכן וואָס האָבן געהאַט און האָבן אַ שײַכות צום סעמינאַר. אָבער די קאָמיסיע וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן זיך זייער התמדה־דיק אָפּגעגעבן מיט בויען דעם בנין האָט נישט געהאַלטן פֿאַר נייטיק, אַפֿילו איין מאָל אין אַ שמיטה נישט, אײַנצולאַדן דעם „ערן־דירעק־טאָר" און „בעל־יועץ" אים צו אינפֿאָרמירן, אויסהערן אַ מיינונג, בפֿרט ווען מען האָט געהאַלטן אין ענדערן מקצה אל הקצה די ער־שטע פּלענער. ס'קען זײַן, אַז ווען מען זאָל געוועזן אויסהערן אַ „זײַ־טיקע מיינונג", וואָלט נישט געווען קיין פּלאָנטערניש צווישן נײַעם רמב"ם־אַנשטאַלט, אַלטע רעשטן פֿון סעמינאַר וואָס וועלן דאָך נאָך לעבן און צײַען עטלעכע יאָר, כאָטש שוין נישט ווי אַ סעמינאַר, און

צוויי שוליאָר מדרשה, וואָס וועלן פֿאַרוואַנדלט אין סעמינאַר — נישט ווערנדיק פֿאָרט קיין סעמינאַר.

*

דער סעמינאַר־בנין איז געפּלאַנעוועט געוואָרן לכתחילה גאָר אַנדערש ווי ער איז שפּעטער געבויט געוואָרן, ווײַל מען האָט אין וועג געענדערט די פּלענער פֿון דער פּעדאַגאָגישער טעטיקייט, וואָס דער סעמינאַר זאָל אַנטוויקלען פֿאַרן עתיד פֿון אונדזער היגן שולוועזן.

לכתחילה האָט מען אין זינען געהאַט, אַז אין בנין זאָל פֿונקציאָנירן אַ מאָדעל־אָנהייבשול, אַ ייִדיש־העברעיִשע, ווי אַ פּרוזדור צום סעמינאַר. וואָרן ווי קען מען אויסבילדן גוטע, פֿעיִקע לערערס פֿאַר ייִדיש־העברעיִשע אָנהייבשולן נישט האָבנדיק בײַם סעמינאַר קיין אייגענע אָנהייבשול, וווּ די אַביטוריענטן פֿון אַנשטאַלט זאָלן קענען גענוג און פֿרײַ פּראַקטיצירן. עס זײַנען געווען דירעקטאָרן פֿון גרויסע אָנהייבשולן וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט דעם פּלאַן, אפֿשר מחמת מורא פֿאַר קאָנקורענץ. אָבער די פּעדאַגאָגישע פּלאַניר־קאָמיסיע פֿונעם בנין האָט באַשטעטיקט: עס דאַרף זײַן אָרט פֿאַר אַן אָנהייבשול.

נו, האָט מען געפּלאַנעוועט און אין פּראָצעס פֿון בויען... האָט מען פֿאַרלוירן די אָנהייבשול. אַנשטאָט דעם, איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אינטעגראַלע מיטלשול „רמב״ם“ וואָס וועט, ווי מען זאָגט, האָבן צוויי סעקציעס: איינע אַ נאָרמאַלע, אַ סעמינאַר צוצוגרייטן לערערס, און די צווייטע — די אינטעגראַלע. אָבער דערווײַל האַלטן מיר דאָך ערשט בײַם אָנהייב, בײַם ערשטן יאָר. ביז מען וועט קומען צום פֿערטן יאָר פֿון דעם נאָרמאַל־אינטעגראַלן „רמב״ם“ דאַרפֿן נאָך פֿאַרלויפֿן גאַנצע דרײַ יאָר. דאַן וועט מען זען.

און דערווײַל אַקטואַליזירט און ווירקט שוין די אומגעדולדיקייט פֿון די, וואָס ליקווידירן שוין דעם סעמינאַר; ליקווידירן אים אין אײַנלעניש, ווײַל מען האָט אַרויסגענומען פֿון זײַן פּראָגראַם די קעגנשטאַנדן פֿון צוגרייטן לערערס; יעדער סימן פֿון פּעדאַגאָגיע איז פּלוצלינג פֿאַרשווונדן פֿון דער פּראָגראַם פֿון די יאָרן פֿונעם „העב־

רעיש־יידישן לערער־סעמינאַר״ וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן און וועלן נאָך אָנהאַלטן — ווילנדיק, נישט ווילנדיק — אַזעלכע פיר יאָר.

דאָס הײַ־יאָריקע זעקסטע יאָר סעמינאַר (ס׳פאַראַיאָריקע פינפטע) האָט נישט אין זיך קיין פראָגראַם קיין פּעדאַגאָגיע, הגם פאַר אַ יאָרן האָט עס עס נאָך יאָ געהאַט. געבליבן, הייסט עס, אין דער מיט. און דאָס פינפטע יאָר וואָס קורסירט איצט איז שוין דאָס לעצטע יאָר, ווי אין אַ פּשוטער מיטלשול: פינף יאָר און אָן אַ סימן פון פּעדאַגאָגישע לימודים... פון סעמינאַר בלייבן בלויז רעשטן פון אַ מיטלשול און אָן ערשט יאָר פון אַן אינטעגראַלער רמב״ם־מיטלשול. און כאָטש דער פּרעזידענט און דער סעקרעטאַר פון דער קהילה האָבן בעת אַ שמועס מיר פאַרזיכערט, אַז דער סעמינאַר איז נישט „פאַרלוירן״ געגאַנגען אויפן וועג צווישן אַלטן און נײַעם בנין, איז פאָרט שוין נישטאָ קיין סעמינאַר.

אַ דאַנק דער אײַלעניש צו צעשטערן די פּעדאַגאָגישע לימודים אין סעמינאַר און צו פאַרוואַנדלען זיין איבערבלײַב אין אַ פּשוטער מיטלשול, וועט זיך באַקומען דער אויסטערלישער פאַל, אַז אין לויפיקן יאָר 1969 וועלן אין סעמינאַר „פאַרענדיקן״ זייערע לימודים צוויי קלאַסן איינצײַטיק. זיי וועלן ענדיקן (ווי וואָס?) אָבער נישט ווי לערערס. דער זעקסטער קלאַס, וואָס וועט ווײַטער נישט זײַן, ענדיקט, כאָטש אָן פּעדאַגאָגיע, און דער פינפטער און איצט לעצטער ענדיקט, ווידער אָן פּעדאַגאָגישע לימודים. אויף אַ פּריקאָז בלײַבן תּלמידים הענגען אין מיטן... דאָן ווען דער נוהג שבעולם איז אַז מען ענדערט אַ לימודים־פּלאַן אָנהייבנדיק פון אָנהייב, און די וואָס זײַנען אין מיטן לאָזט מען ענדיקן זייער שטודיום מיטן פּלאַן וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן.

אָבער דאָס איז נאָך נישט דאָס ערגסטע פונעם פּלאָנטער.

*

וואָס וועט זײַן דערווײַל מיט די לערערס?

זיי וועלן דאָך דאַרפן פאַרזעצן אין דער מדרשה, אָדער אין יאָר „מדרשה״ און אין יאָר „מכון גרינבערג״ אין ישׂראל, אויב זיי וועלן

וועלן זײַן לערערס. דאָרט וועלן זיי באַקומען זייער פּראָפעסיאָנעל־פּעדאַגאָגישע אויסבילדונג. ביז אַהער איז געווען אַנדערש: אין מדרשה אָדער אין גרינבערג־אינסטיטוט פלעגן זיי קומען שוין מיט טעאָרעטישער און פּראַקטישער הכשרה. די צוגעגעבענע צוויי יאָר זײַנען געווען גאָר אויף פּערפעקציאָנירונג און השתלמות, וואָס איז קיין מאָל נישט איבעריק.

און דאָ ליגט דער גאַנצער טעות און פּלאָנטער: דאָס וועלן פאַרוואַנדלען די מדרשה, אָדער אירע ערשטע צוויי יאָר, אין אַ סעמינאַר פאַר אָנהייב־לערערס, אין אַ יורש, הייסט עס, פון העברעיִש־יידישן לערער־סעמינאַר.

די מדרשה האָט זיך אַלע מאָל איר אייגנטלעכע קאָנסטרוקציע און געפינט זיך זינט זי עקסיסטירט אין אַ ספּעציעלער אַטמאָספערע פון אַ העברעיִשער היוכשול. בײַם בעסטן ווילן און שענסטע כוונות וועט די מדרשה, וויפל מען זאָל זי נישט איבערמאַכן, נישט קענען ווערן קיין לערער־סעמינאַר (אין זינען פון אַ נאָרמאַל־שול). איין זאַך איז געווען, ווען די תלמידים פלעגן קומען אויף פּערפעקציאָני־רונג אין דער מדרשה מיט אַ פולן באַגאַזש פון פּעדאַגאָגישער אויס־בילדונג וואָס זיי האָבן באַקומען אין די לעצטע צוויי־דרײַ יאָר סע־מינאַר, און גאָר אַנדערש איז ווען זיי וועלן אין די צוויי יאָר מדרשה דאַרפן דערווערבן די סאַמע ערשטע פּעדאַגאָגישע לימודים: טעאָריע, דידאַקטיק, פּראַקטישע לעקציעס וכדומה. דאָס קען נישט און וועט נישט באַווײַזן די מדרשה, וואָס איז אין פאַרלויף פון אירע בערך צוואַנציק יאָר קיום געווען תמיד פאַרוויגט אין אַ וויג פון העברעיִ־שער הומאַניסטיק, אָבער נישט ספּעציעל פּעדאַגאָגיע.

כ׳וויס נישט וועמען עס האָט געקענט גאָר אַזאַ אויסטערלישע המצאה אײַנפאַלן, אַז איינער און דער זעלביקער אינסטיטוט, די מדרשה, זאָל אויסבילדן לערערס אי פאַר אָנהייבשולן, אין די ערשטע צוויי יאָר, אי פאַר מיטלשולן, אין די ווײַטערדיקע צוויי אָדער דרײַ יאָר. עס איז אָנגענומען בײַ אונדז זינט יאָרן, אַז די מדרשה איז אַן אַנשטאַלט אויסצובילדן העברעיִש־אינטעלעקטואַלן, אָבער אַז

זי זאָל באַוויַיזן אַזעלכע וווּנדער, וואָס קיין בילדונג־אינסטיטוט ביַי קיין אומה ולשון האָט נאָך נישט באַוויזן, דאָס גלייבט זיך קוים. וואָרן לערערס אין דרדקי־שולן און פּראָפעסאָראַטור אין מיטלשולן זיַינען צוויי גאַנץ פֿאַרשיידענע פּראָפֿעסיעס. צו דער ערשטער דער־גייט מען דורך אַ נאָרמאַל־שול, צו דער צווייטער — דורכן אוניווער־סיטעט אָדער אַ העכערן אינסטיטוט פֿאַר פּראָפֿעסאָרן. אין דעם ערשטן פֿאַל שטעלט מען דעם טראָפּ אויף דערציִונג: די ידיעות און קענט־שטאַנדן זיַינען אַן אינסטרומענט פֿאַר חינוך. אין צווייטן פֿאַל, זיַינען לימודים און וויסן דער עיקר. און דאָ ביַי אונדז מיינט מען, אַז די ערשטע צוויי יאָר מדרשה וועלן באַוויַיזן אַרויסצוגעבן לערערס און אין די וויַיטערדיקע וועלן זיך גראַדויִרן פּראָפֿעסאָרן פֿאַר אונדזערע יִדיש־העברעיִשע מיטלשולן. דאָס איז אוממעגלעך, סיַידן מען וועט די מדרשה בכלל שפּאַלטן אויף צוויי גאַנץ פֿאַרשיידענע אינסטיטוטן. טאָ צו וואָס דאַרף מען עס בכלל? סאיז דאָך שוין דאָ דער סעמינאַר, וואָס האָט שוין אַ דערפֿאַרונג פֿון דריַיסיק יאָר. קען מען אים רע־פֿאָרמירן, אויסבעסערן, אָבער פֿאַר וואָס ליקווידירן?



און מיר קומען צו אַן ענין וואָס איז גאָר אַ וויכטיקער און נישט מען טאָר, נישט מען קען — דער יִשוב וועט עס נישט דערלויבן — אים אַוועקמאַכן מיט דער האַנט.

איך מיין דעם ענין פֿון — יִדיש.

דער סעמינאַר האָט געהייסן „העברעיִש־יִדישער לערער־סעמי־נאַר”. די מדרשה, וואָס, וועט להבא דאַרפֿן אויסבילדן די לערערס פֿאַר יִדיש־העברעיִשע (אָדער העברעיִש־יִדישע) שולן, טראָגט דעם נאָמען „המדרשה העברית”. דענקט איר נישט, אַז אַ נאָמען פֿון אַ בילדונג־אינסטיטוט זאָגט עפּעס פֿאַרן מהות פֿונעם אינסטיטוט?

כּמעט די גאַנצע דריַי צענדליק יאָר האָט דער סעמינאַר זיך באַ־מיט צו זיַין אַ העברעיִש־יִדישער (אָדער יִדיש־העברעיִשער, עס איז אַ קנאַפּער חילוק אינעם סדר פֿון די ווערטער). עס איז נישט אָנגעקו־מען לייַכט: עקסטרעמיסטן פֿון ביידע שפּראַכן האָבן תּמיד געהאָט

טענות, אָבער ער איז געגאַנגען זײַן וועג: העברעיִש־ייִדישע לע־רערס האָט ער אויסגעבילדעט. די „מדרשה העבֿרית" איז לכתחילה באַשאַפֿן געוואָרן צו זײַן אַן „עבֿריתדיקער" אינסטיטוט, על טהרת העבֿרית. איך זע אין דעם ווײַט נישט קיין עבֿירה קעגן ייִדיש. עס איז בפֿירוש וויכטיק, אַז אַזאַ אינסטיטוט זאָל זײַן און פֿאַרבלײַבן; עס מעג זײַן אין אונדזער ייִשובֿ אַ ספּעציאַליזירטער אינסטיטוט פֿאַר העברעיִשער קולטור. איז דאָך פֿאַראַן בײַ אונדז אַ קולטור־קאָנגרעס פֿאַר ייִדיש, דאַכט זיך? איז דאָך פֿאַראַן אַ „ייִוואָ"? פֿאַר וואָס זאָל נישט זײַן קיין העברעיִשער קולטור־אַנשטאַלט?

אָבער העגנגט אים, למען השם, נישט אָן קיין פּעדאַגאָגישע אויפֿ־גאַבע, התחייבֿותן אויסצובילדן לערערס פֿאַר ייִדיש־העברעיִשע שולן. אונדזער ייִשובֿ האָט אין אַ פּראָצעס פֿון יאָרצענדליקער אויסגעפֿו־רעמט אַ שטייגער פֿון אַ ייִדיש־העברעיִשן שולוועזן, דאַרף ער האָבן פֿאַר דעם צוגעפּאַסטע לערערס „מעור אחד", ווי דער סעמינאַר האָט אונטער מײַן דירעקציע אַרויסגעגעבן אין די לעצטע 25 יאָר. די מדרשה וועט עס נישט קענען. מעג מען דאָרטן אײַנשטעלן אָבלי־גאַטאָריש דעם לימוד ייִדיש — וועט עס דאָרטן זײַן אַ פֿרעמדע שפּראַך. דאָס איז אין דער סבֿיבֿה, אין דער טראַדיציע פֿון אַנשטאַלט, און דאָס לאָזט זיך נישט איבעראַנדערשן דורך פּראָגראַמען.

בקיצור: דער פּלאַן צו מאַכן פֿון לערער־סעמינאַר אַ געווינט־לעכע מיטלשול און איבערגעבן דער מדרשה דאָס אויסבילדן לערערס סײַ פֿאַר אָנהייבשולן, סײַ פֿאַר מיטעלע, איז אַ טעות, ווײַל ס'איז נישט מעגלעך אַז פֿון דער מדרשה זאָלן אַרויסקומען גוט־צוגעגרייטע פּראָפֿעסיאָנאַלן פֿאַר ביידערליי גאָר פֿאַרשיידענע אַרבעטן, און דער־צו איז אויך נישט מעגלעך אַז די דאָרטן פֿאָרמירטע לערערס זאָלן זײַן העברעיִש־ייִדישע, אינעם גײַסט פֿון אונדזער שולוועזן. ס'וועט אַרויסקומען געפֿעלשט; נישט בכּוונה געפֿעלשט, נאָר תּוכיק.

און אין דערציִונג־ענינים זײַנען אַזעלכע זאַכן נישט דערלאָזלעך, אַפֿילו ווען זיי קומען מיט די בעסטע כּוונות.

„די אידישע צײַטונג", 20סטער מאַרץ 1969

# דער דרך הטבע אינעם „על הניסים"

פורים און חנוכה זײַנען, צווישן אַלע אַנדערע ימים־טובֿים אונדזערע, די צוויי וואָס זייער גאַנצער מהות איז פֿאַרבונדן מיט ניסים. און נישט דערפֿאַר ווײַל אין ביידע ימים־טובֿים זאָגט מען אין דער שמונה־עשׂרה און באַלד נאָכן עסן „על הניסים"; אַ תּפֿילה אַזאַ וואָס איז גיכער אַ האַלב ליטורגישער רעזומען פֿון דער היס־טאָרישער פּאַסירונג וואָס האָט גורם געווען מען זאָל באַשטימען דעם שייכדיקן יום־טובֿ אין דער דאַטע, נײַערט אומגעקערט: ביידע יום־טובֿים מערקן־אָפּ אַ פּאַסירונג וואָס אויבנאויפֿיק זעט זי אויס טאַקע ווי אַ נס, דורך וועלכן דער עצם קיום פֿון פֿאָלק איז אָפּגע־ראַטעוועט געוואָרן פֿון אַ גאָר נאָענטער סכּנה פֿון אויסראָט, און מען האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק אויך ליטורגיש אַרויסצוהייבן דעם נס, דורך וועלכן די רעטונג איז געשען.

און אַז איר טראַכט ערנסטער און טיפֿער אַ ביסל וועגן די ני־סים פֿון חנוכה און פּורים, ווי אַזוי דער „על הניסים" איז געקומען — קומט מיר אויפֿן זכּרון אַן אַלטע חסידיש־מתנגדישע מעשׂה:

זיצן צוזאַמען אַ חסיד און אַ מתנגד אין דעם טאָג פֿון י"ט כּסלו. דער חסיד, אַ ביסל פֿאַרשניאָשקעט: עס איז דאָך עפּעס אַ יום־טובֿ; אין דעם טאָג האָט מיט יאָרן און יאָרן צוריק דער קייסער פּאַוול דער ערשטער באַפֿרײַט פֿון תּפֿיסה דעם „אַלטן רבֿ" רבי שניאור־זלמן שניאורסאָן, זכר צדיק וקדוש לבֿרכה. טאָ ווי מאַכט מען נישט אַ לחיים לעלית נשמתו, אַפֿילו מיט אַ מתנגד... און צווישן איין גלעזל משקה און דאָס צווייטע, דערקלערט דער חסיד דעם מתנגד די גאַנצע פּרשה פֿונעם נס: דער רבי, נשמתו עדן, איז גע־זעסן אין תּפֿיסה שוין לאַנג, איבער אַ מסירה, מען זאָגט — פֿון

מתנגדים. איז ער געזעסן אין אַ פֿינצטערער תּפֿיסה און געלערנט אויסנווייניק. איז געקומען אַ מלאך צום קייסער פּאַוועל צו חלום, אין שלאָף אין סאַמע בחצי־הלילה און האָט אויף אים אָנגעשריִען: „זאָלסט תּיכף באַפֿרייַען מייַן זון, דעם רבין שניאור־זלמן". איז דאָך פּאַוועל אַ גוי, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט אויף דער צווייטער זייַט און פּאָפּט ווייַטער. איז דער מלאָך נישט פֿויל און האָט תּיכף ווידער אויפֿגעוועקט, דורך אַ שאַרפֿן חלום, דעם קייסער פּאַוועל. „ובהשנות החלום", אַז דער חלום האָט זיך איבערגעחזרט, האָט פּאַוועל דער ערשטער זיך שוין דערשראָקן; ער האָט געהייסן מען זאָל אויפֿוועקן פֿון שלאָף זייַן משנה למלך, דעם גראַף פּאַלען, און האָט אים פֿאַראָרדנט מען זאָל תּיכף באַפֿרייַען פֿון תּפֿיסה דעם בעל־התּניא. דאָס איז געווען אין דער נאַכט פֿון י"ט כּסלו... אַ נס: „נס גדול היה שם", פֿייערן מיר יעדן יאָר דעם נס.

דאָס איז, משמעות, דעם חסידס י"ט כּסלוודיקער „על הניסים".

זיצט דער מתנגד, הערט־אויס די מעשׂה, גלייַך ווי אַ נייַע, און שמייכלט. און ער רופֿט זיך אָפּ צום חסיד:

— איך האָב דאָך אָבער געהערט עפּעס גאָר אַן אַנדער נוסח. מען דערציילט אַז אַ גרויסער גבֿיר פֿון די מקורבֿים פֿונעם רבֿ ז"ל, אויב איך בין זיך נישט טועה איז דאָס געווען ר' מענדל וויטעבסקער, האָט געגעבן דעם גראַף פּאַלען הונדערט טויזנט גאָלד־דוקאַטן שוחד, ער זאָל באַפֿרייַען דעם אַלטן רבֿ...

— חכם איינער! — רייַסט אים איבער דער חסיד — וואָס זשע האָסטו געוואָלט, ער זאָל אים באַפֿרייַען חינם אין כּסף, אָן כּאַבאַר... ווי שיקט זיך עס; גראַף פּאַלען איז דען געווען אַ משוגענער? יעדער נס מוז קומען בדרך הטבֿע... אָבער דער חלום איז געווען אַ חלום, דער קייסער אַ קייסער און דער מלאָך אַ מלאָך און דער נס איז אַ גוואַלדאָוונער נס... מען האָט באַפֿרייַט דעם רבין פֿון תּפֿיסה.

אַזוי איז: אַ נס איז טאַקע אַ נס — אָבער תּמיד קומט ער בדרך הטבֿע, און אַזוי איז עס אויך מיט דעם נס פֿון פּורים און מיט דעם נס פֿון חנוכּה. און דער דרך־הטבֿע אין די ניסים פֿון ביידע ימים־

טובים איז באמת אַ ביז גאָר פשוטער און אַ קלאָרער צו פאַרשטיין. אין בײדע פאַלן איז דאָס פאָלק געשטאַנען פאַר דער סכּנה פון אומקום. אין חנוכּה האָט דער שונא פאַרפאָלגט דעם גײַסטיקן אומקום, וואָס בײַ אונדז ייִדן איז דאָס אַלץ אײנס ווי פיזישער אומקום, ווײַל עס בלײַבן לעבן מענטשן, אָבער ייִדן קומען־אום. און אין פורים איז די סכּנה געווען דירעקט פיזיש אויסגעראָטן צו ווערן, אַזוי ווי אין אונדזער דור בײַ היטלער, ימח שמו וזכרו. דער דעקרעט וואָס המן האָט געלאָזט אונטערשרײַבן דעם מלך טיפּש, האָט בפירוש פאַראָרדנט „להרוג ולהשמיד ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן, טף ונשים" — פאַרטיליקן, אויסהרגענען און אומברענגען אַלע ייִדן פון יונג ביז אַלט, קינדער און װײַבער — אַן אמתער גענאָסיד, אויף אונדזער איצטיק לשון געזאָגט...

נו, ווען אַ פאָלק שטייט בײַם ראַנד פון אומקום, זוכט עס זײַן רעטונג דורך אַלע מיטלען: אויך דורך אומגעווײנטלעכע און איר־סערנאַטירלעכע. און אַלע זײַנען ניסים; אַלע קומען זיי, אָבער, בדרך הטבע.

איז אין חנוכּה דער דרך הטבע געווען אַ פאָלקס־אויפשטאַנד, אָנגעפירט דורך די חשמונאים. עס איז געווען אַ מלחמה פון פאַר־צווייפלונג, געפירט דורך פאַרצווייפלטע; און אין אַזאַ מין מלחמה, ווען מען האָט קיין ברירה נישט, מוז מען זיגן. איז געשען דער נס פון דעם מוז. דאָס איז פולשטענדיק בדרך־הטבע, אָבער אַ נס איז עס פאָרט.

אין פורים איז די זעלביקע מעשה, נאָר אַ ביסל אַנדערש. חנוכּה איז געשען ווען דאָס פאָלק איז געזעסן אויף זײַן אייגן לאַנד, און דערפאַר איז גענוג געווען ס׳זאָל געשען אַ נס דורך אַ נאָרמאַ־לער מלחמה. פורים איז אָבער געשען אין אַ תפוצה, און דאָ האָט דער דרך־הטבע פון וועגן נס געדאַרפט געשען אויף אַן אַנדער אופן: טאַקע נס, אָבער אין גאַנצן בדרך הטבע.

דהײַנו?

דער דרך־הטבע קען לײַכט פאָרמולירט ווערן דורך אַ פראַגע־

ציזיש פֿאָלקסוואָרט: „שערשע לאַ פֿאַם״ — זוכט די פֿרוי. אין אַלץ איז זי דער עיקר. טאַקע אַחשוורוש האָט נישט געקענט שלאָפֿן, און מרדכי האָט געוווּסט סודות וועגן אַ פֿאַרשווערונג וכו׳... אָבער דער עיקר איז די פֿרוי, און אסתּר המלכּה האָט עס אויסגעפּועלט די ישועה. אין גאַנצן בדרך הטבֿע, אָבער דאָס פֿאַרמינערט נישט די חשיבֿות פֿונעם נס און זײַן קערן. וואָרעם עס האָט דאָך געקענט געשען אַ קליין ביסעלע אַנדערש: אַז המן זאָל אַלץ גרייטן און אַלץ אויספֿירן, ווי עס שטייט באַשריבן, גראָד ווען קיין ייִדישע מלכּה איז נישטאָ און קיין הויפֿייִד וואָס ווייסט סודות אויך נישט...

וואָס זשע מיינט איר, וואָלט דאַן געשען?

וואָלט געמוזט געשען אַ נס אויף אַן אַנדער דרך הטבֿעדיקן אופֿן...

*

אויב מיר זאָלן פֿאַרגלײַכן ביידע על־הניסימדיקע ימים־טובֿים, וועט זיך לאָגישערווײַז באַקומען אַז פּורים איז, באמת, געווען מער נס ווי דרך־הטבֿע און חנוכּה, ווידער, איז געווען אַ סך מער דרך־הטבֿע ווי נס.

אפֿשר באַשטייט דער נס פֿון חנוכּה אין דעם גופֿא, וואָס ייִדן האָבן גענומען דאָס געווער פֿון מלחמה אין האַנט, נאָך דעם ווי זיי זײַנען בערך דרײַ הונדערט יאָר געזעסן שטיל און נישט געטראַכט פֿון זעלבשטענדיקייט. דאָס איז, דענק איך, דער נס. דאָס אַנדערע, דאָס זיגן, איז דער דרך־הטבֿע פֿונעם נס. יענע ווײַטע תּקופֿה פֿון מיט כּמעט צוויי טויזנט הונדערט יאָר צוריק, איז אין אַ סך פּרטים ענלעך צו דער תּקופֿה פֿון אונדזער דור: דער בריטישער מאַנדאַט איבער ארץ־ישׂראל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער באַלפֿור־דעקלאַראַציע — דאַן אַ כּורש־דעקלאַראַציע — וואָס באַלד נאָך דעם זײַנען געקומען פּרוּוון פֿון חרטה און פּרוּוון אונטערצודריקן די ייִדן אין לאַנד, און דאָס האָט געפֿירט לכתחילה צו אַן אויפֿשטאַנד לשם פֿאַרטיידיקונג און געענדיקט האָט עס זיך מיט... אומאָפּהענגיקייט. און דער נס איז, הײַנט ווי אַמאָל, געווען דער זעלביקער:

ייִדן האָבן זיך באַצייטנס גענומען צו מלחמה... נאָך דעם האָט דער זיג שוין געמוזט קומען.

*

און אפשר קען מען, צוריק געשמועסט, אָנווענדן די אייגענע מאָס אויף דעם נס פון פורים?

ייִדן אין די גלותן האָבן זעלטן ווען געפירט אַן אָפענעם קאַמף קעגן זייערע פייַנד, און אויב זיי האָבן שוין יאָ גענומען געווער אין האַנט צו פאַרטיידיקן זיך, איז דאָס העכסטע בייַ זיי געווען — אָפּ־ווערקאַמף. אַליינשוץ, נישט מער ווי אַליינשוץ. חלילה נישט קיין אָנפאַל מיט וואָפן אין האַנט קעגן דעם בלוטיקן שונא. פורים איז דער ערשטער פאַל אין אונדזער געשיכטע, דאַכט זיך מיר, פון זעלבסטפאַרטיידיקונג. דער ערשטער פאַל בכלל פון זעלבשוץ אין אַ ברייטן נאַציאָנאַלן פאַרנעם און נאָך מער — דער ערשטער און אפשר איינציקער קאַמף אין גלות, וואָס איז פון זעלבשוץ פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַן אָנגריף־קאַמף קעגן דעם שונא, וואָס האָט געהאָפט אומצוברענגען די ייִדן...

עס זעט באמת אויס מאָדנע, אָבער פונקט ווי אין קרילאָווס באַרימטן משל, האָט מען די מוראַשקעס און כלערליי קליינע פּלי־געלעך דערזען און דעם העלפאַנט האָט מען נישט דערזען, נישט באַמערקט. כ'מיין עס לגבי דעם מהות פון דעם ניסימפולן פורימ־דיקן יום־טובֿ: וויפל מען האָט נישט צעדרשנט, צעשריבן און אין פורים־שפּילן צעשפּילט וועגן די ניסים פון דעם אָ יום־טובֿ, און דעם סאַמע תוך־ענין האָט מען נישט באַמערקט; און ער איז, דאַכט מיר, אַזוי קלאָר און אויגנשייַנלעך אָנגעוויזן אין דער מגילה גופא, אין פיל פסוקים פון די קאַפּיטלען ח' און ט': דער תוך־ענין איז „לעמוד על נפשם" — זעלבשוץ און אַקטיווע פאַרטיידיקונג דורך אָנגרייַפן די שונאים. ווי זאָגט אין דער מגילה (קאַפּיטל 8, פסוק א'): „להקהל ולעמוד על נפשם, להשמיד, להרוג ולאבד את כל חיל עם ומדינה הצרים אותם" (זיך איינזאַמלען און זיך איינשטעלן פאַר

זייער לעבן; פֿאַרטיליקן, הרגענען און אומברענגען דעם חייל פֿון יעטוועדער פֿאָלק און מדינה וואָס וועלן זיי איבערפֿאַלן).

קלאָר: דאָס איז די ערשטע אַקטיווע און אַפֿילו פּרעווענטיווע פֿאַרטיידיקונג־עפּאָפּיי אין אונדזער גלות־געשיכטע, און אַז ייִדן זאָלן עס קענען באַווײַזן און — נאָך מער רבותא — פֿון זעלבשוץ אַרי־בערגיין אין אַ גלות־לאַנד צו אָפּענעם אָנגריף־קאַמף קעגן די בלוט־הינט, די נאַציס פֿון יענער צײַט, — דאָס איז באמת אַ גרויסער, גרויסער נס... און נישט סתּם אַ גרויסער נס, נאָר אַ נס בתוך נס.

אַ קעניג זאָל געבן ייִדן אַ דערלויבעניש זיך צו פֿאַרטיידיקן — זעט איר, רבותי, דאָס איז דער גרעסטער נס וואָס האָט געקענט טרעפֿן ייִדן אין די גלותן אין יענער תּקופֿה, ווײַל תּמיד און אומעטום פֿלעגט די מאַכט פֿונעם לאַנד האַנדלען אומגעקערט: דערלויבן די שׂונאים צו באַפֿאַלן ייִדן און פֿאַרבאָטן ייִדן צו פֿאַרטיידיקן זיך. אַפֿילו מלכות בריטאַניע (און מיר פֿאַראַלעליזירן ווידער דאָס פֿאַרצײַטיקע מיט דעם לעצטנס געשעענעם), ווען עס האָט רעגירט אין דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישׂראל דער ייִדישער שני למלך, האָט דאַן שטרענג פֿאַר־באָטן ייִדן זיך צו פֿאַרטיידיקן קעגן די אַראַבער, ווען זיי האָבן, באַלד נאָך די האָניק־יאָרן פֿונעם מאַנדאַט, געמאַכט אַ פּאָגראָם אין ארץ־ישׂראל.

דער „על הניסים” באַצייכנט, בכן, צוויי דאַטעס אין וועלכע נס און דרך־הטבֿע זײַנען אַזוי ענג פֿאַרבונדן, אַז מען קען נישט קלאָר אָפּ־גרענעצן איינס פֿונעם צווייטן, ווי דאָס טרעפֿט, אַגבֿ, אין אַ סך אַנ־דערע מאָמענטן פֿון אונדזער געשיכטע און פֿון דער הײַנטיקער צײַט.

# תוכן



## גוואַראַניער לעגענדעס



## עסייען און אַרטיקלען

